אפרים קישון

# קישון



ספרית מעריב

# דו לאַכסט?

## שטראַלדיקע הומאָרעסקעס




צייכענונגען: שמואל בק

# אינהאַלט

# פאַרט אַ ייִד קיין ארץ־ישׂראל...

מיט אַ סך אויפדערנאַכטן צוריק — שוין אַוועק, ברוך השם, זינט דעמאָלט אַ קיימא־לן פון 25 יאָר — האָט צום פּאָרט אין חיפה זיך דערשלעפּט די אויסגעדינטע שקלאַפנשיף „גלילה", וואָס האָט געבערענגט אויף זיך אַ ריזיקן טראַנספּאָרט נייע עולים. צווישן די דאָזיקע עולים האָט זיך אַרומגעדרייט איינער אַן אָפּגעצערטער און דערשראָקענער פאַרשוין, און אויב כ'האָב קיין טעות נישט, בין איך דאָס געווען אָט יענער יונגערמאַנטשיק. ס'איז געווען שוין שפּעט, און אַ גערדיכטע פינצטערניש האָט איינגעהילט דעם ליידיקן פּאָרט. אמת, גינזבורג פונעם קליטה־אַמט האָט טאַקע אָנגעזאָגט דעם טויער־וועכטער, אַז היינטיקע נאַכט וועלן זיך יאַוועז נייע עולים, און דער אַלטער וועכטער האָט טאַקע איבערגעלאָזט עפּעס אַ צעטעלע פאַר צבי דעם רויטן, אָבער איידער וואָס־ווען איז צבי דער רויטער אַוועק אַהיים מיט די שליסלען אין קעשענע און האָט אונדז געלאָזט אויף הפקר, אָן אַ מדינה. די עולים האָבן זיך באַזעצט פאַראומערטע אויפן דעק, טאַקע אויף די אָנגעשפּיקעוועטע רענצלעך זייערע.

אַלע האָבן מיר געקוקט איבער די פאַרענטשעס אויפן נייעם היימלאַנד, און די אויגן אונדזערע האָבן דאָרט גענישטערט אַ ווינקעלע פאַר זיך. יידן מיט אַ סוחרישן ניוף זענען געזעסן האָפּערדיקע אויף קופערטן, וואוהין זיי האָבן באַצייטנס אריינגעפּאַקט צוויי הונדערט טויזנט נעגל־בערשטלעך, מחמת ממש אין דער לעצטער רגע האָט זיך פאַרשפּרייט אין דרום־איטאַליע אַ קלאַנג, אַז מיט נעגל־בערשטלעך זשויבט מען אין ישׂראל גאָלד. אַ צעצווייגטע משפּחה פון פּוילן האָט געשלעפּט אַ באַרג קלויסטערליכט צוליב אַ פאַנטאַסטישער קאָמבינאַציע. אויך איך בין נישט געקומען מיט ליידיקע הענט: כ'האָב באַוויזן איינצוהאַנדלען אין ווינער ראָטשילד־שפּיטאָל אַן אויסגעדינט קעשענע־מאַשינדל, וואָס מאַכט באַקאַליט־קנעפּלעך — אַן עלעקטריש מזיקל, וואָס שפּייט אויס צוויי קנעפּלעך אין אַ מינוט. ערשט לאחר המעשׂה האָט מיר די מומע עלקע פון טבריה מודיע געווען, אַז איצט לוינט זיך אין ישׂראל בלויז אויסצואַרבעטן פּעניצילין, אָדער צו מאַכן אַ לעבן פון זיין אַ טויכער אין ים פון אילת. אַ שאָד, כ'לעבן, וואָס מיר האָט קיין צייט נישט געסטייעט צוצוגרייטן זיך פאַר דער מומע עלקעס שמאַלצגריבער.

אַקעגן זשע האָט מיר דער פעטער יאַנקל צוגעזאָגט, אַז ער וועט מיך פאַר־זאָרגן מיט פּרנסה אין אַ תל־אביבער אויטאָמאַטן־רעסטאָראַן. „געדענק נאָר דעם עיקר — שרייבט דער פעטער — היט זיך פאַר אַ קיבוץ ווי פאַר פייער, וואָרעם דאָרט רעדט מען נישט אַנדערש ווי עברית. עס לוינט זיך ביז גאָר, צו זיין אַ ציוניס־

טישער עסקן. ווער ס׳ווייזט אַ צעטעלע פון דער ליליענבלום־גאַס צי פון נחלת בנימין,* קריגט לייכט אַ הלוואה״. אַ פאַקט: אין שלאָפזאַל פון „גלילה״ האָבן זיך באַזעצט מאַקס נאָרדאוס צוועלף געוועזענע סעקרעטאַרן.

נאָך שווימענדיק אויפן ים האָט זיך מיר איינגעגעבן איינצוקנעלן די ערשטע אותיות פונעם אלף־בית. אויף דערקענען די למד בין איך אַ מאַדים. כ׳האָב אויך אַריינגעפּאַקט אינעם מוח מיינעם דאָס העברעיִשע דרייערל „שלום, תודה, ברוך הבא״. אין די לעצטע טעג פון דער נסיעה האָט מיר אַפילו אָפּגעגאָלטן צו פרעגן די חלוצים וואָס האָבן געהאָפקעט אָן איבעררייס אין דער דריטער קלאַס: „מה שעה? חברה, ענטפערט מיר אָבער אויף אונגאַריש...״ וואָס ווילט איר נאָך? כ׳האָב שוין פאַרשטאַנען אויף אַ העלפט דעם פאַרנעפּלטן זאָג: „בסדר, גזוז״ (גוט, גיט מיר אַ סאָדע). איך בין געקומען מיטן ערשטן טייל פון גורס ווערטערבוך וואָס דערגרייכט דאָס אות מים.

די צוקונפט האָט אונדז אויסגעזען אַ שטראַלנדיקע, הגם די קעסט אויף דער שיף איז נישט געווען איי־איי־איי, וואָרעם דוב יוספס (דער דעמאָלטיקער פינאַנס־מיניסטער) מאָגערע האַנט האָט אונדז געכאַפּט אויפן ים. צו די וואָכעדיקע מאָלצייטן האָט מען אונדז דערלאַנגט פיש־פילע און שוואַרצע איילבירטן, שבת און יום טוב האָט מען אונדז מכבד געווען מיט פיש־פילע און גרינע איילבירטן. איידער די שיף האָט פאַראַנקערט האָט מען אונדז באַשאַנקען מיט פיש־פילע און אַ באַרנע. פון דעסטוועגן האָט אונדזער גייסט זיך נישט איינגעבראָכן, און מיר האָבן אַפילו התלהבותדיק געזונגען, מיט גרייזן, „צנע, צנע״. דער רב פון דער שיף האָט אונדז געטרייסט מיט אַ פסוק פונעם חומש: „נישט אויף ברויט אַליין לעבט דער מענטש״, און פאַר איין וועגס האָט ער געזאַמלט נדבות פאַר אַ פאַרזעסענער יתומה...

די היץ האָט אונדז שטאַרק דערקוטשעט, ביז וואַנען מען האָט אונדז געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דאָס איז בלויז אַ מין פּיכטקייט אַזאַ. נו, איז אונדז טאַקע לייכטער געוואָרן. פון דעסטוועגן האָט דאָס אונדז נישט אָפּגעהאַלטן פון שעלטן אויף כלערליי לשונות, חוץ העברעיִש, דעם דזשוינט, וואָס האָט אונדז פאַרשלעפּט אין אַזאַ שטי־קעניש. אַ קאַפּעלע היסטעריע שאַט קיין מאָל נישט בעת אַ מאַסן־עליה. אַט, למשל, האָבן זיך צעשרויפט די נערוון ביי איינעם אַ קאָלעגע אונדזערן פון סלאָוואַקיע, ווייל ער האָט נישט באַוויזן צו געפינען דעם נייעם שוכלעפל זיינעם. בשעת ער האָט געגנבעט די עסטרייכישע גרענעץ האָט אָט דער פאַרשוין אַ נדר געטאָן, אַז אויב ער וועט דערלעבן צו דערגרייכן פּאַלעסטינע, אַפילו אין איין העמד, וועט עס אים נישט אַרן אויף אַ האָר. דערזעענדיק ביי דער גרענעץ די רוסישע וואַכזעלנער, האָט ער מוותר געווען אויפן איינציקן העמד אויך, און בעת די איטאַליענישע פּאָליציי האָט זיך געבאַברעט אין די טרפהנע פּאַפּירן זיינע, האָט ער געכליפּעט אין האַרצן: „ריבונו של עולם, ראַטעווע מיך, כאָטש מיטן נאַקעטן לעבן!״. היינט, אָבער, שטעלנדיק אַ פוס אינעם ערשטן ייִדישן פּאָרט, צינדט זיך אָן דאָס פנים זיינס.

---

* דאָרט געפינט זיך די תל־אַביבער שוואַרצע בערזע.

ווי ביי אַ גזלן צוליב אַ שוכלעפל און ער ריטשעט: „זאָל בן־גוריון אַליין קומען און זען, וואָס דאָ טוט זיך!". דער אַלטער איז אָבער נישט געקומען...

צוויי שעה שפּעטער האָט זיך אַרויפגעדראַפּעט אויף „גלילה" איינער אַ בכבודי־קער פאַרשוין פון דער סוכנות און האָט אונדז אַנטקעגנגעטראָגן דעם גרוס פון גליל. אַלע האָבן מיר געזונגען די „התקווה" — לעת עתה אָן ווערטער — און דער סוכנותניק האָט פלאַמפּייערדיק דיריגירט. דערנאָך האָבן מיר אים אַ פרעג געטאָן: „וווּ וועלן מיר וווינען?". אַ טייל פונעם עולם האָט זיך איינגעשפּאַרט: דווקא אין תל־אביב, אָבער אַנדערע זענען איינגעאַנגען אויף אַ פשרה: רמת־גן...

די סוחרישע ספּעציאַליסטן האָבן נאָכגעפרעגט אויפן מקח פון נעגל־בערשטלעך דאָ אין לאַנד און זיי זענען געבליבן דערשיטערט פון דער תשובה: „נעגל־בערשטלעך זענען ביי אונדז בלאָטע שבבלאָטע. נישטאָ קיין צייט צו פּוצן די נעגל". דער פּוילישער משפחה מיט די קלויסטערליכט איז גאָר פינצטער געוואָרן אין די אויגן, און די עולים האָבן דערלעבט אַ נקמה אין די דאָזיקע קלויסטער־פאַרזאָרגערס.

— וואָס קאָסט, אַ שטייגער, אַ דירה, פיר אויף דריי מעטער, מיט אַ קיך? — איז מען אָנגעפאַלן אויפן דעלעגאַט פון אַלע זייטן.

— שהחיינו וקיימנו והגיענו לזמן הזה — האָט דער ייִד געענטפערט מיט פאַרגלייזטע אויגן.

נו יאָ, דאָס האָט מען דאָך געוווּסט, אַז אייגענע פיר ווינקלעך אין ישׂראל זענען אַ פוסטער חלום. דער האַלבער מיליאָן עולים, וואָס האָבן זיך ווי אַ מבול אַריינגעגאָסן אין דער מדינה, האָבן פאַרשטאָפּט אַלע לעכער. מען האָט אונדז דערציילט, אַז אין פּתח־תקווה דינגען נייע עולים, אָן שליסלגעלט, טויבנשלעק, אין דער גרייס פון אַנדערטהאַלבן אויף אַנדערטהאַלבן מעטער, פאַר אַ שיבוש פון צוועלף פונט אַ חודש, איינשליסנדיק צוויי פונט לייטערגעלט. איינער פון אונדז האָט געקויפט אַן אָפּגע־נוצטן ליפט פון אַן אַראַבישן האָטעל אין יפו, און מיר אַלע זענען צעזעצט געוואָרן פאַר קנאה: אַ טרפהנער מזל — נאָר וואָס אָנגעקומען, און שוין אַריין אין אַן אייגענעם ליפט. ער אַליין האָט זיך געגרויסט, אַז אַלע קנעפּ אין דער דירה זענען בסדר.

וואָס שייך מיר, האָבן זיך אָנגעבאָטן דריי ברירות: 1) זיך באַזעצן אין אַ כמעט נייעם פּחון (אַביידל פון בלעך), אין דער מעברה „שער העליה" לעבן חיפה, אין איינעם מיט אַ לאָקאָמאָטיוו־טרייבער פון טריפּאָלי, וואָס הייסן הייסט ער סאַלאַח און פאַרמאָגן פאַרמאָגט ער וואָסערע 13 לוסטיקע יאַטלעך. 2) דערוווייל זיך אַריבער־פּעקלען צו דער מומע עלקע, וואָס איר שטוב־שותף האָט אַנומלט געקריגן אַן אַפּאָפּלעקסיע און ער קאָן נישט פּראַקטיצירן. 3) דער פעטער יאַנקל, וואָס אויף אים האָב איך געבויט מיין צוקונפט אין נייעם היימלאַנד. אין חוץ־לארץ האָט מען אין די ציוניסטישע קלייזלעך דערציילט וועגן אים נסים ונפלאות. אַ קלייניקייט, געקומען אין לאַנד אַריין ערשט מיט 30 יאָר צוריק, און פאַרמאָגט שוין אַן אייגענעם ראָוער! אַנדערע האָבן אַפילו צוגעלייגט אַז אין פעטער יאַנקעלס קיך שטייט אַן אמתדיקער פריזשידער. צום סוף לאָזט זיך גאָר אויס, אַז דער פעטער וווינט אין פריזשידער און ער צינדט אָן דאָס לעמפל בעת עמעצער עפנט די טיר פונעם

פריזשידער... פון די דריי ברירות האָב איך אויסגעקליבן סאַלאַחן און די מעברה, מחמת דאָרט זענען נישט פאַראַן קיין קרובים.

ביז ווען און וואָס האָט זיך אָפּגעפונען אין פאָרט צבי דער רויטער. ער איז נישט נעלם געוואָרן, ווי מען האָט אומזיסט חושד געווען, ער איז פשוט אַוועק ערגעץ כאַפּן אַ קאַלטן טרונק. סוף כל סוף האָט מען אונדז דערלויבט אַראָפּצונידערן פון דער שיף און זיך אויסדרדן אין אַ ריי אויפן דאָק. דאָרט האָט עמעצער אַוועק־געשטעלט אַ טישל, איבער וועלכן ס׳האָט זיך געהוידעט אַן עלעקטריש לעמפּל, אָנגעטשעפּעט מיט אַ דראָט אויף אַ סלופּ. אונטערן לעמפּל האָט זיך באַזעצט אויף אַ צוקער־קעסטל אַן עלטערער, אויסגעצערטער פּקיד, אָנגעטאָן אין כאַקי, כולו יידיש און פון די „וותיקים״. די הערצער ביי אונדז זענען געוואָרן פאַרציטערטע פון התפעלות. פאָרט דערלעבט צו שטיין צום ערשטן מאָל אין דער ריי אין אונדזער אייגן לאַנד! ס׳האָט נישט גענומען מער ווי עטלעכע שעה, ביז אויך איך האָב זוכה געווען צו דערגרייכן דאָס ישועה־טישל. דער סוכנות־מענטש האָט אַריבערגעקוקט איבער די ברילן אויף דער שפּיץ נאָז און געוואָרפן אויף מיר אַן אומעטיקן בליק.

— קישהאָנט פערענץ — האָב איך אַנטפּלעקט דעם אמת.

דער ייד וואָס ביים טיש האָט געפרעגט, אַ קאַפּעלע נערוועז:

— וועלכער פון אָ־די צוויי איז עס דער משפחה־נאָמען אייערער?

— קישהאָנט.

— קישון — האָט געבורטשעט די מלוכה־מאַכט צווישן די רעשטלעך געלע ציין און האָט עפּעס פאַרשריבן פון רעכטס אויף לינקס אויף אַ בלאַנק.

— זייט מוחל, אַדוני, נישט קישון, נייערט קישהאָנט, מיט אַ טית ביים סוף — האָב איך זיך אַריינגעמישט.

— קישון! אייער ערשטער נאָמען?

— פערענץ.

דער אַלטער האָט אויף מיר געגלאָצט פאַרחידושט, אַ בורטשע געטאָן „מה פתאום?״ און פאַרשריבן אין בלאַנק, וואָרטשענדיק: א פ ר י ם.

— ניין, אַדוני, פערענץ — האָב איך געפּרוווט אים פאַרריכטן.

— נישט פאַראַן אַזאַ נאָמען!... דער ווייטערדיקער אין דער ריי!

דוכט זיך, אַז דעמאָלט האָבן מיר ביידע, איך און די מדינה, זיך גענומען שרייבן בשותפות הומאָרעסקעס. און ווער קאָן עס אויפהערן נאָך אַזאַ אַריינפיר?...



# נאַ דיר אַ נאָמען!

ס׳וואָלט גאָרנישט געקומען דערצו, ווען נישט זולצבוים, וואָס האָט אויס־געפונען, אַז דווקא איך בין עס דער פּאַסיקער מענטש. שוין אַ גוזמא מיט צייט זוכט ער, זולצבוים, עמעצן, וואָס מען מעג זיך אויף אים פאַרלאָזן אין פריקרע ענינים. אַנומלט האָט ער זיך מיט מיר געטראָפן און האָט מיר געגעבן קלאָר אָנצו־הערן, אַז ער טראַכט אויפן רעכטן אמת מיך אויסצוקלויבן פאַרן כָּל־וָלָד אין אַ וואַזשנעם עסק זיינעם. קוים דערלעבט דעם אָוונט, האָב איך צו אים געקלונגען און געפרעגט: „נו, וואָס הערט זיך?״ פונעם טרייבל איז אַרויס דער ענטפער: „ס׳הערט זיך וויל, און אויב ס׳מאַכט אייך נישט אויס, כאַפּט זיך אַריבער צו מיר, אַפילו תיכף, און מיר וועלן רעדן תכלית״. איר מעגט זיך אויסמאָלן מיין שׂמחה: אַ קלייניקייט עפּעס, זולצבוים! פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב אים מיניה וביה איבערגעפרעגט, ווו ער וווינט, און זיך דערוווּסט דעם אַדרעס: צפון תל־אביב, העלסינגפאָרס־גאַס 7.

— גוט — האָב איך אַ זאָג געטאָן — אין פינף מינוט אַרום וועל איך זיין ביי אייך.

— זייער אָנגענעם.

הענדום־פּענדום האָב איך זיך אַ לאָז געטאָן אין וועג אַריין, געפאָרן געציילטע מינוטן מיטן אויטאָבוס נומער 5, וואָס גייט קיין צפון. פּלוצעם איז מיר טונקל געוואָרן פאַר די אויגן און איך בין אויף דער נאָענטסטער סטאַנציע אַראָפּ פונעם אויטאָבוס. וואָס איז די מעשׂה? כ׳האָב זיך געכאַפּט, אַז כ׳האָב פּשוט פאַרגעסן דעם נאָמען פון דער גאַס, ווי עס טרעפט אַ מאָל אין דער סופּזומערדיקער דושעניש. איין זאַך האָב איך זיך יאָ דערמאָנט, ווי דורך אַ חלום: אַז די גאַס הייבט זיך אָן מיט אַ פ, אָבער טאַקע נישט מער. נו, בין איך אַריין אין אַ טעלעפאָן־ביידל און כ׳האָב זיך געגומען נישטערן אין טעלעפאָן־בוך, כדי צו דערגיין ווי אַזוי די גאַס רופט זיך, ווייסיך וואָס! קיין סימן נישט פון קיין זולצבוים אויף אַ רפואה, נישט ביים אות ז און נישט ביים אות ס. אַ מזל, וואָס איך האָב דעם נומער ביי מיר פאַרשריבן, וואָרעם אָט דער מענטש, ווייזט אויס, באַהאַלט אויס זיין טעלעפאָן־נומער. טו איך אַ קלינג צו אים און זאָג מיט אַ כלומרשט לייכטן געמיט:

— מר זולצבוים, איר וועט לאַכן. ס׳איז מיר אַרויס פונעם זכרון דער נאָמען פון אייער גאַס.

— העלסינגפאָרס — ענטפערט זולצבוים — פּשוט העלסינגפאָרס.

— גוט, אין פינף מינוט זעט איר מיך.

— זייער אַנגענעם.

אַוודאי בין איך שוין געווען איצטיק מאָל אָפּגעהיט און האָב זיך געהאַלטן אין איין איבערחזרן: העלסינגפאָרס, העלסינגפאָרס. טאַקע באַלד, אין סאַמע מיט צפון, האָב איך אָפּגעשטעלט אַ ייִד און אים געפרעגט:

— האָט קיין פאַראיבל נישט, אַדוני, וואָס איך פאַרהאַלט אייך, ווייסט איר אפשר ווו ס׳געפינט זיך די גאַס...

— אַ שאָד, וואָס איך קאָן אייך נישט דינען — האַקט מיר דער ייִד איבער די רייד — וואָרעם איך בין נישט קיין דאָיִקער, כ׳בין פון עפולה, און אַליין זוך איך דאָ אַרום אַ גאַס, זי הייסט עוזיאל־גאַס.

— עוזיאל־גאַס — זאָג איך — איז מיר ווויל קענטלעך, מחמת מיינס אַ געשוועסטער־קינד האָט דאָרט געוווינט ביז מיט וואָסערע צוויי חדשים צוריק. גייט, זייט מוחל, גלייך פאָרויס, און ביים צווייטן ראָג פאַרנעמט זיך אויף רעכטס.

— לאַנג לעבן זאָלט איר, אדוני. אַגב, וועלכע גאַס זוכט איר?

— איך זוך די גאַס, יאָ, ווי הייסט זי, צו אַלדי רוחות...

הכלל, וואָס זאָל איך לאַנג ברייען,— ווידער אַ מאָל איז מיר דער אויסטערלישער נאָמען אַרויסגעפלויגן פונעם מוח, צוליב דער נאַרישער פּלאַפּלעריי פון אַ־דעם נודניק. איך האָב זיך בלויז דערמאָנט, אַז זי, די גאַס הייסט עס, הייבט זיך אָן מיט אַ סמך, און אַז דער נומער פונעם הויז איז אַכט, צי גאָר עלף. למען האמת לאָמיר מודה זיין, אַז ס׳האָט מיר אויסגעוויזן אַ ביסל פריקרע, פון ס׳ניי טעלעפאָנירן צו זולצבוימען. ווער ווייס, צי ער וועט זיך נישט משער זיין, אַז איך בין אַ מענטש, וואָס האָט אַ טבע צו פאַרגעסן. מיט אַלע כוחות האָב איך זיך געסטאַרעט צו געפינען דעם שאָדן, הגם איך האָב גאַנץ גוט געוווּסט פון אייגענער געניטקייט, אַז בגעוואַלט טוט דער מוח נישט צוליב, און אַוודאי האָט דער מוח אויף איצט זיך איינגעעקשנט. האָב איך געפּרוּווט מיט גוטן: זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טישל אין אַ דערבייִיִק קאַווע־הייזל, געלאָסן און גלייך גאָרנישט, כדי דער שלימזלדיקער נאָמען זאָל אומ־געריכט אויפבליצן אינעם מוח. ווי אויף צו להכעיס, האָט אָבער נישט געבליצט און נישט געדונערט, אַקעגן זשע האָט זיך מיר כסדר געפּלאָנטערט אונטערן היטל שמריה לעווין־גאַס, אָן אַ פאַרוואָס, הגם איך האָב געקענט שווערן, אַז מ י י ן גאַס קער זיך לחלוטין נישט אָן מיט שמריה לעווין, נאָר עפּעס מיט חוץ־לאָרץ. חוץ דעם הייבט זי, די פאַרגעסענע גאַס, זיך אָן מיט אַ למד און נישט מיט קיין שין. בלית ברירה, בין איך צום צווייטן מאָל אַריין אין אַ טעלעפאָן־ביידל און געקלונגען צו זולצבוימען.

— שלום — האָב איך אַ זאָג געטאָן סטאַטעטשנע — איך בין שוין אונטער־וועגנס. זייט אַזוי גוט און זאָגט מיר, וועלכער וועג צו אייך איז קירצער?

— ווו געפינט איר זיך איצט?

— אויף בן־יהודה.

— נו, ס׳איז שוין נישט ווייט פון מיר. פרעגט עמעצן און מען וועט אייך וויזן.

— גוט — זאָג איך — אַגב, ווי אַזוי לייגט זיך עס אויס דער נאָמען פון דער גאַס?

— גראָד ווי מען זאָגט אים אַרויס, פאָנעטיש. וואָס פּלוצעם?

— מיר דוכט זיך — זאָג איך — אַז אין אָט דער געגנט קען קיינער נישט די גאַס. זי איז אַ פּנים נישט קיין אַלטע גאַס.

— אַדרבה, די גאַס פאַרמאָגט שוין אַ באָרד.

— און דאָך — זאָג איך — עפּעס אַ נאָמען, לאַנג ווי דער גלות.

— עס הייבט זיך נישט אָן — ענטפערט זולצבוים — פאַראַן לענגערע נעמען, ווי למשל מתתיהו הכהן-גאַס, שערי-נקנור גאַס, ציִ גאַר עקיבא קאַלנאָמיצערקאַ-גאַס.

— איר זענט גערעכט, אָבער אייער געסלס נאָמען מאַכט איילּיק די ציין.

— רעדט נישט קיין שטותים, מען געוויינט זיך. אָבער, וואָס האָט איר עס זיך אָנגעטשעפּעט אין דער גאַס מיינער?

— גאָרנישט, סתם אַזוי.

— הייסט עס, אַז איר קומט באַלד?

— אַוודאי, אין פינף מינוט אַרום.

— זייער אָנגענעם.

דערמיט האָט זיך דער שמועס פאַרענדיקט. עטלעכע מינוט, מסתמא די ביטערסטע אין מיין לעבן, האָב איך נאָך געוויילט אַ צעטומלטער אין דעם טעלעפאָן-ביידל און געטראַכט כלערליי נאַרישקייטן. די נעמען „מתתיהו הכהן-גאַס", „שערי-נקנור-גאַס", און „עקיבא קאַלנאָמיצערקאַ-גאַס" האָבן זיך ביי מיר טיף איינגעקריצט אין זכרון, הגם, אין תוך געשמועסט, האָב איך זיי געדאַרפט אויף כפרות. פּאַוואָלינקע האָבן די ציטערנדיקע הענט מיינע אויפגעהויבן דאָס טרייבל און די פינגער האָבן אויסגערעדלט זולצבוימס פינף נומערן.

— שלום — האָב איך געשעפּטשעט מיט אַ הייזעריק קול — ווי אַזוי רופט זיך עס די גאַס אייערע?

— העלסינגפאָרס-גאַס, — האָט זולצבוים זיך צעשריגן, — שרייבט תיכף אויף דעם נאָמען!

כ'האָב זיך גענומען נישטערן אין קעשענע, אָבער אַ נעכטיקער טאָג! די פעדער מיינע איז ווי איינגעזונקען אין דער ערד. גיי שרייב מיט די בלויזע פינגער!

— נו, איר שרייבט? — קאָכט זיך זולצבוים.

— וואָדען? אַוודאי שרייב איך!

— געדענקט-זשע — האָט זולצבוים געמרוקעט — העלסינגפאָרס, העלסינג-פאָרס!

מיט כעס האָט ער איבערגעריסן דעם שמועס און נישט מער געהערט די גוטע בשׂורה, אַז אין פינף מינוט אַרום וועל איך מערצעשעם אַריבער דער שוועל פון דער דירה זיינער.

איצט האָב איך שוין אַריינגעקוועטשט טיף אינעם של-ראש מיינעם דאָס אַנשי-קעניש העלסינגפאָרס, עלעהיי דאָס וואָלט געווען דער כישוף-שליסל, וואָס עפנט די אוצרות פונעם גראַף מאָנטעקריסטאָ. אַגב, פאַר וואָס פאַרגעס איך נישט אַ-דעם פריצס נאָמען? כ'האָב זיך געהיט איבערצוחזרן די פריזעריקע פעלערס און זיך גענומען אַריינהעמערן אינעם מוח די פאַרשאַלטענע גאַס לויט דעם רעצעפּט פון דער הגדה: דצך עדש באחב. דאָס מיינט, כ'האָב צעפּיצלט העלסינגפאָרס אויף דרויב,

אָט אַזוי: די ערשטע העלפֿט דערמאָנט בולט העלסינקי, פֿינלאַנדס הויפּטשטאָט. די צווייטע העלפֿט איז נאָך פּשוטער: פּאָרס, כמעט ווי פּיר אויף ענגליש. אַ גימל האָט זיך אַריינגעשטופּט אין דער מיט, דער דריטער אות פֿונעם אלף בית. בפּירוש גרינג, ווי אַ בייגל אויפֿצועסן: העלסינג — אַ גימל + פּיר.

אַ שטיין האָט זיך מיר אַראָפּגעקייקלט פֿונעם האַרצן. אַ רוּקער בין איך אַרויס פֿונעם טעלעפֿאָן־ביידל, זיך אַדורכגעשטופּט מיט די עלנבויגנס צווישן געדיכטן עולם, וואָס אויפֿן סקווער און אַ ווונק געטאָן צו אַ טעקסי. אַ צופֿרידענער האָב איך זיך אַוועקגעזעצט אין אויטאָ אויפֿן רחבותדיקן, לעדערנעם היסב־בעט און געזאָגט דעם שאָפֿער איין און איינציק וואָרט: העלסינגפּאָרס.

— העלסינגפּאָרס — האָט דער שאָפֿער איבערגעחזרט, אַ קוועטש געטאָן ווי מען באַדאַרף, און אָט יאָגט שוין דער אויטאָ ווי פֿייל פֿון בויגן. מעשׂה שׂררה האָב איך זיך אָנגעשפּאַרט אין ווייכן, לעדערנעם רוקן און אָפּגעאָטעמט ווי נאָך אַ קרענק. פֿאַר איין ווענס האָב איך זיך געחידושט, למאי אַזאַ אינטעלעקטואַל פֿון מיין פֿאַרנעם, וואָס געדענקט נאָך די שאלות, וואָס מען האָט אים געפֿרעגט אַ מאָל ביי דער מאַטורע, למשל דעם נאָמען פֿון דער הויפּטשטאָט פֿון טראַנסילוואַניע בעת די רוימער האָבן זי איינגענומען, סאַרמיגעטהושאַוואַ — אַז אַזאַ עלעקטראָנישער מוח זאָל גאָר פֿלוצעם פֿאַרגעסן אַ נאַרישקייט ווי... ווי... ווי...

— אַנטשולדיקט — דרייט זיך אויס צו מיר דער שאָפֿער און פֿרעגט: — ווי הייסט זי, די גאַס, וווהין איר דאַרפֿט?

אַ קאַלטער שווייס האָט מיך באַגאָסן. געוואַלט, כ׳האָב דאָך שוין ווידער פֿאַר־געסן, לחלוטין פֿאַרגעסן! פֿאַרגעדענקט האָב איך בלויז סאַרמיגעטהושאַוואַ. אין יענער רגע בין איך בפּירוש גרייט געווען דעם שאָפֿער צו ממיתן.

— וואָס זענט איר עפּעס — האָב איך זיך צעשריגן — אַן אידיאָט, צי סתם אַ גולם, וואָס פֿאַרגעסט, וווהין מען הייסט אים פֿאָרן?

— אויף עק פֿרישמאַן האָב איך זי נאָך געדענקט — האָט דער שאָפֿער גע־שטאַמלט — כ׳זאָל אַזוי לעבן מיט אייך אין איינעם!

— מילא — האָב איך דעם גרימצאָרן מיינעם געפּענטעט מיט די סאַמע לעצטע כוחות — לאָמיר פֿאַוואַליע איבערטראַכטן, וואָס איר געדענקט נאָך יאָ.

— גאָרנישט — בעבעט דער כלאָפּ — בלויז אַז דער נומער פֿונעם הויז איז 173.

— שטרענגט אייך אָן דעם מוח, אַדוני, פּרוּווט זיך דערמאָנען.

— כ׳ווייס, אפֿשר זינגמאַן־גאַס, זעליגבערגער־גאַס, זאַלמאַנאָווסקי־גאַס? עפּעס באַמבלט זיך מיר אַזוי.

פּלוצעם האָט זיך געטראָפֿן אַ נס און דער גאונישער זכרון מיינער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿונעם היגערפֿלעט. אַ מזל, וואָס כ׳האָב זיך געהאַט איינגעחזרט דאָס פֿאַרזעעניש לויט דער הגדה, בפּירוש אַ נס. נישט אומזיסט האָב איך זיך געמאַכט דריי קנופּן אין מח. די ערשטע העלפֿט איז די הויפּטשטאָט פֿון נאָרוועגיע, דאָס מיינט אָסלאָ. אין דער מיט אַ גימל און צום סוף פֿינף אויף דייטש. קלאָר ווי דער טאָג: אָסלאָגפֿינף!

— אָסלאָגפינף־גאַס נומער 3 — האָב איך אַריינגעשריגן אין דער קאַבינע, ווו עס זיצט דער דאָזיקער טעמבעל — און פאַרט וואָס גיכער.

דער שאָפער האָט תיכף געלאָזן דעם מאָטאָר, און הלך משה מרדכי, מיר פאָרן אין אַ גוטער שעה. אויף אַרלאָזאָראָוו־גאַס שטעלט זיך די טעקסי פּלוצעם אַוועק ווי געפּגרט, און דער שאָפער היקעט: „כ׳מוז אייך זאָגן, ליידער, אַז ס׳איז גאָרנישט פאַראַן אַזאַ מין גאַס״. אין אמתן האָט מיר דאָס האַרץ לכתחילה געזאָגט, אַז אַזאַ גאַס איז לא היה ולא נברא, אָבער זעענדיק, אַז דער שאָפער נעמט זיך פאָרן, האָב איך געטראַכט: טאָמער, אפשר... דער אונטערבאַוווסטזיין מיינער האָט געהאַלטן אין איין אַריינשושקען מיר דעם טעות: נישט אַ גימל צעשיידט די צוויי העלפטן פון דער גאַס, נאָר אַן אַנדער אות, למשל ווי אָסלאָרפינף, ניין, אָסלאָמפינף, ניין...

— נו — פרעגט דער שאָפער שוין אויף אַ העכערן קול — וואָס טוט מען ווייטער?

איך האָב אָפּגעמאָסטן דעם לא יוצלח פון קאָפּ ביז די פיס מיט אַ ביטולדיקן בליק, אים צוגעשליידערט עטלעכע פאַפּירלעך און בין אַרויס פון דער טעקסי. אין דרויסן האָט אַ קיל ווינטל אָפּגעקילט דאָס צעהיצטע געמיט מיינס. איך בין אַריין אין אַ דערבייִיקן טעלעפאָן־ביידל און אָנגערופן זולצבוימען.

— שלום — האָב איך אַ זאָג געטאָן — אָט באַלד וועל איך זיין ביי אייך. אונטערוועגס האָט זיך מיט מיר געטראָפן אַן אויסטערלישע זאַך.

— ה ע ל ס י נ ג פ אָ ר ס — האָט זולצבוים גערעוועט — אָבער איר דאַרפט שוין נישט קומען...

ער האָט איבערגעריסן דעם שמועס מיט כעס. אַזאַ אידיאָט! עס אַרט מיך לחלוטין נישט, וואָרעם מיט אַזאַ פאַרשוין טאָר מען נישט האָבן צו טאָן.

אַרויסגייענדיק פונעם קעמערל האָט מיר אַנטקעגנגעשיינט דאָס שילדל פונעם געסל אויף רעכטס: העלסינגפאָרס־גאַס. מילא, באַשערט געווען אַ צרה. פון דעסט־וועגן האָב איך נישט בדעה ביי די קומענדיקע שטאָטישע וואַלן צו געבן מיין שטים פאַר דעם איצטיקן ראש העיר. סאַראַ חוצפּה אָנצורופן גאַסן מיט אַזוינע משונהדיקע נעמען, ווי למשל... אוי, צו אַלדי שוואַרצע יאָר, שוין ווידער אויסגערונען פונעם זכרון...



# אַ יידישער פּאָקער

זאַלבעצווייט זענען מיר געזעסן, איך און אַרבינקאַ, אין אַ קאַפּעהייזל, אויפן טישל אונדזערן האָבן געפּאַרעט צוויי שעלעכלעך שוואַרצע קאַווע, און ביידע האָבן מיר געטראַכט פונעם נעכטיקן טאָג. כ'האָב געזען, ווי אַרבינקאַ וואַרפט זשעדנע בליקן אויף די זיצערס אַרום די אַנדערע טישלעך און נישטערט באַשיימפּערלעך נאָך עפּעס אַ פּלאָטקעלע פון וואָס צו רעדן, אָבער ס'האָט ביי אים נישט געפּידלט. סיי ביי אים און סיי ביי מיר האָט עס פּשוט אָפּגענומען דאָס לשון. פּלוצעם טוט אַרבינקאַ אַ מאַך צו מיר:

— גוט, לאָמיר שפּילן פּאָקער.

— ניין — האָב איך געענטפערט — איך האָב פיינט קאָרטן.

— ווער רעדט פון קאָרטן? איך מיין אַ יידישן פּאָקער.

באַלד טאַקע איז מיר קלאָר געוואָרן דער עסק. אַ יידישער פּאָקער שפּילט מען אָן קאָרטן, אָן גאָרנישט, רק מיטן קלאָרן מוח, ווי עס פּאַסט זיך פאַרן „עם הספר".

— דו וועסט צוטראַכטן אַ צאָל און איך וועל צוטראַכטן אַ צאָל, און דער, וועמענס צאָל ס'איז אַ העכערע, נעמט די באַנק — האָט מיר אַרבינקאַ געגעבן צו פאַרשטיין — אין פלוג טאַקע זייער אַ פּשוטע זאַך, אָבער אַן אַנגעשפּיקעוועטע מיט כלערליי אויפטועכצער. נו, ווי האַלטסטו דערפון?

— גוט — האָב איך געזאָגט — לאָמיר אויספּרווון איין קאָן.

מיר האָבן אַוועקגעלייגט יעדער פון אונדז פינף גראָש אויפן טישטעך און זיך גענומען פאַרטראַכטן אַ צאָל. באַלד האָט מיר אַרבינקאַ צוגעוווּנקען, אַז ער איז שוין גרייט. דאָס זעלבע האָב איך אים צו וויסן געטאָן, פון זיך.

— נו, גיב לשון! — באַפעלט אַרבינקאַ.

— 11.

— 12 — מאַכט אַרבינקאַ און לייגט זיין יד אויף דער באַנק.

איך וואָלט זיך דעמאָלט געגרן דערלאַנגט אַ פּעסטן פּאַטש; די גאַנצע צייט האָב איך געטראַכט פון 14, און אין דער סאַמע לעצטער מינוט האָב איך זיך באַשלאָסן אויף 11.

— זאָג נאָר, ידידי — האָב איך זיך אָנגערופן — וואָס אַ שטייגער וואָלט זיך געטראָפן, ווען איך וואָלט געטראַכט פון 14?

— אַ שאלה אַ ביסל! דעמאָלט וואָלט איך אָנגעווירן. דווקא דאָס פאַרכאַפּט אַזוי שטאַרק ביים יידישן פּאָקער. קיין מאָל ווייסטו נישט, וואָס עס וועט זיך אויסלאָזן. אויב אַ־דער אַזאַרטשפּיל צעשרויפט דיך, לאָמיר באַצייטנס אויפהערן...

— טשעפּע זיך אָפּ! — האָב איך זיך אַנטקעגנגעשטעלט — לאָמיר נעמען אַ שאַנס אויף אַ צווייטן קאָן און אַריינוואַרפן צו צען גרוש אין דער באַנק.

אַזוי האָבן מיר טאַקע געטאָן, און איצט האָב איך שוין מיט מער ישוב הדעת אויסגעקליבן די צאָל און אויסגערופן: 18!

— צו אַלדי רוחות! — האָט אַרבינקאַ געשאָלטן — איך האָב 17.

כהרף עין האָב איך אַריינגעשאַרט די באַנק צו מיר אין קעשענע און צופרידן געשמייכלט. אַרבינקאָן האָט מסתמא זיך נישט געחלומט, אַז איך וועל אַזוי גיך תופס זיין די חכמה פון יידישן פּאָקער. ער האָט אַוודאי געמיינט, אַז איך וועל אויס־רופן 15, צי אין ערגסטן פאַל 16, אָבער אַז איך בין מסוגל אַריינצווואַרפן אַזאַ ציפער ווי 18 האָט אים דער שׂכל נישט אויסגעטראָגן. אַ פאַרצאַרנטער, האָט ער פאַר־קאָרטשעט דעם שטערן און פאַרגעלייגט אַ נייעם קאָן מיט אַ דאָפּלטן איינשטעל.

— מסכּים, אויף וויפל דיין האַרץ גלוסט! — האָב איך תיכף געענטפערט. אַ האָפערדיקע שׂמחה האָט מיך פאַרכאַפּט, מחמת כ'האָב באַוויזן צו דערטראַכטן אַ פאַנטאַסטישע צאָל: 35!

— נו, זאָג שוין! — באַפעלט אַרבינקאַ, און דאָס פּנים איז ביי אים אָנגעצויגן ווי אַ סטרונע.

— 35!

— 43! — און דער פאַרשוין כאַפּט אַריין מזומנע 40 גרוש. די געבלוטן האָבן מיר אַ זעץ געטאָן צום קאָפּ.

— הער, אַרבינקאַ! האָב איך געשיפעט — פאַר וואָס האָסטו נישט אויסגערופן ביים פריערדיקן קאָן 43?

— ווייל דעמאָלט האָב איך געטראַכט פון 17 — האָט אַרבינקאַ זיך פאַרענט־פערט — אָט דאָס איז דאָך דאָס סאַמע פּיקאַנטע ביי פּאָקער: קיין מאָל ווייסט מען נישט ווען און וווּ.

— אַ פונט! — האָב איך געלאָזט הערן מיט אַ הייזעריק קול און אַ שמיץ געטאָן דאָס פאַפּירל אויפן טישטעך. אַרבינקאַ האָט געלאָזן אַרויסגעצויגן אַ פונט פונעם בייטעלע און אים אַוועקגעלייגט. די געמיטער זענען געווען צערייצטע, און איך האָב אויסגערופן: 54!

— רעמי! — מורמלט אַרבינקאַ — איך האָב אויך פאַרטראַכט 54. איז חזרט מען איבער די שפּיל.

אויף דער הייסער מינוט האָב איך געמאַכט אַ בליץ־קאָמבינאַציע. דו רעדסט זיך מסתמא איין, אַז איך וועל זיך אַרויפדראַפּען בלויז מיט 11 ציפערן, האָט דער מוח ביי מיר געשפּילט, אָבער דו וועסט אַדורכפאַלן, טייערינקער! און איך האָב אויסגעקליבן אַ גאַר הויכע צאָל: 69.

— ווייסטו וואָס? — האָב איך זיך אָנגערופן — דאָס איצטיקע מאָל וועסטו גיין דעם ערשטן גאַנג.

— בכבוד גדול — זאָגט אַרבינקאַ — וואָס איז דער חילוק? מיין צאָל איז 70.

פינצטער איז מיר געוואָרן פאַר די אויגן, און די הענט האָבן ביי מיר גענומען ציטערן.

— נו, — האָט מיך אַרבינקאַ אונטערגעטריבן — לאָמיר הערן די צאָל דיינע!

— איך באַדויער זייער — האָב איך געשעפּטשעט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן — איך האָב פּלוצעם פאַרגעסן...

— ליגנער! — האָט זיך אַרבינקאַ צעשריגן — דו האָסט געטראַכט פון אַ קלענערער צאָל. שעמען מעגסטו זיך!

לכתחילה האָב איך חשק געהאַט אים צו דערלאַנגען אין באַק פאַר אַזאַ געמיינעם חשד, אָבער סוף כל סוף האָב איך אַראָפּגעשלונגען דעם בזיון מיט פאַרביסענע ליפּן, געוואָרפן נאָך אַ פונט אויפן טיש און צוגעטראַכט אַ צאָל, וואָס איז בכוח אַוועקצולייגן אַ העלפאַנט: 96!

— הייב דו אָן, מנוול! — האָב איך געבורטשעט, און אַרבינקאַ האָט זיך אָנגעבויגן איבערן טישל און געשיפּעט צו מיר: 1653!

ס'איז מיך באַפאַלן אַ שוואַכקייט אין אַלע איברים. 1800! האָב איך געשעפּ־טשעט.

— איז קאָנטראַ! — האָט אַרבינקאַ אויסגערופן און אַראָפּגעראַבלט די פיר פונט פונעם טיש.

— וואָס הייסט עס עפּעס קאָנטראַ? — האָב איך געשריגן — סאַראַ קאָנטראַ אויף דיין קאָפּ?

— ביי פּאָקער טאָר מען נישט אַרויס פון די כלים — האָט אַרבינקאַ מיר איינ־געשטילט — ווער ווייסט נישט, אַז קאָנטראַ מיינט טאָפּלט! קלאָר ווי אַ געראָטענער טשאָלנט! זאָג איך קאָנטראַ, פאַרטאָפּלט זיך אַליין די צאָל מיינע.

פאַמעלעך האָב איך אַוועקגעלייגט אַ קנאַקנדיק פינפערל אויפן טיש.

— 2000 — האָב איך אָנגעהויבן.

— 2417! — זאָגט אַרבינקאַ.

— קאָנטראַ! — האָב איך אַ רוף געטאָן און געפּרוּווט לייגן אַ האַנט אויף דער באַנק.

ערשט אַרבינקאַ כאַפּט מיך אָן פאַרן אַרבל, וואָרטשעט געלאַסן „רעקאָנטראַ" און שאַרט מיט דער צווייטער האַנט אַראָפּ די צען פונט צו זיך אין קעשענע. איך האָב געשפּירט, אַז אָט־אָט פּלאַצט מיר אַן אָדער אין מוח.

— רעקאָנטראַ באַטייט דריי מאָל אַזוי פיל — פאַרטייטשט מיר אַרבינקאַ — און דאָס פאַרשטייט אַפילו אַ קימפּעטקינד, אַז די 2417 מיינע, געטאָפּלטע מיט 3, באַטרעפן אַ סך מערער פון די געטאָפּלטע 2000 דיינע.

— הער זשע! — האָב איך געקרעכצט — אויב אַזוי, וואָלט איך דאָך אויך געמעגט אויסרופן רעקאָנטראַ ביים פריערדיקן קאָן, יאָ צו ניין?

— פאַרשטייט זיך, אַז דו האָסט געמעגט — דערווידערט אַרבינקאַ — און מיך האָט עס טאַקע שטאַרק געחידושט, למאי דו האָסט זיך נישט געראַטעוועט מיט דער דאָזיקער מאַניפּאַרגע. אַזאַ איז פּאָקער, מיין טייערינקער. פּאָקער דאַרף מען קאָנען שפּילן, נישט פאַראַן קיין חכמות.

אין באַנק זענען שוין געלעגן 10 פונט.

— גיי אַ גאַנג! — האָב איך געמרוקעט. אַרבינקאַ האָט זיך רחבותדיק אָנגע־

שפּאַרט אויפֿן שטול און זיך געררייצט:
— 4!
— 10.000.000 — האָב איך אויסגעשריגן, ווי איינער וואָס נעמט אויס דאָס גרויסע געווינס.
— פּאַגאַט! — ענטפֿערט אַרבינקאַ גלייך גאָרנישט און לקחנט איידער וואָס־ווען אַוועק דעם אוצר. דעמאָלט האָב איך זיך צעווײנט. אַרבינקאַ האָט מיר געגלעט די האָר פּאַר רחמנות און האָט מיר מסביר געווען, אַז אַ שפּילער, וואָס באַווײזט דער ערשטער אָנצובײטן פּאַגאַט, דער שפּילט אויס די גאַנצע באַנק, נישט קוקנדיק אויף דער גרייס פֿון דער צוגעטראַכטער צאָל זיינער. אָט דאָס איז דאָך די מעלה פֿון פּאָקער: אין איין און איינציקער רגע מוזטו אויסגעפֿינען דעם בעסטן גאַנג.
— 20 פֿונט אין דער באַנק אַריין! — האָב איך געכאָרכלט, און דאָס לעצטע ביסל מזומן מיינס אַ שמיץ געטאָן אויף גאָטס באַראָט. אַרבינקאַ האָט אויך אַ וואָרף געטאָן 20 פֿונט. אַ קאַלטער שווייס האָט מיך באַגאָסן, אַרבינקאַ האָט געפּיפּקעט דאָס ליול־קעלע זיינס און די ממזרישע אייגעלעך האָבן בײ אים מאָדנע געזשמורעט.
— ווער גייט דער ערשטער?
— דו! — האָב איך געענטפֿערט, און ער איז אַרײנגעפֿאַלן אין דער פּאַסטקע ווי אַ גולמעוואַטער האָז.
— גוט — איך הייב אָן מיט פּאַגאַט — מורמלט אַרבינקאַ און שטרעקט אויס די לאַפּע צום מזומן.
— ניטע! — האָב איך אים אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט און אַ געשריי געטאָן — ניטע! בן גוריון! — און בשעת מעשה אַרײנגעשאַרט די אַפּותיקי צו מיר.
— דו ווייסט דאָך אַוודאי — האָב איך אַרבינקאַן דערמאָנט — אַז „בן גוריון” איז מבטל דעם „פּאַגאַט”. דוכט זיך אָבער, אַז די נאַכט פֿאַלט צו און איך מוז זיך איילן אַהיים.
מיר האָבן ביידע באַצאָלט פֿאַר דער קאַווע און זיך אויפֿגעהויבן. אַרבינקאַ האָט אַפֿילו געפּרוווט אָפּמאַנען ביי מיר דעם צוואַנציקער, מחמת, ווי ער מיינט, האָב איך דאָס אויסגעטראַכט אויפֿן אָרט בן גוריונען. איך האָב עס, חלילה, נישט אָפּגעלייקנט, אַדרבה, כ׳האָב אים איינגעשטילט:
— ביסט טאָקע גערעכט מיט דער סברה דיינער. אלא וואָס, ביים ייִדישן פּאָקער גיט מען נישט צוריק קיין געלט.



# באַריס

שוין אַ היפּש שטיקל צייט, זינט דאָס אָנשיקעניש, וואָס הייסט זיידנוואָרעם, דערגייט מיר ממש די יאָרן. אַ־דער ייִד האָט מיר נאָך מיט אַ האַלב יאָר צוריק געשיקט זיינס אַ נייַ בוך און איך האָב דאָס בוך ערגעצווו אַוועקגעלייגט, ווו עס רוט זיך במנוחה. לכתחילה האָב איך נאָך באַוויזן ווי נישט איז זיך אַרויסצודרייען:

— יאָ, דערהאַלטן! — האָב איך אַריבערגעשריגן צו זיידנוואָרעם אויפן אַנט־קעגנדיקן טראָטואַר — בקרוב וועל איך געפינען צייט דאָס צו לייענען. — דער צוזאָגנדיקער שרייבער האָט אַריבערגעוווּנקען אַ וואַרעמען יישר־כח.

אַוועק עטלעכע וואָכן, און ס׳קאָצל קומט — איך באַגעגן זיך מיט אים אין גאַס ווידער אַ מאָל. „איך האַלט אין לייענען און דערנאָך וועלן מיר ריידן" האָב איך אים אָנגעזאָגט אַ בשורה. אָבער אין גיכן האָט אָנגעטראָפן יענע פאַרדריסלעכע מעשׂה, ווען ער איז אַריינגעגאַנגען אין אַ קאַפע און איך האָב תיכף זיך אַרויסגעגנבעט דורך דער קיכטיר. איך וואָלט געשווירן, אַז ער האָט מיך געזען. איך דערמאָן זיך, אַז אין יענעם טאָג האָב איך זיך פירגענומען צו כאַפּן אַ קוק אין זיין בוך. אויב כ׳האָב קיין טעות נישט, האָב איך אַפילו אויסגעשטרעקט די האַנט צום בוך, און דאַן האָט זיך צעקלונגען דער טעלעפאָן, צי איך האָב איינגעדרימלט — גיי, געדענק!

— בקיצור, איך האָב נישט געלייענט קיין איינציקע שורה.

פאַרגאַנגענע וואָך דערטאַפּט מיך זיידנוואָרעם, בעת איך שטיי אין דער ריי ביי אַ קינאָ.

— נו, פאַרטיק מיטן לייענען? — פרעגט ער מיך אַן איבערגענומענער. איך האָב געשאָקלט מיטן קאָפּ און געענטפערט:

— פאַראַן אַ סך צו רעדן וועגן דעם, אָבער נישט כאַפּ־לאַפּ, אויף איין פוס.

און דאַן, נעכטן פאַר נאַכט, האָבן מיר זיך באַגעגנט אויף דיזענגאָף־גאַס. ווייטער שפּילן אין באַהעלטעניש, צי גאָר עוקר זיין, איז געווען אוממעגלעך. זיידנוואָרעם האָט זיך געטאָן אַ לאָז צו מיר מיט אימפּעט, פאַרשפּאַרנדיק מיר דעם וועג.

— איך וואָלט גערן געשמועסט מיט אייך מכוח דעם בוך מיינעם — האָט ער געפּרייכט.

— יאָ — האָב איך אָפּגעענטפערט — גוט טאַקע, וואָס מיר האָבן זיך געטראָפן.

אין די פילמען פונעם ווילדן מערב רופט עס זיך show-down, אויף מאַמע־לשון אָבער פשוט: „אַן עק זאָל עס נעמען!". אַפילו אַ פילם מוז זיך דאָך אַ מאָל ענדיקן, און דאָס טרעפט, ווי דער שטייגער איז, בשעת דער שעריף און דער אויסוווּרף שטייען איינער אַנטקעגן דעם צווייטן ווי צעיאַכמערטע הענער, ביים לעצטן

פאַרמעסט אין מיטן פון אַ פּוסטן שליאַך. Don't forsake me, oh, my darling!
(פאַרלאָז מיך נישט, טייערינקער!). פּלוצעם האָט זיך די דיזענגאָף־גאַס אויסגע־
ליידיקט. זעלטן ווען מען זעט אַ פּוסטקייט אַזאַ אין יענער לעבעדיקער גאַס. אַ קורצע
ווייל האָבן מיר זאַלבעצווייט געשפּרייזט און געשוויגן. איך האָב געמאַטערט דעם
מוח מיינעם, ער זאָל זיך אויסמאָלן לכל הפּחות דאָס דרויסנדיקע פּנים פונעם בוך,
אָבער דערמאָנט האָב איך זיך, ווי אויף צו להכעיס, בלויז דאָס ברוינע פּאַפּיר, אין
וועלכן דאָס בוך איז געווען פאַרפּאַקט, ווי דאָס פאַרפּאַקעכץ פון אַלע ביכער,
וואָס מען שיקט מיר. נעבײ וואָלט איך געוווּסט, וואָס פאַר אַ מין בוך דאָס איז:
אַ ראָמאַן, קורצע מעשׂהלעך, לידער, צי ווייסעך וואָס!

פאַרזונקענע אין רעיונות האָבן מיר זיך אַזוי געשלעפּט און געשלעפּט, ביז
סוף כּל סוף, עק גאָרדאָן־גאַס, האָב איך געמוזט, בלית ברירה, איבערברעכן דאָס
שווייגעניש.

— ווי נישט איז — האָב איך אַ זאָג געטאָן — דערקענט מען, אַז איר האָט
געאַרבעט איבערן בוך.

— דריי קיילעכדיקע יאָר! — שעפּטשעט זיידנוואָרעם — אָבער דער עצם
געדאַנק האָט אין מיר געוויירן נאָך פאַר דער מלחמה.

— אָ, דאָס פּילט מען! — ענטפער איך — אַן אויסגעצייטיקט שטיקל אַרבעט.

מיר האָבן ווייטער געשפּרייזט עטלעכע טריט. אַ מאָדנע שטילקייט אַרום אונדז,
קיינער שטערט אונדז נישט אָפּ. אויך מיר גוטע־פריינד!

— נו, און דער רושם אייערער? — פרעגט זיידנוואָרעם מיט אַ שוואַך קול.

— דווקא אַ גוטער.

— פון אַלעמען?

פּלוצעם האָב איך זיך געכאַפּט, אַז כ'האָב זיך אַריינגעגליטשט אין אַ פּאַסטקע.
זיידנוואָרעם האָט אויף מיר געקוקט קאַסאָקע. אויב איך וועל ענטפערן: „יאָ, פון
אַלעמען!“, וועט אים קלאָר ווערן, אַז איך האָב בכלל נישט געלייענט דאָס ביכל און
איך וועל זיך איינקויפן אַ דם־שׂונא.

— לאָמיר רעדן קלאָרע דיבורים! — האָב איך זיך מודה געווען — לכתחילה
האָט עס מיך נישט שטאַרק פאַרכאַפּט.

— איר אויכעט? — האָט זיידנוואָרעם געקרעכצט — איר קומט אויכעט
מיט דעם דאָזיקן זאַג? צי איז דען נישט קלאָר ווי דער טאָג, אַז יעטוועדער אָנהייב
איז נישט מער ווי אַן אַריינפיר?

— אַריינפיר, שמיינפיר — האָב איך געמורמלט — וואָס איז דער חילוק?
עס גייט רק דערין, צי דאָס בוך פאַרכאַפּט יאָ, צי ניין.

אויף זיידנוואָרעמס פּנים האָט זיך צעגאָסן אַ מרה־שחורה און ס'איז מיך
באַפאַלן אַ רחמנות אויף אָ־דעם ייִד. צו אַלדי רוחות, פאַר וואָס זשע שרייבט ער
אַזעלכע אַריינפירן?

שפּעטער אָבער — האָב איך אים געטרייסט — האָט איר פאַרקירעוועט
אויפן גלייכן וועג. דער רושם איז אַ שטאַרקער ביז גאָר. פאַראַן אַטמאָספער, ריטעם...

— איז האַלט איר, אַז כ'האָב געדאַרפט שפּאַרעוודיקער באַשרייבן דעם דלות?

— אַוודאי! אויסמעקן די העלפט וואָלט געווען אַ טובה פאַרן בוך.

— אפשר זענט איר טאַקע גערעכט — האָט זיך זיידנוואַרעם אַ ביסל אונטער־געגעבן — אָבער דער שׂכל הישר פאַרלאַנגט, אַז איך זאָל פאַרענטפערן, למאי איז באַריס צוגעשטאַנען צו די אויפשטענדער, אמת?

באַריס!

— יאָ, באַריס איז אַ געשטאַלט, וואָס וועט אַ היפּש שטיקל צייט בלייבן איינ־געקריצט אינעם זכרון מיינעם — האָב איך אויסגערופן — ס׳איז קענטלעך, אַז ער איז אייך צום האַרצן.

זיידנוואַרעם האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַ געפּלעפטער.

— באַריס מיר צום האַרצן? אַ־דער חזיר? איך האַלט, אַז קיין מיאוסערע בריאה האָב איך קיין מאָל נישט באַשאַפן.

— דאָס איז, דוכט זיך, א י י ע ר געדאַנק — האָב איך בנעימותדיק געשמייכלט

— אָבער א י ך זאָג אייך, אַז אין תוך אַריין שטייט איר אויף זיין זייט.

זיידנוואַרעם, בלייך ווי די וואַנט און אַ דערשלאָגענער, האָט געשטאַמלט:

— מיטן דאָזיקן אָפּשאַץ אייערן האָט איר מיך פשוט דערהרגעט. שוין בעת איך האָב זיך גענומען שרייבן דאָס ווערק, בין איך געווען באַריסן אַ שׂונא, און ערשט ווען ער פאַרפּלאָנטערט זיך אין אַ סיכסוך צווישן פּיטערן און דעם ים־אַטאַשע, און דאַך דערציילט ער נישט דער מוטער זיינער וואָס שייך אַביגַילס שענדונג — איר געדענקט אַוודאי...

— אַ שאַלה אַ ביסל, צי איך געדענק! ווען ער דערציילט נישט...

— אָט ד אָ ס מיין איך טאַקע. דעמאָלט האָב איך צו זיך געטענהט: נישט־שוין־זשע איז באַריס, פאַרקוקנדיק די חסרונות זיינע, פאַרט מער מענטש פונעם זאָלאָג?

— אַלע זענען מיר נישט מער ווי מענטשן — האָב איך אונטערגעשטראָכן מיט פאַרשטענדעניש — איינער איז אַזוי, אַ צווייטער איז קאַפּריער, אָבער אין תוך זענען אַלע גלייך.

— אוי, זענען ביי אייך די רייד גאָלע פּערל!

נישט־שוין־זשע האָב איך דאָס בוך טאַקע געלייענט? אפשר אומבכיוונדיק, צופעליק, ווי אין אַ חלום?

— מענטשן זאָגן — האָט זיידנוואַרעם עניוותדיק געלאָזט הערן — אַז דאָס דאָזיקע בוך איז דאָס סאַמע בעסטע מיינס וואָס שייך דעם סיפור המעשׂה.

איך האָב אַריינגעשפּיזט דעם בליק מיינעם אין צווייטן גאָרן פונעם הויכן פאַסאַזש־בנין, עלעהיי איך וואָלט בשעת מעשׂה אָפּגעשאַצט אַלע ביכער זיינע. קיין מאָל האָב איך נישט געלייענט זיינס אַ שורה. ווער איז עס בעצם דער־אָ נפש? צו וואָס שיקט ער מיר ביכער?

— איך וואָלט נישט געזאָגט, אַז ס׳איז דאָס בעסטע בוך אייערס — האָב איך אים פאַרריכט — נאָר איינס פון די סאַמע איבערראַשנדיקסטע.

ווידער האָט זיך זיידנוואַרעם אָפּגעשטעלט, און איך האָב ממש אָנגעטאַפּט, אַז כ׳האָב אים צו שטאַרק דערלאַנגט. נו, און אויב אַפילו יאָ, צי בין איך דען מחויב אַריינצופאַלן אין קעלבערנער התפּעלות פון אַלע שרייבעכצער זיינע? אגב, די

שאַנסן פון עוקר זיין זענען אַלץ מער און מער צערונען. קיין איינציקער באַקאַנטער האָט זיך נישט געיאַוועט, הגם מיר האָבן שוין צוויי מאָל אַרומגערינגלט דעם סקווער.

— כ׳האָב געוווּסט, אַזוי זאָל איך טאַקע געזונט זיין — האָט זיך אַ גאָס געטאָן פונעם שרייבערס מויל דאָס ביטערניש לגבי דער קריטיק מיינער — איר מיינט אַוודאי דאָס קערמעשל ביים קאָמאַנדיר פונעם שטורעם־אָפּטייל! זאָגט נישט „ניין״! איך וואָלט געמעגט שווערן, אַז דער שאָוויניסט, וואָס הויערט ביי אייך אינעווייניק, קאָן עס נישט אַראָפּשלינגען. וואָס זשע דען האָט איר געוואָלט, למען השם? אפשר גאָר, אַז איך זאָל פאַרקאָכן אַ קאַשע מיט לאַקריץ פון אַלץ וואָס איז אָנגעגאַנגען אין פאַרפּלייצטן טייכל? איר דערמאָנט זיך מסתמא, אַז דאָרט...

— צעהיצט אייך נישט! — האָב איך אים איבערגעשלאָגן — איר האָט פון דעסטוועגן איבערגעכאַפּט די מאָס.

— האָט קיין פאַראיבל נישט! — האָט זיידנוואָרעם זיך נישט געלאָזט — און אַז איך האָב אומברחמנותדיק באַשריבן דאָס קעמל־געיעג ביי נאַכט אין משולש („דרייעק״ — אַ געגנט אין ישׂראל), ד אָ ס איז אייך יאָ געפעלן?

— יאָ, — האָב איך געענטפערט, אַ טראָפּן צוריקגעהאַלטן — דאָס איז דווקא נישקשה לעבעדיק.

— און אַז קאַטערינע צעטראַסקעט דעם לאָמפּ, וואָס אויפן ריכטערס טיש — דאָס האַלט איר פאַר פּאַסיק?

— עס לייגט זיך אויפן שׂכל.

— טאָ זייט זשע מוחל און נעמט אויך נישט פאַר אומגוט, ווען איך דעק אויף די שמד־שטיק פון אַ מאיר קראָנשטאַט און פון זיינס גלייכן.

„ניין, ד אָ ס שוין נישט״ — האָב איך זיך געבונטעוועט. „מאַך די גאַנצע וועלט מיט דער בלאָטע צו גלייך, אָבער פון מאיר קראָנשטאַט טשעפּע זיך אָפּ!״. דער גאַנצער ענין האָט מיר אויפגעהערט געפעלן. אַ שוואַרצע קאַץ איז צווישן אונדז אַדורכגעלאָפן. כ׳האָב אויך אַנטפּלעקט די סיבה פון דער הימלשרייענדיקער איינזאַמקייט אונדזערער. אַלע בשותפותדיקע באַקאַנטע, וואָס האָבן זיך באַוויזן פון דער ווייטן, זענען פּלוצעם נעלם געוואָרן, עלעהיי איינגעזונקען אין דער ערד. בלויז מיך האָט מען געלאָזט דאָ אויף הפקר, צו אַלדי שוואַרצע יאָר! דאָס ברעקעלע שאָוויניסט אין מיר האָט זיך אויפגעכאַפּט.

— הערט, זיידנוואָרעם — האָב איך געלאָזט הערן מיט אַ סימן פון אַ שטאָך — איך אויף אייער פּלאַץ וואָלט זיך גאָרנישט אַזוי שטאַרק איבערגענומען מיטן דאָזיקן קראָנשטאַט אייערן.

— און איך נעם זיך דווקא מיט אים יאָ איבער.

דאָס בלוט האָט מיר אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ אַריין. ער פאַרמאָגט נאָך די חוצפּה מיר איבערצושפּאַרן!

— קראָנשטאַט שטעלט מיט זיך פאָר אַ נישט געשטויגענע און נישט געפלויגענע בריאה — האָב איך געפּסקנט — און אויב מען וועט אים אין גאַנצן אַרויסוואַרפן פונעם בוך, וועט דער שאָדן זיין אַ קנאַפּער.

— אַ גוטער וויץ! — האָט זיידנוואָרעם געשיפּעט — און פון וואַנען וועט איר

עס נעמען דעם הויפּטקאָנפליקט, מעג איך פרעגן?

— נו, טאַקע פון וואַנען?

— איר טראַכט מסתמא פונעם זאָאָלאָג?

— נו, איז וואָס?

— און קאַטערינע?

— זאָל זי גיין מיטן ריכטער!

— אין ניינטן חודש?

— נאָך דער קימפּעט!

— חכם איינער! מען פאָרט זי דאָך איבער!

— טאָ, זאָל מען זי נישט איבערפאָרן! וואָס פּלוצעם גראָד זי איבערפאָרן, און נישט אַביגיל?

— ווו זענט איר אין דער וועלט! איר רעדט דאָך, מחילה, סתם נאַרישקייטן! דאָס האָט מיך שוין אַרויסגעבערענגט פון די כלים. ס׳טייטש, איך לייען דאָך שוין אַ קיימא־לן פון העכער 30 יאָר ביכער. אַזעלכע רייד וויל איך נישט פאַרנעמען, ריכטיק?

— סתם נאַרישקייטן? — האָב איך אויפגעהויבן דאָס קול — און וואָס באַטייט דאָס לעקישעוואַטע קעמל־געיעג אייערס? דעם אמת געזאָגט האָב איך שיִער נישט געחלשט דערפון.

— דאָס טאַקע בין איך אויסן געווען: איר אַלע זאָלט פילן אַן עקל, איר אַלע זאָלט אָנקוקן דעם אמתן פּרצוף אייערן!

דער זאַכלעכער וויכוח האָט זיך אַריבערגעקייקלט אויף אַ פּערזענלעכן וועג. זיידנוואָרעם, אָנגעצונדן ווי אַ שטרויענער דאַך, האָט געפרייכט און קוים געכאַפּט דעם אָטעם.

— וואָס מיינט איר עפּעס, איך ווייס נישט, וואָס אייך טוט ווי? — האָט ער געברומט — אייך אַרט, למאי כ׳האָב נישט אויפגעפּלאָנטערט דעם קנופּ אויף אַ כּעלעמער שטייגער, למאי כ׳האָב נישט דערפירט, אַז באָריס זאָל זיך טרענקען אין דער אָזיערע? יאָ, צי ניין?

באָריס! נאָך ער האָט מיר געפעלט!

— לאָזט מיך געמאַך מיט באָריסן! — האָב איך אַ געשריי געטאָן אויפן וואָרעם

— איר זענט פשוט פאַרקאַכט אין אָ־דעם אויסוווּרף. אויב איר ווילט דווקא וויסן, איז זיין גאַנצער ראָמאַנס מיט אביגיל קיין שמעק טאַבעקע נישט ווערט.

— נישט ווערט, זאָגט איר! — האָט דער צוזאָגנדיקער שרייבער אויפגעצי־טערט — זי מוז זיך דאָך מיט עמעצן צונויפקומען, יאָ צי ניין?

— טאָ זאָל זי זיך צונויפקומען, אָבער פאַר וואָס דווקא מיט באָריסן? נישט פאַראַן דאָרט קיין אַנדערע מאַנצבילן?

— ווער? — האָט זיידנוואָרעם געדעוועט, מיך אָנגעכאַפּט פאַרן לאַץ און מיט מיר געטרייסלט.

— נו, למשל יענער זאָאָלאָג, ווי רופט מען אים, דוכט זיך קראַנשטאַט.

— ער איז נישט קיין זאָאָלאָג.

— ער איז יאָ אַ זאָאָלאָג! און אויב נישט קראַנשטאַט, טאָ מעג זיין דער קאָ־מאַנדיר פונעם שטורעם־אָפּטייל.

— קראַנשטאַט איז דאָך דער קאָמאַנדיר!

— נו, איז וואָס! פון מיינעטוועגן מעג ער זיין אַפילו אַ מעטעאָראָלאָג. אַלע זענען זיי בעסער פון באָריסן. אַפילו דער אַטאַשע איז מער לייט.־ צי פּיטער. צי בירנבוים!

— ווער איז עס בירנבוים?

— אויך אַן עמעצער, נישט ערגער פאַר קראַנשטאַטן, איר מעגט מיר גלייבן. כדי אָנצושרייבן אַ בוך, מיין ליבער, איז נייטיק מער, ווי סתם אָנפּאַטשקען אויף פּאַפּיר. סיי אַ טעמע איז נייטיק, רעב ייִד, סיי העלדן, סיי עפּעס אינעווייניקסט, טיפקייט! — און דאַן האָב איך אים געגומען טרייסלען.

— יאָ, טיפקייט — האָב איך זיך צעלאָזט אויף אַ קול — נישט קיין פּלאַפּלעריי, נישט קיין ע־בע־ציגעלע־מע! אויך אַ בוך צום רומל! אַ שמאַטע איז עס, וואָס קיינער וועט דערויף קיין שפּיי נישט טאָן! פאַרלאָזט זיך אויף מיר, איך האָב אַ נאָז אויף דעם! קיינער וועט דאָס בוך אייערס נישט לייענען, איך האָב עס אויך נישט געלייענט!

— נישט געלייענט?

— ניין, נישט געלייענט און איך וועל עס נישט לייענען!

איך בין אַוועק, און זיידנוואָרעם שטייט נאָך איצט אין מיטן דיזענגאָף און גלאָצט. אַזאַ אידיאָט!



# רומעניע, רומעניע!

אנומלט אין איינעם אַן אויפדערנאַכט, אַן איינגעטונקענעם אין מדבר־זאַמד, האָט זיך מיר פאַרוואָלט רעדן מיט וויינרעבן צוליב עפּעס אַן ענין — נישט וויכטיק איצט סאַראַ ענין. הייב איך אויף דאָס טרייבל און קלינג צו אים.ביים צווייטן עק דראָט הייבט אויך עמעצער אויף דאָס טרייבל.

— האַלאָ, האַלאָ — פאַרנעם איך אַ ציטערנדיק קול פון אַן איבערגעשראָקענער פרוי.

— האַלאָ — ענטפער איך — ווער רעדט דאָרט?

— איך ווייס נישט, איך קען נישט קיינעם.

— איך פרעג, ווער עס רעדט דאָרט?

— דאָ?

— יאָ, דאָרט.

— איך רעד, האַלאָ.

— ווער זענט איר?

— די נייע עוזרת (הויזדינערין).

— זייט מוחל און רופט אַדון וויינרעב צום טעלעפאָן.

— אַדון וויינרעב, ווו?

— צום טעלעפאָן.

— יאָ, איין מינוט.

— איך וואַרט.

— האַלאָ.

— וויינרעב?

— ניין, די נייע עוזרת.

— איך האָב פאַרלאַנגט וויינרעבן.

— אַדון רעדט רומעניש?

— ניין. זייט אַזוי גוט און שיקט מיר וויינרעבן.

— יאָ. איין מינוט. האַלאָ. ער קאָן נישט איצט.

— פאַר וואָס עפּעס? איז וויינרעב אפשר נישט אין דער היים?

— איך ווייס נישט. האַלאָ.

— ווען וועט ער צוריקקומען?

— ווער?

— וויינרעב! ווען קומט וויינרעב אַהיים? ווו איז איצט וויינרעב?

— איך ווייס נישט — צעכליפּעט זיך „די נייע עוזרת״ אויף אַ קול — איך קום איצט פון רומעניע.

— טאָכטער מײַנע — פּרווו איך זי טרייסטן — איך וויל רעדן מיט ווײַנרעבן און ער איז נישטאָ אין דער היים. גוט. איר ווייסט נישט, ווען ער וועט זיך אומקערן. גוט. אָבער אפשר קאָנט איר אים זאָגן, אַז איך האָב צו אים טעלעפאָנירט? יאָ?

— אַ רגע — כליפּעט די פרוי — האַלאָ.

— וואָס שוין ווידער?

— איך קאָן נישט זאָגן, אַדון.

— פאַר וואָס עפּעס?

— וואָס איז ווײַנרעב?

— וואָס הייסט? איר קענט אים נישט?

— אַדון רעדט רומעניש? אַ קליין ביסעלע?

— פון וואַנען רעדט איר מיט מיר?

— פון הויז עמנואל קאַסטעלאַנסקי. האַלאָ.

— וועלכער איז דער הויזנומער?

— 73, צווייטער שטאָק.

— און דער טעלעפאָן־נומער?

— איך ווייס נישט.

— דער נומער איז דאָך פאַרשריבן אויפן טעלעפאָן.

— ניין. אין גאַנצן קיין טעלעפאָן אין שטוב...



# די רעפאָרם פון צאָלמיטלען

אָנגעהויבן האָט עס זיך, ווי ס׳איז דער שטייגער ביי ערנסטע ענינים, מיט ציינווייטיק. דער ציינדאָקטער האָט געפּסקנט, אַז אין אַ באַקצאָן מיינעם איז פאַראַן אַ לייטיש לעכל און ער האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט. פּלוצעם, אין סאַמע ברען פון בויערן, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם ווייסן כאַלאַט און אַ זאָג געטאָן:

— זייט נישט ברוגז, ס׳לוינט זיך מיר נישט ווייטער צו אַרבעטן.

געזעסן בין איך דעמאָלט בהרחבה אויפן יסורים־שטול, מיט אָן אָפן מויל צוליב עפּעס אַ פּרוזשינע, וואָס האָט בגעוואַלט פאַרהיט אַז די צוויי שורות ציין זאָלן זיך נישט באַגעגענען. כ׳האָב בלויז געקאָנט כאַרכלען אָן ווערטער.

— די ריינע הכנסות מיינע האָבן דערגרייכט היינטיק יאָר אַזש 1100 פונט אַ חודש — האָט דער דאָקטער מיר געגעבן צו פאַרשטיין, בעת ער האָט אַריינגעלייגט דאָס געצייג אין שאַפע — און פון יעדן פונט הכנסה מערער נעמט די מלוכה אַראָפּ 80 פּראָצענט. ניין, עס לוינט זיך מיר נישט...

איך האָב געמאַכט סימנים מיט די הענט, אַז נישט געקוקט אויף דעם זאָל ער פאָרט ממשיך זיין.

— ניין, אַדוני, אויך פאַר אייך וועט עס זיך נישט לוינען — האָט דער דאָקטער מיר איינגערעדט — איר מוזט פאַרדינען 3000 פונט, כדי עס זאָלן אייך בלייבן אויף דער האַנט 600 פונט פון מיינעטוועגן, בעת מיר וועט דערפון אַריין אין קעשענע בלויז אַ קיימא־לך פון 120 פונט. איך האָב געטראַכט, צו באַצאָלן מיט די־אָ 120 פונט מיין ווייבס לערער, וואָס לערנט זי פירן אַן אויטאָ. דעם לערער וועלן בלייבן דערפון מזומן וואָסערע 24 פונט.

— גוט, אָבער פאָרט ריינע 24! — האָבן די פינגער מיינע געענטפערט.

— גערעכט! — האָט דער דאָקטער מסכים געווען — פאַראַן אָבער אַ צרה: דער לערער האָט נעכטן פאַרטאָפּלט דעם שׂכר־לימוד און וויל שוין 48 פונט נעטאָ פאַר די לעקציעס. דעריבער מוז איך אייך דעם האָנאָראַר מיינעם העכערן פון 600 אויף 1200 פונט. איז ליבער פריינד, לאָמיר דאָס אַלץ פאַרגעסן...

כ׳האָב באַוויזן אויסצושפּייען די זלידנע ספּרוזשינע פונעם מויל, בין אַראָפּ פונעם שטול, האָב זיך אַ לאָז געטאָן צום דאָקטער און אים איינגערוימט אין אויער דעם היימישן סוד:

— הערט, דאָקטער! צי האָב איך דען געמאָנט ביי אייך אַ קוויטאַנציע?

— ניין, איר זענט אַן אָרנטלעכער מענטש, אָבער איך בין נישט קיין בעלן אויף

צרות. איך דעקלאַריר אין מס־הכנסה אַלץ וואָס איך פאַרדין. דאָס איז פאַר מיר אַ כבוד־זאַך.

— הייסט עס, אַז דאָס לעכל אינעם באַקצאָן מוז בלייבן ?

— ניין, איר האָט אַ ברירה צו צאָלן 48 פונט נעטאָ מיין ווייבס לערער, וועלן מיר ביידע דעמאָלט זיין קוויט.

— וואַרט אַ רגע — האָב איך געטראַכט אויפן קול — און וואָס וועל איך טענהען, אויב חלילה די מאַכט וועט געפינעןביים לערער אין די ביכער, אַז איך האָב באַצאָלט פאַר אייער ווייבס לעקציעס ?

— וועט איר ענטפערן, אַז זי איז אייער קעפּסוויב.

— קענט איר מיר ווייזן אירס אַ בילד ?

— ע ! כ'האָב אין זינען געהאַט בלויז וואָס שייך שטייערן...

סוף כל סוף איז געקומען צו אַ פשרה, און דער דאָקטער האָט צוגעזאָגט, אַז מירצעשעם סוף וואָך וועט ער זיך נעמען ווייטער בויערן דעם צאָן. אין צווישן האָב איך זיך פאַרפּלאָנטערט מיטן לערער פון אויטאָ־פירן. גיי ווייס, אַז אויך ער שטעקט אין אַ בלאָטע פון העכערע הכנסות.

— לײדער ! — איז מיר מודיע דער לערער — ביז סוף אויגוסט היט איך זיך אָנצורירן מזומן, מחמת יעטוועדער גראָשן וועט מיך אַריינפירן אין אַ העכערער שטייער־קאַטעגאָריע. פון געלט אויף דער האַנט קאָן קיין רייד נישט זיין.

— אפשר וואָלט געווען אַ סברה, איך זאָל פאַר אייך באַצאָלן ביים שפּייז־קרעמער אייערן ?

— דאָרט האָט שוין פאַר מיר באַצאָלט דער מעבל־פאַבריקאַנט, וואָס לערנט זיך פירן אַ פריוועט. איך האַלט פון אָרדענונג — האָט דער פאַרשוין צוגעגעבן — אָט האָט למשל נעכטן דער מאַליער, אויך מײנער אַ תלמיד, געפאַרבט מיין שוועסטערס דירה פאַר שׂכר־לימוד. צוויי מאַדיסטקעס באַצאָלן פאַר מיר בשותפות דעם חודש־חשבון אין גאַראַזש. זאָגט נאָר, זינגען קענט איר ?

— נישט איי־איי־איי.

— אַ שאָד ! כ'וואָלט גערן געלערנט. פאַרמאָגט איר אפשר אַ קאָלעקציע פון בריוומאַרקעס ?

— ניין. בלויז פון שליסל־האַלטערס.

— דאָס איז בלאָטע ! שאַט, באַצאָלט דער בייביסיטערקע אונדזערער דעם שׂכר־לימוד פאַר אייער דענטיסטקעס לעקציע !

מיט דער בייביסיטערקע בין איך דווקא יאָ געקומען צו אַ טאָלק. לכתחילה האָט זי זיך אַ ביסל געקווענקלט, מחמת זי נעמט בטבע נישט קיין געלט פון ווילד־פרעמדע מאַנצבילן. איך האָב פאַרגעלייגט צו ברענגען איר רעקאָמענדאַציעס פונעם וואַסער־אינסטאַלאַטאָר, פונעם שלאָסער, פון דער נייטאָרין, פונעם פריזיער, פונעם עלעקטריקער, פונעם גערטנער, פון דער קאָסמעטיקערין, פונעם משפּחה־דאָקטער, פונעם אַדוואָקאַט און פונעם נאַכטוועכטער אונדזערן. זיי אַלע וועלן עדות זאָגן, אַז ס'איז ביי מיר אַ מנהג צו באַצאָלן רק מיט „פאַר זיך אַליין"־טשעקלעך, אָן קוויטאַנציעס און בסוד־סודות.

— ניין, איך וויל נישט אַריינפּאַלן אין קיינעמס הענט — האָט זיך דאָס ווייבל איינגעשפּאַרט — זאָגט, אַדוני, דער צאָן טוט אייך טאַקע שטאַרק וויי?

— ממש נישט אויסצוהאַלטן.

— טאָ שענקט מיר אַ פּאָר קאָנטאַקט־לינדזן פאַר די אויגן.

— מסכים! — האָב איך געענטפערט — אָבער אויב מען וועט נישטערן ביים אַפּטיקער אין די ביכער, ווי וועל איך דאָס אויפקלערן?

— איר וועט טענהן, אַז איך בין אייער געליבטע.

— דער דאָזיקער פּלאַץ איז שוין נישט פריי — האָב איך געלאָזט וויסן — דעם צאָנדאָקטערס ווייב האָט אים פאַרנומען. אַ רעגן־מאַנטל האָט איר?

— יאָ, פונעם יונגן פאַרפאַלק מיטן עופעלע אויפן ערשטן גאָרן. מילא, איך וועל זיך באַנוגענען מיט אַ סוף־וואָך אין אַ צווייטקלאַסיקער אַפּרו־היים אין טבריה

אַ־דער געדאַנק איז מיר געפעלן ביז גאָר, הגם כ׳האָב זיך ערשט שפּעטער דער־וווּסט, אַז די קאָנטאַקט־לינדזן וואָלטן אויך נישט געווען געפערלעך. אין תל־אביב האָבן חריפותדיקע קעפּלעך אויפגעמאַכט אָפּטישע קראָמען, ווו מען פאַרקויפט אויך כלערליי ביורא־אַרטיקלען. גיבן זיך יידן אַן עצה: מען האַנדלט אין ברילן און מען קריגט אַ קבלה אויף שרייבגעצייג, וואָס מען מעג אַראָפּנעמען פון די הכנסות ביים שטייער־אָפּצאָל. פאַראַן קליינטן פון טייערע קונסט־חפצים און כינעזישער פאַר־צעליי, וואָס זענען פאַרשותפט מיט שרייבמאַשינען. איך קען אַ מאַסאַזשיסטקע, וואָס גיט קוויטאַנציעס פאַר שרייבן קאָפּיעס. ביי אונדז פאַסט מען זיך גיך צו. אינעם פּענסיאָנאַט אין טבריה האָב איך זיך נישט אָנגעשטויסן אויף קיינע שוועריקייטן.

— מיר האָבן אַ צימער פאַר דער בייביסיטערקע — האָט דער באַלעבאָס אַריינ־געזעדט אין טרייבל — אָבער דאָס איז נישט קיין ענין פאַרן טעלעפאָן.

נו, האָב איך זיך אַריבערגעכאַפּט קיין טבריה און געשמועסט אָפענע דיבורים אונטער פיר אויגן.

— איין מינוט, לאָמיך אַ קוק טאָן! — האָט דער באַלעבאָס געמישט אַ קליין סודות־ביכעלע — אַ העלפט פונעם ערשטן גאָרן איז פאַרנומען פון מיין זונדלס מוזיק־לערער, און אין דער צווייטער העלפט האָט זיך באַזעצט דער באַלעבאָס פון דער וועשעריי. אינעם קעניגלעכן סאַלאָן וווינט מיין אַדוואָקאַט פאַר מס־הכנסה־ענינים. דאָס אַלץ איז ביי מיר אַ בייט פאַר אַרבעט צי פאַר סחורה. געלט לוינט זיך נישט צו נעמען, וואָרעם 80 פּראָצענט...

— איך פאַרשטיי! — האָב איך אים איבערגעשלאָגן — איז ווי אַזוי זשע זאָל איך באַצאָלן? אפשר וואָשן דאָס געפעס ביי אייך אין קיך?

— ניין, שוין פאַרנומען! אָט איז מיר עפּעס איינגעפאַלן: באַצאָלט דעם ציינ־דאָקטער מיינעם!

אַזוי האָט זיך געשלאָסן דער קרייז. דער ציינדאָקטער פון די פּענסיאָנאַט־באַלעבאָטים האָט זיך אָפּגעזאָגט פון נעמען געלט, צוליב דער שטייער־קאַטעגאָריע, און איז איינגעגאַנגען אויף אַ פליבילעט קיין אורוגווי פאַר דער שוויגער, אָדער אויף 3000 אייער און צען קילאָ זאַלץ. אָט די קאָמבינאַציעס האָבן מיך אָבער אַזוי אויסגעמאַטערט, אַז איך האָב פאַרטראַכט אַ נייעם אויסוועג. נאָך היינט וועל איך

אַריינגעבן אַן אַנאַנס אין די בלעטער: „געזוכט אַ ציינדאָקטער, מעג זיין אַפילו דריטע קלאַס, אָבער מיט אַ נידעריקער שטייער־קאַטעגאָריע".

סייווי אָבער קומט דער מלוכה אַ יישר־כוח פאַרן אויפטו. זי האָט פאַרהיט נישט בלויז, אַז די בענק זאָלן נישט ליידן פון אַ צו גרויסן געלט־אומזאַץ, נאָר זי האָט אויך פאַראיינוועגס — צום ערשטן מאָל אין דער מאָדערנער געשיכטע — באַפרייט די מענטשהייט פון אַן אוראַלטער קללה, און אַ סוף געמאַכט צום פאַרשאַלטענעם געלט ווי אַ צאָלמיטל. שוין באמת צייט, מיר זאָלן זיך אומקערן צום בייט־מסחר פון די פרימיטיווע שבטים. ס׳וועט לאַנג נישט דויערן, און מיר וועלן צוריקגיין צו די ביימער פונעם רעגירונג־דזשונגל אינעם פריילעכן לאַנד פון די שווינדלערס.



# אַ ביסעלע דרך־ארץ

גראָד האָב איך געקויפט צוויי קינאָ־בילעטן, מיטעלע פּלעצער, אויף נאָכ־מיטאָג. ווי נאָר איך טו זיך אַ ריר אַוועק פונעם פענצטערל, פאַרהאַלט מיך אַ מענטש אין די יאָרן, מיט אַ געקאָרטשעטן שטערן. „וווהין, יאָסקעלע?" פרעגט ער מיך מיט אַ פאָרוואָרף־טאָן. איך גיב אים צו וויסן, אַז כ׳האָב נאָר וואָס געקויפט קינאָ־בילעטן.

— קינאָ־בילעטן גאָר? — חידושט זיך דער ייִד — אין דײַנע יאָרן האָב איך זיך געפרייט, ווען כ׳האָב באַוויזן צו קויפן אַ געזויערטע אוגערקע צום אָנבייסן. אָבער קינאָ — וועמען פון אונדז האָט זיך עס אַזוינס געחלומט מיט 30 יאָר צוריק? דאָ־אָ האָבן אַרומשפּאַצירט קעמלען, און פון דער ראָטשילד־אַליי האָט מען געזען דעם ים.

— ריכטיק — האָב איך געזאָגט — און איצט מוז איך זיך אײַלן אַהיים, אין דער דירה מײַנער.

— דירה? — האָט דער אַלטער זיך געחידושט — ווער האָט דעמאָלט געוווּסט פון אַ דירה? מיר פלעגן אָנוואַרפן עטלעכע ליידיקע בלעכפּושקעס, באַגאָסענע מיט סמאָלע, אַרויפלייגן אַ ברעט, און אַזאַ איז געווען די דירה אונדזערע. נו, און מעבל פאַרמאָגט איר?

— כמעט גאַרנישט — האָב איך געענטפערט אָפּגעהיט — מיר זיצן אויף ציגל.

— ציגל? — האָט ער זיך צעלאַזט — מיר האָבן בלויז געחלומט פון ציגל. ווו האָבן מיר פאַרמאָגט געלט אויף ציגל?

— איך ווייס נישט — האָב איך זיך אָנגערופן — אין דער אמתן האָבן מיר די ציגל אַוועקגעלקחנט פון אַ ליידיקן פּלאַץ.

— אַוועקגעלקחנט? — האָט דער פאַרשוין זיך צעיאָכמערט — מיר האָט עס גענומען קאַרגע 18 יאָר אין דער מדינה, ביז וואַנען כ׳האָב געסמעיעט אַוועקצושלעפּן דעם ערשטן ציגל. אַפילו זאַמד האָט אונדז געפעלט, פשוט זאַמד, אַוועקצולייגן זיך דערויף. נו, און וואַסער טרינקט איר?

— ווער טרינקט עס ביי אונדז וואַסער! סיידן אפשר איין מאָל אין דער וואָך.

— איין מאָל אין דער וואָך? — דער ייִד איז ממש אונטערגעשפּרונגען, האָט מיך אָנגעכאַפּט ביים אַקסל און געטרייסלט ווי אַ לולב — מענטש, צי ווייסטו דען, אַז אין ירושלים פלעגט מען פאָדערן געלט פאַר אַ טרונק וואַסער? די טרוקענע צונג האָט זיך צוגעקלעפּט צום גומען, אָבער מען האָט נישט פאַרמאָגט, יאָסקעלע, קיין מיל, קיין איין און איינציקן בידנעם מיל.

— איך בין נישט יאָסקעלע, און איך ווייס בכלל נישט, ווער איר זענט — האָב איך אים איבערגעשלאָגן די רייד.

— קוק אים אָן, ער ווייסט נישט! — האָט דער נודניק זיך פֿאַרכליניעט מיט אַ חוזק־געלעכטער — וואָלטן מ י ר אין דיינע יאָרן געהאַט די חוצפּה עמעצן נישט צו דערקענען, וואָלט מען אונדז פּשוט געממיתט. היינט, דוכט זיך, מעג מען אַלץ...

דער אַלטער האָט זיך אויסגעדרייט און איז אַוועק, בורטשענדיק פֿון כּעס. פֿאַר בושה האָב איך זיך אַ וואָרף געטאָן אויפֿן שאָסיי מיטן פּנים אַראָפּ, און טאַקע באַלד האָט אָנגעיאָגט אַן אויטאָ און מיך איבערגעפּאָרן. מענטשען דערציילן, אַז אַ מאָל פּלעגט מען מוזן וואַרטן אין דער מדינה פֿון 18 ביז 20 יאָר ביז צום ערשטן איבערפֿאָר. די צייטן האָבן זיך אַ פּנים געביטן...



# הכנסת אורחים

בישט פֿאַראַן אויף דער וועלט עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל זיין מער סקוטשנע פון לאַנגווייל, און ווער שמועסט, — אַז מען איז שוין אָפּגעזעסן אַ וואָסערע צוויי שעהען ביי די שפּיגלס און דאָס געֿרייד האָט זיך געקייקלט אַרום די זעלביקע שמאָנצעס, ווי אַ דריידל, אין וועלכן ס'איז אַריין אַ דיבוק. אין דער אמתן האָט ביי אונדז זיך געשיילט דאָס פּנים פּאַר בושה צוליב דער איינשלעפערנדיקער נודאַטע, ווארעם די שפּיגלס זענען דאָך בעצם אַ יידן פּאַרפאַלק, און יחזקאל שפּיגל אַליין שמט דאָך פּאַר אַ מכניס־אורח און טראָגט אונדז ממש אויף די הענט.

בשעת דער ווייזער אויפֿן ציפּערבלאַט איז צוגעקראָכן צו 10, האָבן מיר שוין בשום אופן נישט באַוויזן אָפּן צו האַלטן די שלעפעריקע אויגן, סיידן מיט דער הילף פון צוויי פינגער, און בקרוב זענען אויך אַ־די פינגער געפאַלן פון די כוחות. דעמאָלט האָב איך איינגעזען, אַז מען דאַרף תיכף זיך אויפהייבן און אַהיימגיין, מחמת אַנדערש, וועט מיר נישט סטייען קיין כוח אויפצוועקן די פלוניתטע מיינע. סיי ווי האָבן מיר דאָך בדעה געהאַט היינטיקן אָוונט זיך פריִער צו לייגן, צוליבן נומער ביים דאָקטער פון קופּת־חולים, וואָס מיר איז געלונגען צו באַקומען אויף מאָרגן, 11 אַ זייגער פאַר מיטאָג. הכלל, מי. האָבן זיך געמאַכט הארץ, זענען אויפגעשטאַנען פון די אויסגעבעטעטע שטולן און האָבן מודיע געווען די שפּיגלס, אַז ס'טוט אונדז באמת לייד, למאי מיר מוזן שוין אַוועקגיין.

— שוין? — האָט מאַדאַם שפּיגל זיך געחידושט — וואָס פלוצעם אַזוי גיך?

— מיר באַדויערן שטאַרק — האָב איך געזאָגט — אָבער מיר מוזן. עס גייט אין אַ וואָזשנעם צונויפטרעף.

— נאַרישקייטן! — מאַכט יחזקאל — זיי מעגן אויף אייך וואַרטן.

— וואָלטן מיר דען נישט ליבער געבליבן מיט אייך? — האָב איך געפרעגט — אָבער נישט פאַראַן קיין ברירה. מיר מוזן זיך צואיילן, כדי מיר זאָלן נישט פאַר־שפּעטיקן דעם לעצטן אויטאָבוס.

— עלף אַ זייגער ביי נאַכט? וווהין?

— קיין... פּתח־תקוה. דאָרט האָבן מיר אָפּגעשמועסט אַ באַגעגעניש. אוי, ווי מיר באַדויערן!

— נו, אויב אַזוי — רופט זיך אָן יחזקאל — וועל איך לכל הפחות אייך אָפּפירן מיטן אויטאָ מיינעם צו דער סטאַנציע.

— ניין, ניין! — האָב איך דערווידערט — דאָס בשום אופן נישט. נישט נייטיק, באמת...

— איי, זיי נישט קיין חדר־יינגל! — האָט זיך יחזקאל צעהיצט און אויף זיך געכאַפּט דעם מאַנטל. מיין געראָטן ווייבל, חוהלע, האָט צו מיר געוואָרפן כלערליי רמזים, ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען, אָבער ס׳איז שוין געווען אַ פאַרפאַלענע זאַך.

באַלד האָבן מיר דערגרייכט בשלום די סטאַנציע. מיר זענען אַרויס פונעם אויטאָ, האָבן זיך צעקושט מיט יחזקאלן און זיך פאַרנומען... אַהיים. ערשט יחזקאל מיטן גאָלדענעם האַרץ שפּרינגט אַרויס פונעם אויטאָ און לויפט אונדז נאָך שרייענדיק: „איר גייט מיט אַ שלעכטן וועג! פאַרקירעוועט אויף לינקס, דאָרט געפינט זיך די סטאַנציע. אָט וועל איך אייך אַהינצו באַגלייטן״. ער האָט אונדז טאַקע באַגלייט — אַ ברירה האָבן מיר געהאַט? אַנגעקומען, כאַפּט יחזקאל אַ קוק אויפן צייטפּלאַן און בלייבט שטיין אַ געפּלעפטער.

— רבונו של עולם — טוט ער אַ געשריי — מיט קאַרגע פינף מינוט צוריק איז אַוועק דער לעצטער אויטאָבוס. כ׳האָב גרויס עגמת נפש, למאי איך האָב דערפירט, אַז איך זאָל פאַרשפּעטיקן אַזאַ וויכטיקע באַגעגעניש.

— חלילה, מיר זענען נישט ברוגז!

— נו, גוט — מאַכט יחזקאל, אַ דערשלאָגענער — גייט אַריין אין אויטאָ מיינעם. מיר פאָרן קיין פּתח תקוה.

— ניין, ניין! — האָב איך אַזש געכאָרכלט — בשום אופן ניין. הכנסת אורחים האָט אויך אַ גרענעץ.

— לאָז מיך געמאַך! — פאַלט מיר יחזקאל אַריין אין די רייד — איך דערמאָן זיך אָן דער צערודערטקייט דיינער ביי אונדז צוליב אַ־דער באַגעגעניש. איך וועל היינטיקע נאַכט פשוט קיין אויג נישט פאַרמאַכן, אויב איך וועל אייך נישט ברענגען קיין פּתח תקוה.

זאַלבעצווייט זענען מיר געזעסן, איך און חוהלע, אויף דער הינטערשטער באַנק אין אויטאָ און האָבן בעת דער גאַנצער נסיעה אַרויסגעקוקט הינטערוויילעכץ צו די תל־אביבער לאַמטערנס, ווי צוויי פאַרטריבענע מלכים, וואָס האָבן אויף מאָרגן אַ ריי אין קופּת־חולים. ביידע האָבן מיר נישט אויפגעמאַכט דאָס מויל, בלויז חוהלע האָט מיט די דינע פינגערלעך געפּיקלט אַ מאַרש אויף מיינע קניען. ס׳האָט גענומען אַ קאַרגע האַלבע שעה, און אָט געפינען מיר זיך שוין אין פּתח תקוה, אַ באַגאַסענע מיט לבנה־זילבער.

— וווּ זאָל איך אייך אַראָפּלאָזן? — האָט יחזקאל אַ פרעג געטאָן און פאַרהאַלטן אַ ברייטן גענעץ, מחמת דער אמגעריכטער שפּאַציר האָט אים אַ פּנים נישט פאַרשאַפט קיין איבעריק נחת. דער מוח ביי מיר האָט גיך געאַרבעט. בעצם האָב איך געוווּסט בלויז פון אַ האָטעל גרינשפּאַן אין פּתח־תקוה, ווו ס׳איז אַמאָל איינגעשטאַנען מיינס אַ פריינטל. האָב איך זיך אָנגערופן: „לאָז אונדז אַראָפּ ביים האָטעל גרינשפּאַן. דאָרט וואַרט מען אויף אונדז״.

מיר זענען אַרויס פונעם אויטאָ, כמעט געפאַלן פון די פיס. ווידער אַ מאָל האָבן מיר געדאַנקט יחזקאלן און זענען אַריין אין האָטעל. הינטערן בופעט אין אויפנעמזאַל איז געזעסן אַן אָנגעכמורעטער מענטש.

— האָט קיין פאַראיבל נישט — האָבן מיר זיך געווענדט צום דאָזיקן פאַרשוין.

— מיר וועלן דאָ פאַרווײַלן בלויז געציילטע מינוטן.

שטייען מיר אַזוי אין געהאַקטע ווונדן און שטרענגען אָן די אויערן צו הערן דאָס געזשום פון אַן אויטאָ וואָס מען האַלט ביים לאָזן אין גאַנג. און אָט אַ בראָך! מיין געראָטן ווייבל זאָל לעבן, וואָס האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער, ווערט בלייך און שעפּטשעט מיר אין אויער: „אָט גייט ע ר!" כהרף עין צעפּראַלט זיך די טיר, און יחזקאל באַווייזט זיך. ס׳איז אים פשוט קאַלט געוואָרן אונטערוועגס, דערציילט ער, און דערפאַר האָט ער זיך מיישב געווען אַריינצוגיין אין האָטעל און זיך דער־וואַרעמען מיט אַ הייס גלאָז טיי מיט מילך. דעם אויפנעמער איז דאָס עסק קענטלעך נישט געפעלן געוואָרן און ער האָט אַ זאָג געטאָן צו מיר: „וועמען זוכט איר דאָ אין האָטעל?"

— איך? האָב איך געענטפערט — איך האָב דאָ אַ באַגעגעניש, אַ וייער וויכ־טיקע באַגעגעניש...

— מיט וועמען?

— מיט וועמען? ווי הייסט ער עס, דער ייִד? אויב כ׳האָב קיין טעות נישט, הייסט ער הערשקאָוויטש. יאָ, טאַקע הערשקאָוויטש. איז ער שוין געקומען?

— יאָ — ענטפערט דער אויפנעמער — טאַקע היינט אין אָוונט איז ער געקומען.

— אוממעגלעך! — האָב איך אויפגעהויבן דאָס קול מיינס — ער מ ו ז דאָ זיין, אַזוי האָבן מיר אָפּגעשמועסט.

— נו, איז ער דאָך באַצייטנס געקומען. אין צימער 23.

— אוי, אַ צרה! איך האָב געדאַרפט מיט אים תיכף רעדן. איך בין געווען זיכער, אַז איך וועל אים דאָ טרעפן.

— פעטער, צי האָט איר קיין אויערן נישט? איך זאָג דאָך אייך, אַז ער איז שוין דאָ!

— ווער איז דאָ?

— דער אַדון הערשקאָוויטש, אין 23. אָט רוף איך אים.

דער חברה־מאַן כאַפּט דאָס טרייבל אין האַנט, רעדלט עפּעס אויס און רעדט אַריין חניפהדיק:

— אַדון הערשקאָוויטש? זייט מיר טויזנט מאָל מוחל. כ׳וואָלט נישט געוואַגט אייך אויפצוּוועקן אַזוי שפּעט, אָבער מען וואַרט אונטן, אין לאָבי, אויפן אַדון הערשקאָוויטש.

דער אויפנעמער פרעגט מיך אין וואָס עס גייט און איך ענטפער: „אַ פּער־זענלעכער ענין. גלאַט פּערזענלעך".

בעת דער אַדון הערשקאָוויטש, אַן איינגעטוליעטער אין אַ וואָלענער פּיזשאַמע, איז אַראָפּ פון די טרעפּ און אַריין אין דער לאָבי, מיט פאַרשלאָפענע אויגן און מיט אַ פאַרצאָרנטער מינע, האָבן זיך ביי מיר שיִער נישט די געדערעם איבערגעדרייט. חווהלע איז געשטאַנען אַן אָנגעלענטע אָן דער וואַנט און האָט געגלאָצט אָנגעצויגן צו דער טיר. יחזקאל האָט געזיפּט מיט הנאה טיי מיט מילך ביי אַ טישל. דער אַדון הערשקאָוויטש דערנענטערט זיך מיט געמאָסטענע טריט, און ראַפּטעם צעגיסט זיך אַ ברייטער שמייכל אויפן שלעפעריקן פּנים זיינעם.

— שלום, טייערינקער! — דערפרייט זיך יחזקאל — סאַראַ אומגעריכט מזל, צו טרעפן גראַד דאָ אָן אַלטן גוטן־ברודער! וואָס הערט זיך גוטס ביי דיר?

די צוויי אַלטע גוטע־ברידער האָבן זיך געהאַלדזט און זיך חבריש געקלאַפּט אויף די פּלייצעס. איך און די פּלוניתטע מיינע האָבן אָנגעשטעלט גלעזערנע בליקן אויף דער סטעליע.

— זיץ, יחזקאל! — האָט זיך הערשקאָוויטש צעלאָזט — דערצייל, וואָס האָט עס דיך אַהער אָנגעטראָגן?

— מיך? — האָט דער מכניס־אורח אונדזערער דערווידערט — נישט איך בין עס געקומען צו דיר, נאָר זיי...

— ווער זיי?

איך האָב זיך אַ לאָז געטאָן צום אַדון הערשקאָוויטש און אים אָפּגעגעבן שלום עליכם. מיט אַ נייגעריקן בליק האָט ער מיך פאַרבעטן צו זיצן לעבן זיך.

— גוט — מאַכט ער — וואָס באַדאַרפט איר מיך?

— נו יאָ — האָב איך געענטפערט — עס גייט אין דעם... יאָ, איר רייכערט, אדוני?

— ניין.

— איך אויך נישט. אַ מאָל פלעג איך רייכערן אַ ליולקע, איידער דער דאָקטער האָט מיר פאַרזאָגט...

— הכלל, וואָס איז אייער באַגער?

איך האָב געוואָרפן אַ בליק צו חוהלען. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן און שווער געדעכעט. פון דרויסן האָט זיך געהערט, ווי שאַקאַלן וואָיען.

— אַדון הערשקאָוויטש — האָב איך געמורמלט — איך בין שטאַרק פאַר־אינטערעסירט...

— אין וואָס?

— פאַרשטייט זיך, אין יענעם ענין...

— אין וואַשמאַשינען?

— אַוודאי! — האָב איך געענטפערט. וויניקער אַ שטיין אויפן האַרץ — אָט טאַקע דאָס בין איך אויסן.

— טאָ, וואָס זשע שווייגט איר? — האָט הערשקאָוויטש, אַן אויפגעמונטערטער אויסגערופן — אָט לויף איך רעדן מיט גאָלדשטיינען. איך וועל צו אים טעלעפאָנירן אַהיים.

— ניין! — האָב איך מיט אַ דערשטיקט קול געפּרוווט איבערשפּאַרן — נישט איצט! ס'איז שוין צו שפּעט. מאָרגן, מירצעשעם, וועלן מיר שמועסן מיט גאָלד־שטיינען.

— ווו זענט איר עס אין דער וועלט? — שלאָגט מיך הערשקאָוויטש איבער — גאָלדשטיין פליט דאָך מאָרגן גאַנץ פרי קיין מילאַנאָ!

און הערשקאָוויטש מאַכט נישט קיין שהיות, רעדלט אויס גאָלדשטיינס נומער און בעט אים, נישט פאַראיבל צו האָבן, וואָס ער רייסט אים איבער דעם שלאָף אין סאַמע מיטן נאַכט. ער וואָלט עס אַוודאי נישט געטאָן, אָבער דער אַדון פון תל־אביב

איז נאָר וואָס אַליין אַהער געקומען, און אפשר וועט מען מיט אים גיך דערגיין אַ טאָלק. ער ווייזט אויס צו זיין אַ ליטישער מענטש, און אַ גוטער־ברודער מיינער, איינער יחזקאל שפיגל האָט אים אַליין געברענגט צו מיר.

מיר ביידע, איך און די גרעאַטענע חווהלע, האָבן בשעת מעשׂה אַ טראַכט געטאָן, צי ס׳וואָלט נישט געווען אַ סברה, אַ שפרונג צו טאָן צו דער טיר און אַנטלויפן אין דער חשכות אַריין מיט אַ געוואַלט: „איך האָב אַ נומער אין קופת חולים אויף מאָרגן 11 אַ זייגער פאַר מיטאָג." מיר זענען אָבער געבליבן אויפן פּלאַץ צוליב יחזקאלן. הערשקאָוויטש האָט זיך אומגעקערט צום טיש, מיט אַ דין שמייכעלע אויף די ליפּן, און אָנגעזאָגט אַ בשׂורה: אָט־אָט טוט ער זיך אָן, און מיר אַלע וועלן תיכף זיך פאַרנעמען קיין חדרה. יחזקאל וועט אַוודאי נישט ברוגז זיין, אויב מיר וועלן אים בעטן, ער זאָל אונדז אַהין אָפּפירן.

— אַ ברירה האָב איך? — האָט יחזקאל פאַרקרימט די לאַנגע נאָז זיינע — מילא, איך האָב בדעה געהאַט היינט פריִער זיך צו לייגן, אָבער ס׳איז דאָך הימל עפן זיך!

מיר — איך און מיינע זאָל לעבן — האָבן זיך אַפילו נישט אַנטקעגנגעשטעלט. מיר זענען אַריין אויף גאָטס באַראָט אין אויטאָ, כדי הערשקאָוויטש זאָל אונדז באַקענען מיט גאָלדשטיינען אין חדרה. אַרום 4 אַ זייגער פאַר טאָג האָבן מיר זיך אַהין דערשלאָגן. גאָלדשטיין האָט אונדז מקבל פּנים געווען, עלעהיי ער וואָלט געזעסן אויף שפּילקעס, און איז תיכף צוגעטרעטן צום ענין:

— דרייסיק פּראָצענט פון די אַקציעס זענען נאָך בנמצא — האָט ער מיר מודיע געווען — זענט איר דערויף אַ בעלן?

— מעגלעך — האָב איך געענטפערט — אָבער לאָזט מיך קודם אַ נאַכט אַריבערשלאָפן, איידער איך זאָג יאָ.

— ווי איר ווילט — האָט גאָלדשטיין געפּסקנט, זיך אויפגעהויבן פון דער שטול און צוגעגעבן — אויב אַזוי, לאָמיר איך שוין איצט צונויפפאָרן מיט וויינבערגערן. וואָס זיכער איז זיכער.

— ניין, ניין! — האָב איך געשטאַמלט — איך דאַרף נישט קיין וויינבערגער. איך קויף אַלע אַקציעס.

דערנאָך האָב איך געחתמעט עפּעס אַ פּאַפּירל — איך געדענק שוין נישט וואָס, מחמת די גאַנצע וועלט האָט זיך אַ ביסעלע פאַרנעפּלט אַרום מיר. איך האָב אויפגעוועקט מיין גרעאַטן ווייבל, און דער זעלטענער מכניס־אורח אונדזערער האָט אונדז אַריבערגעפּעקלט צוריק קיין תל־אביב. פון דאָרט האָב איך זיך אַ לאָז געטאָן גלייך צו דער קופת חולים, כדי איך זאָל נישט אָנווערן דעם נומער פאַר עלף אַ זייגער.

פאַר איין וועגס האָב איך ביים קיאָסק לעבן דער קופת־חולים געקויפט אַ צייטונג. אויף דער ערשטער זייט האָט מיר אַנטקעגנגעלויכטן נישקשה פון אַ שטיקל נייעס:

— דער גאָלדשטיין־קישון טרעסט האָט פאַרלייגט אין חדרה אַ פאַבריק פון וואַשמאַשינען (סולל־בונה מיט 42 פּראָצענט, גאָלדשטיין מיט 28 פּראָצענט, קישון 30 פּראָצענט). די פאַבריק וועט אויסאַרבעטן סחורה אין באַטרעף פון אַ האַלבן

מיליאָן אַ יאָר, וואָס וועט קלעקן פֿאַר דער פּולער באַדערפֿעניש פֿונעם נאָענטן מזרח.

הגם דער דאָזיקער סכום איז נישט מער ווי אַ בערכדיקער, האַלט איך פֿונ־דעסטוועגן, אַז ס׳איז געווען די סאַמע גרעסטע הכנסת אורחים אין לויפֿנדיקן שטייער־יאָר.

פֿאַראַן בלויז איין און איינציקער שאָטן, וואָס פֿאַרטונקלט עטוואָס די הצלחה מיינע: זינט דעמאָלט זענען די שפּיגלס געוואָרן קאַלט צו אונדז. מען טאָר נישט אויסנוצן קיין פֿריינדשאַפֿט פֿאַר געשעפֿטן, טענהן זיי. ווערדליק זיי קוקן דערויף, זענען זיי גערעכט. ס׳איז אָבער, דוכט זיך, פֿאַראַן אויך עפּעס דערפֿון, וואָס דער לא־יצלח איז מקנא דעם בר־מזל...



# שיכעקספּאָרט

**א**יר גאַרט דאָך מסתמא צו וויסן, פון וואַנען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן? טאָ הערט: געטראָפן האָט עס פאַר פסח, ווען אומעטום שמעקט מיט איינהאַנדלען מציאות לכבוד יום־טוב. דעמאָלט האָט זיך מיר פאַרגלוסט איינצוהאַנדלען שיך פון אמתדיקן זאַמשלעדער, מיט קרעפּזוילן און מיט קליינע לעכעלעך אין אויבער־חלק — פּאַר אַ צוגווינט, ווי אין אַמעריקע. בין איך אַוועק אין אַ שיכקראָם אין סאַמע מיטן וועלט, אויף אַלענבי־גאַס אין תל־אביב, דער לעדערנער שטאָט, און געבעטןביים קרעמער (איינער, אַן אַדון טרייביטש) אַזאַ מין פּאָר שיך.

— זייט מוחל, טוט אויס די שיך אייערע! — האָט מיר דער אַדון טרייביטש באַפוילן, און איך האָב אים תיכף געפאָלגט. יאָוועט זיך אָבער באַלד אַ צרה: נישט פאַראַן אין קראָם אַלץ אין איינעם — אי זאַמש, אי קרעפּזוילן, אי אַמעריקאַנישע לעכלעך, נאָר פון יעדן סאָרט באַזונדער. אַ יאוש האָט געמומען מיך נאָגן אונטערן האַרץ־לעפּעלע, אָבער ממש אין דער לעצטער רגע האָט ביים אַדון טרייביטש אויפגע־בליצט אין מוח, און ער מאַכט צו מיר האַפּערדיק:

— ס׳וועט גוט זיין! אָט שיק איך אַ שליח אין אונדזער אָפּטיילונג לעבן דער פּאָסט און דער שליח וועט תיכף ברענגען אַזוינע שיך, ווי איר פאַרלאַנגט.

דער אַדון טרייביטש האָט אַ צי געטאָן די רעכטע ברעם — דאָס האָט באַטייט אויף זיין לשון: „קום אהער״ — און אָנגעזאָגט דעם שליח:

— הער־זשע, צאַליק! טו אַ לויף צום פיליאַל לעבן דער פּאָסט און זאָלן זיי דיר געבן אַמעריקאַנישן זאַמש מיט קרעפּ, נומער 41! פאַרשטאַנען?

דער שליח, אַן אָפּגעשטאַנען צעשויבערט בחורל פון אַ יאָר 14, האָט געזשמורעט מיט די גלעזערנע אייגעלעך און געענטפערט:

— יאָ, אָבער צו וואָס?

— אויף דעם־אָ טיפּש וועל איך זיך נישט פאַרלאָזן — גיט מיר דער אַדון טרייביטש צו וויסן — ער אַרבעט ביי אונדז די ערשטע וואָך. ס׳איז גלייכער, אַז איר זאָלט אים געבן אייערע שיך, כדי ער זאָל נישט ברענגען אַ נישט ריכטיקן נומער.

און טאַקע אויף דער הייסער מינוט האָט דער קרעמער אַריינגעלייגט די אויס־געטרעטענע שיך מיינע אין אַ ליידיקער קאַרטאָן־פּודלע, דערלאַנגט זי צאַליקן און אים אונטערגעטריבן:

— געדענק־זשע: זאַמש־קרעפּ נומער 41, לויטן מאָדעל. מאַך פיס!

— אַדון טרייביטש! — שטאַמלט דאָס שליחל — איך ווייס נישט וווהין צו גיין, אַדון טרייביטש.

— וואָס, דו ווייסט נישט, ווו די פּאָסט געפינט זיך?
— יאָ, דאָס ווייס איך.
— נו, שטיי־זשע נישט ווי אַ פלאָקן! לויף! ס'ברענט!
בקיצור, איך בין אָפּגעזעסן אין קראָם, מחילה, אין די בלויזע זאָקן, אַ קיימא־לן פון צוויי שעה מיט צוואַנציק מינוט, געבאַלעבעטשעט פון פייער און פון וואַסער, און דער שליח איז ווי פאַרפאַלן געוואָרן. סיי איך און סיי דער אַדון טרייביטש זענען מיר שוין געווען אַ ביסעלע דענערווירט, הגם מיר האָבן דאָס נישט אַרויסגעוויזן. אַ שלל מיט טעמעס האָבן מיר שוין געהאַט אויסגעשעפּט — אָנגעהויבן פון וויעט־נאַם ביז צום פּראָבלעם „ווי אַזוי באַנוצט מען שיכלעפל?". ערשט צעפּראַלט זיך די טיר מיט אימפּעט, און צאַליק פאַלט אַריין אַ פאַרפּרייכטער, מיט ליידיקע הענט...
— נו, — גיט אַדון טרייביטש אַ ברום — ווו זענען די שיך?
— אַוועק זענען זיי — שעפּטשעט דאָס בחורל — מיט לופטפּאָסט!...

*

די אינעווייניקסטע אויספאָרשונג האָט זיך דערגריבלט צו אַט־וועלכע פּרטים:
דער תמעוואַטער צאַליק איז געלאָפן אין איין אָטעם צו דער פּאָסט און האָט זיך אַוועקגעשטעלט ווו ס'איז נויטיק, ביים פענצטערל נומער 4. די ריי איז פאַמעלעך געקראָכן פאָרויס, מחמת ס'איז געווען אַ ריי פאַר רעגיסטרירטע בריוו, און איינער, אַ טרעלבויך, האָט געברענגט צו טאַסקען פון אַ מלוכה־אַמט וואָסערע 1200 בריוו. אונדזער שליחס מזל האָט אָבער געשיינט, און שוין אין אַ שעה אַרום האָט ער זיך בשלום דערשלאָגן צום פּקיד. צאַליק האָט אונטערגעטראָגן דעם פּקיד די פּודלע און אַ זאָג געטאָן:
— זאַמש־קרעפּ נומער 41.
— פענצטערל 8 — האָט דער פּקיד געברומט — נו, ריר זיך, יונגערמאַנטשיק!
צאַליק איז דערגאַנגען צום פענצטערל נומער 8, ווו מען וועגט פּעקלעך, און האָט דערלאַנגט דאָס פּעקל זיינס דעם פּקיד. דער פּקיד האָט די פּודלע אָפּגעוווויגן און געמאַכט:
— ד אָ ס קאָן מען נישט שיקן ווי אַ בריוו, ס'איז אַ פּעקל.
— מאַכט נישט אויס — ענטפערט דאָס בחורל און זשמורעט מיט די אויגן — דער אַדון טרייביטש וויל דווקא אַזוי.
— זאָל זיין אַזוי — ציט דער פּקיד מיט די אַקסלען — ווהין, אַ שטייגער, גייט דאָס פּעקל?
— זאַמש־קרעפּ אַמעריקע, נומער 41.
— דער פּקיד האָט געכאַפּט אַ קוק אין טאַריף־ביכעלע און געפּסקענט:
— דאָס וועט דיך קאָסטן צוויי פונט מיט 28 גרוש. עקספּרעס?
— יאָ, עקספּרעס.
— איז נאָך 49 גרוש. געלט האָסטו?
— יאָ, דוכט זיך...

אין יענער רגע האָט געטראָפן אַן אומגליק. דער פקיד האָט באַקוקט די פּודלע פון אַלע זייטן און נישט געפונען אויף איר קיין סימן פון אַן אַדרעס.

— חוזק מאַכט מען ביי אייך — האָט ער זיך צעשריגן אויפן שליח — צי וואָס? קיינער קען ביי אייך נישט אָנשרייבן קיין אַדרעס?

— נישט אַלע — האָט צאַליק געענטפערט אַ פאַרשעמטער — אַכט ברידער זענען מיר, און בלויז איינער האָט זיך געלערנט לייענען אין אַ קיבוץ.

— אַ לייטישע משפחה! — האָט דער פקיד מיט ביטול געפּאָנפעט. צום סוף האָט זיך דאָס יידישע האַרץ זיינס פאָרט דערוואַרעמט, און ער האָט אַ פרעג געטאָן, מיט דער בלייפעדער אין האַנט:

— אַדרעס?

— זאַמש־קרעפּ אַמעריקע, נומער 41.

„מיסטער זאַמש־קרעפּ, פאַראייניקטע שטאַטן" — האָט דער פקיד אָנגעשריבן אויף דער פּודלע.

— גוט, אָבער וועלכע גאַס, וועלכע שטאָט?

— דער אַדון טרייביטש האָט געזאָגט: דאָרט ווו די פּאָסט איז.

— דאָס איז צו ווינציק.

— זאַמש־קרעפּ אַמעריקע, נומער 41 — האָט צאַליק געמאַטערט דאָס מוחל זיינס — מער האָט אַדון טרייביטש נישט געזאָגט.

— אַלע זענט איר דאָרט אידיאָטן — האָט דער פקיד געוואָרטשעט, און דאַן פאַרשריבן פון געניטשאַפט: שטאָט ניו־יאָרק, ברוקלין, פּאָסטקעסטל נומער 41.

— ווער שיקט עס דאָס פּעקל?

— דער אַדון טרייביטש.

— ווו וווינט ער?

— דאָס ווייס איך נישט, אָבער ער איז דער באַלעבאָס פון אַ שיכקראָם אויף אַלענבי־גאַס.

*

אייערנעכטן האָב איך זיך פון ס'ניי אַריינגעכאַפּט אין יענער שיכקראָם, סתם צו דערוויסן זיך, וואָס הערט זיך. דער אַדון טרייביטש האָט מיר געוויזן אַ בריוול פון איינעם אַ מיסטער זאַמש־קרעפּ אין צפון־קאַראָליינע (דער אַדרעס איז אַ פּנים געווען פאַרגרייזט). דער מיסטער דאַנקט פאַר דער שיינער מתנה, אָבער ער גיט אָנצוהערן, אַז ער וואָלט מער הנאה געהאַט פון נ י י ע לעדערשיך, מחמת זיי האַלטן לענגער. ער לייענט אַ סך וועגן דער יידישער מדינה, און דאָך איז דאָס פּעקל פאַר אים געווען אַ סיורפּריז...



# די קאַקאַאָ־שפּיל

עמיר, דאָס רויטע ייִנגעלע אונדזערס, געהער צו די שלעכטע עסערס. פון תמיד אָן האָט ער שלעכט געגעסן. ער האָט פּשוט פיינט צו קייען, סיידן גומענע מאַמקעס. געניטע מאַמעס האָבן אונדז געעצהט אויסצוהונגערן דאָס יאַטל, עטלעכע טעג אים גאָרנישט געבן צו עסן, ביז ער וועט אַליין קומען צו קריכן אויף אַלע פיר. מיר האָבן געפאָלגט, ביז עמירן זענען די כוחות אויסגעגאַנגען און ער האָט טאַקע בלויז געקאָנט קריכן אויף אַלע פיר. נו, האָבן מיר אים געברענגט צו אַ פּראָפעסאָר אַ מומחה פאַר קינדער־האַדוואַניע. דער מומחה האָט געוואָרפן אַ גיכן קוק אויפן זונדל אונדזערן און געפרעגט:

— ער עסט נישט?

— ניין.

— ער וועט אויך ווייטער נישט עסן.

דאָס באַטייט, אַז דער פּראָפעסאָר האָט דערזען, אַז ס'איז אַ פאַרפאַלענע זאַך — אַ קינד מיט אַ מעגעלע פון אַ זומער־פייגעלע. מיר האָבן דעם פּראָפעסאָר אַריינגערוקט אין יד אַריין אַ לייטישן האָנאָראַר פאַר דער באַהאַנדלונג, און פון דעמאָלט אָן האָבן מיר גענומען שטאָפּן עמירל ביי טאָג און ביי נאַכט, ווי דער אייבערשטער האָט געבענטשט דעם זיידן אָדם: „מיטן שוויס פון דיין פּנים וועסטו עסן דאָס שטיקל ברויט!"

אונדזערע ביידנס נערוון — מיינע און מיין פרויס — האָבן שוין נישט אויסגעהאַלטן, אָבער דאַנקען גאָט, דער שווער מיינער האָט דערזען דערין זיין לעבנסציל: ער פלעגט דערציילן דעם אייניקל מעשהלעך און עמיר פלעג עפענען דאָס פּיסקעלע און פאַרגעסן, אַז ער טאָר נישט טרינקען. פאַרשטייט זיך, אַז די גרעסטע שוועריקייט איז געווען מיט קאַקאַאָ, און עמירס גופעלע נייטיקט זיך ביז גאָר אין דעם דאָזיקן געטראַנק, וואָס שווימלט סיי מיט וויטאַמינען, סיי מיט מינעראַלן און אַנדערע באַרליאַנטן. איז, האָט דער זיידע זיך אָפּגעזונדערט אינעם קינדער־צימער יעדן אָוונט מיט עמירן און מיט אַ טעפּעלע קאַקאַאָ. מיט אַ שעה צי מיט אַנדערטהאַלבן שעה שפּעטער פלעג זיך באַווייזן דער זיידע, אָן אויסגעמאַטערטער און אַ ציטערנדיקער, אויפן שוועל און אָנזאָגן די פריילעכע בשורה:

— ער האָט אויסגעטרונקען אַ האַלב טעפּעלע!

סוף זומער איז געשען די אומגעריכטע ווענדונג. אין אַן אויפדערנאַכט איז דער זיידע אַרויס פונעם קינדער־צימער און האָט אויסגערופן מיט התפּעלות:

— ער האָט אויסגעטרונקען דעם גאַנצן קאַקאַאָ!

— ווי אַזוי איז עס אייך געראָטן? — האָב איך זיך געחידושט.

— איך האָב אים געזאָגט: לאָמיר פירן דעם טאַטן אין באָד אַריין! — האָט דער כיטרער זיידע אַנטפּלעקט דעם סוד — לאָמיר אָנפילן דאָס ליידיקע טעפּעלע מיט וואַסער פונעם קראַן און זאָגן דעם טאַטן, אַז דו האָסט גאָרנישט געטרונקען. דער טאַטע וועט זיך צעהיצן, און דאַן וועלן מיר אים דערציילן אַז מיר האָבן אים אונטערגעפירט.

פון מיין זייט האָב איך דאָס שפּיצל געהאַלטן פאַר צו פּרימיטיוו, אָבער אונטערן דרוק פון דער פּרוי („דער עיקר איז, אַז דאָס קינד זאָל אויסטרינקען דעם קאַקאַאָ!") האָב איך זיך אונטערגעגעבן. דער זיידע איז אַרויס פונעם וואַשצימער מיט אַ טעפּל מוטנע וואַסער אין האַנט און האָט אַ זאָג געטון:

— עמיר האָט היינט גאָרנישט געטרונקען.

— אוי, בין איך אויף אים אין כעס! באַלד וועל איך אים ממיתן! — האָב איך געקאָכט — אַנו, דערלאַנג מיר דאָס טעפּל און איך וועל אַליין אויסטרינקען דעם קאַקאַאָ.

עמירס אייגעלעך האָבן זיך צעפינקעלט ווי דימענטן, בעת איך האָב טועם געווען: אַס נמאסע שווענקעכץ און תיכף עס אויסגעשפּיגן.

— פע, סאַראַ חלשותדיק געטראַנק!

— כאַ־כאַ־כאַ! מיר האָבן דיך אונטערגעפירט!

דער קליינער האָט זיך הפקרדיק צעטאַנצט און געלאַכט ווי אַ גלעקל, אָבער ס'איז כדאי געווען, ווי מיין פּרוי האָט געטענהט.

צו מאָרגנס — די זעלביקע שפּיל. דער זיידע גייט אַוועק אין וואַשצימער, איך צעפלאַם זיך פאַר כעס, גיי אַרויס פון די כלים, שפּיי אויס דאָס מוטנע וואַסער און „אָפּגענאַרט! אונטערגעפירט!". פון דעמאָלט אָן, אָוונט ביי אָוונט, די אייגענע קאַקאַאָ־צערעמאָניע, מיט דער פּינקטלעכקייט פון אַ שווייצער זייגער. אָנגעהויבן פון חודש אויגוסט האָט זיך דער ספּעקטאַקל געפירט שוין אָן דעם זיידן (דאָס קינד אַנטוויקלט זיך, קיינעהאָרע!). עמיר גייט שוין אַליין אין וואַשצימער, און איך ווער אָנגעצונדן פאַר כעס, צעווילדעווע זיך, ...אָפּגענאַרט! אייגעלעך ווי דימענטן... געלעכטער ווי אַ גלעקל... דאָס עסק האָט גענומען מיך אַ ביסל גריזשען.

— טייבעלע מיינס — האָב איך געפרעגט דער קליינער — נישט שוין־זשע איז ביי אונדז געבוירן געוואָרן אַ פאַלנער גולם?

שוין אַ היפּש שטיקל צייט בויערט אין מיר אַ שאלה: וואָס קלערט ער זיך, עמירל מיט די דימענטענע אויגעלעך? אַז איך פאַרגעס יעדן אָוונט, וואָס ס'איז געשען נעכטן, אַזוי עטלעכע חדשים כסדר? צי דוכט זיך אים, אַז איך בין אַזאַ שמענדריק? די פּרוי מיינע האָט געטענהט, אַז וואָס דאָס קינד טראַכט איז ווערט אַ ציבעלע־שאָלעכץ. דער עיקר איז, ער זאָל אויסטרינקען דעם קאַקאַאָ.

ס'איז באמת אַ רעטעניש, אונדזער עמירס נשמהלע. אָט אַנומלט, דוכט זיך סוף אָקטאָבער, האָב איך פאַרגעסן צו פאַרזוכן דאָס שווענקעכץ. איידער איך האָב געזאָגט דעם פּסוק „פע, סאַראַ חלשותדיק געטראַנק!" און איך האָב אויסגעגאָסן דאָס טעפּעלע, ווי נאָר ער האָט עס מיר דערלאַנגט.

— אבא! — האָט זיך דאָס תכשיטל צעכליפּעט — דו האָסט נישט פאַרזוכט!

די געבליטן האָבן מיר אַ זעץ געטאָן צום מוח. וואָס בין איך עס עפּעס? אַ חדר־ייִנגל?

— מען דאַרף נישט פאַרזוכן! — האָב איך געשריִגן — מען זעט דאָך, אַז ס׳איז וואַסער!

— פאַר וואָס זשע האָסטו אַ מאָל יאָ פאַרזוכט, ליגנער איינער?

הייסט עס, אַז עמיר ווייסט דווקא יאָ, אַז מיר טרייבן אַן אידיאָטישע שפּיל יעדן אָוונט, און אַלץ איז פאַר אים קלאָר. טאָ, וואָס זשע טויג איבערצוחזרן דעם אָנשטעל טאָג־איין, טאָג־אויס?

— דאָס פאַרשפּילט אים — טענהט די קליינע מיינע — דער עיקר איז...

דער ווינטער איז אַדורך בשלום. אָנהייב נאָוועמבער האָט עמיר אַ ביסל איבערגעאַנדערשט דעם איינגעשטעלטן דיאַלאָג צווישן אונדז ביידע. ער האָט זיך גענומען זאָגן: „איך האָב גאָרנישט געטרונקען! דאָס איז נישט קאַקאַאָ, נאָר קאַקאַ...״ סוף דעצעמבער האָט עמיר אַריינגעטראָגן אַ ווייטערן שינוי אין פּראָגראַם: בעת ער האָט מיר דערלאַנגט דאָס שווענקעכץ, האָט ער אַריינגעשטעקט דעם גראָבן פינגער זיינעם אין טעפּל און גוט אַדורכגעמישט. לכתחילה האָב איך דעם פרישן אויפטו נישט סובל געווען. שוין אין די ערשטע נאָכמיטאָג־שעהען האָט מיך גענומען נאָגן דער געדאַנק, אַז פאַר נאַכט וועט זיך יאָווען דאָס אויסווורפל מיט די דימענטענע אייגעלעך און מיטן קלינגענדיקן קולעכל. פאַר וואָס טרינקען אַלע קינדער קאַקאַאָ אָן טעאַטער־פאַרשטעלונג און איך בין געשטראָפט מיט אַזאַ אומגעלומפּערט קינד?

ערב נייִיאָר האָט געטראָפן אַן אויפטרייסלענדיקע זאַך. איך ווייס אַליין נישט, סאַראַ דיבוק ס׳איז אין מיר אַריין, אָבער אין יענעם אויפדערנאַכט, בעת דאָס אָנשי־קעניש מיינס האָט מיר דערלאַנגט דאָס שווענקעכץ, האָב איך עס נישט אויסגעשפּיגן, נאָר אויסגעזשליאָקעט דאָס פאַסקודסטווע ביז צום דנאָ. איך האָב שיִער נישט זיך דערמיט דערוואָרגן, אָבער איין מאָל האָט עס געמוזט געשען. עמיר האָט זיך צוגע־קוקט אַ געפּלעפּטער און דאַן אויסגעשאָסן מיט אַ קוויטש:

— פאַר וואָס? פאַר וואָס?

— וואָס הייסט פאַר וואָס — האָב איך זיך מיט אים געררייצט און געקילט זיך דאָס האַרץ — דו האָסט דאָך בפירוש געזאָגט, אַז דו האָסט גאָרנישט געטרונקען („דאָס איז נישט קאַקאַאָ, נאָר...״) האָב איך געטראַכט: גוט, איך וועל עס אַליין אויסטרינקען! נו, איז וואָס!

עמירס אויגעלעך האָבן מיך אַדורכגעשפּיזט מיט שׂנאה און די גאַנצע נאַכט האָט ער געכליפּעט.

הייסט עס, אַז ער האָט כסדר וויל געוווסט, אַז איך מאַך אַן אָנשטעל. צו וואָס זשע יעדן אָוונט די זעלבע שפּיל? די קליינע האָט פון ס׳ניי געלאָזט הערן דעם קלוגן זאָג:

— דאָס קינד טרינקט קאַקאַאָ, און מער טאָר אונדז נישט אָנגיין.

די קאַקאַאָ־שפּיל האָט זיך געצויגן אָוונט ביי אָוונט פון בערך 7 אַ זייגער. ס׳האָט שוין אַפילו אויפגעהערט מיך צו אַרן, וואָרעם ווער איז עס פאַראַנטוואָרטלעך פאַר

די נאַרישקייטן פון נישט געראָטענע קינדער? עלעהיי אַן ערדציטערניש, גיי שריי חי וקיים! פאַראַן טאַטע־מאַמע מיט לייטישע קינדער, און פאַראַן קאַפּויער. אַ ברירה האָט מען?

און אָט אַן אומגעריכטע צרה!

ביי עמירס פינפטן געבוירן־טאָג האָט זיך די שעה פון דער קאַקאַאָ־שפּיל אַ ביסל פאַרשפּעטיקט, וואָרעם מיר האָבן מסכים געווען, אַז ער זאָל פאַרברענגען דעם אָוונט מיט זיינע חברימלעך. ער האָט זיך מיט די שנעקלעך פאַרשלאָסן אין קינדער־צימער און מיטגענומען דאָס שלימזלדיקע טעפּל. נאָך אַ שטיקל צייט לאָז איך זיך גיין אַהינצו, כדי צו דערמאָנען, אַז עס ווערט שפּעט. אומגערן בלייב איך שטיין פון דרויסן און דערהער פון אינעווייניק, ווי עמיר זאָגט צו דער חברה זיינער:

— איצט מוז איך גיין אין וואַשצימער און אָנצאַפּן וואַסער אין אָט־דעם...

— פאַר וואָס — פרעגט גילי?

— דער טאַטע וויל אַזוי.

— פאַר וואָס?

— איך ווייס נישט. יעדן אָוונט דאָס אייגענע...

מיט אַ מאָל איז מיר אַלץ קלאָר געוואָרן. דער תכשיט מיינער האַלט, אַז איך בין עס דער, וואָס נייטיקט זיך אין דער דאָזיקער שפּיל. מיר צוליב מאַכט ער עס דעם אָנשטעל. אוי, דאָס דאָזיקע יאַטל איז נישט קיין גולם, נאָר סתם אַ מזיק...

צו מאָרגנס האָב איך זיך אַ נעם געטאָן צו עמירן:

— הער אויס, זון מיינער! — האָב איך אים געזאָגט — דער טאַטע דיינער וויל מאַכן אַ סוף מיט די קאַקאַאָ־נאַרישקייטן. אַלץ איז טאַקע שיין און וווּיל, אָבער נישט דערציִעריש. לאָמיר צוטראַכטן עפּעס שענערס.

דער בחור האָט זיך צעשפּילט מיט אַ ניגון אויף די גאָר הויכע סטרונעס, אַז די גאַס וועט עס פאַרגעדענקען לדור דורות. זי, מיינע זאָל לעבן, איז אַריין ווי אַ וויכער, ממש מיך דורס צו זיין, למאי איך בין אַן אַכזר און אַ בייזער עקשן.

— אויב דאָס קינד וועט זיך אָפּזאָגן פון קאַקאַאָ — האָט זי מיר אָנגעזאָגט — וועט ער אין גיכן ווערן אויסגעטריקנט.

מילא, צו קיין גט האָב איך נישט דערלאָזט, און די קאַקאַאָ־שפּיל איז נישט אַראָפּ פון דער בינע. אַ מאָל טרעפט, אַז מיין זונדל שרייט אַרויס פונעם וואַשצימער:

— טאַטעשי, מעג איך שוין קומען מיטן וואַסער?

און איך בעבע תיכף דעם פּסוק מיינעם ווי אַ פּאַפּוגיי:

— איך קאָן פאַר כעס, איך שפּרינג פון דער הויט!...

וואָס ווילט זיך מער? אַנומלט אין אַן אויפדערנאַכט, ווען מען האָט געהאַט אַריינגעשפּריצט דעם יאַטל עפּעס קעגן גריפּע, האָב איך אַליין אָנגעגאָסן פונעם קראַן אין וואַשצימער אַ פול טעפּל און עס אויסגעטרונקען.

— אָפּגענאַרט! — האָבן עמירס אויגעלעך געפינקעלט ווי דימענטן — אונטער־געפירט!

די סאַמע לעצטע נייעס: מיין יִינגעלע זאָל לעבן האָט פאַרטראַכט אַ שפּאָגל נייעם נוסח אין לאַ־מינאָר. בעת ער קומט אַרויס פונעם וואַשצימער מיט אַ פול טעפּל,

פּרעפּלט ער שוין אַליין דעם פּיזמון מיינעם:

— איך קאָך פּאַר כּעס! איך שפּרינג פון דער הויט!...

איך דערפּיל אַ לייכטן קאָפּשווינדל.

— זאָג מיר — האָב איך געפרעגט דער פרוי — ער ווייסט דען נישט, אַז ע ר רעדט עס און נישט א י ך? צי האַלט ער אפשר, אַז איך רעד ווען ער רעדט? וואָס קומט דאָ פאָר?

געענטפערט האָט מיר מיין ליבע פרוי, אַז דער סאַמע עיקרדיקסטער עיקר איז: טרינקען קאַקאַאָ.

איך האָב בדעה זיך אַריינצוכאַפּן צום דאָקטער...



# די באַגעגעניש פונעם צווילינג

רוי נאָר דער ווינטער האָט זיך באַוויזן, האָט געפּלאַצט אַ וואַסעררער אין אַ וואַנט פון מיין אַרבעט־צימער און אַ ברוינער פלעק האָט זיך גענומען אויסשפּרייטן אויפן טינק. איך האָב געוואַרט צוויי קיילעכיקע מעת־לעתן, אפשר וועט דער שפּאַלט זיך פאַרשטאָפּן פון זיך אַליין. אַזוי ווי דער נס איז נישט געשען, האָב איך זיך, באין־ברירה, געווענדט צום אינסטאַלאַטאָר, דעם לעגענדאַרישן שטוקס.

שטוקס וווינט, ווי קינד־און־קייט ווייסן, אין חולון, און ס׳איז קריעת ים־סוף אים צו כאַפּן. פון דעסטוועגן איז מיר געראָטן צו דערטאַפּן דעם דאָזיקן פאַרשוין ביים פוטבאָל־מעטש „הפועל תל־אביב״ — „הפועל ירושלים״. ער איז געווען גוט אויפגעלייגט צוליבן דערגרייכטן רעמי, און ער האָט מיר אַפילו צוגעזאָגט צו קומען, בתנאי איך זאָל אים אָפּפירן מיטן אויטאָ צו דער דירה מיינער איידער ער גייט צו דער אַרבעט, דאָס הייסט האַלב זעקס אין דער פרי. איך האָב אים געפרעגט, פאַר וואָס ער גייט אַזוי פרי אַרבעטן, און צי דער רעמאָנט ביי מיר הייסט נישט קיין אַרבעט. שטוקס האָט געענטפערט, אַז ניין.

הכלל, איך האָב שטוקסן געברענגט צו זיך אַהיים האַלב זעקס אין דער פרי. ווי נאָר ער האָט געוואָרפן אַ בליק אויף דער נאַסער וואַנט, האָט ער אַ מאַך געטאָן:

— ווי אַזוי וועל איך צוקומען צו דער רער? קודם־כל דאַרף אַ מוליער אויפרייסן די וואַנט.

ער האָט זיך תיכף פאַרנומען, און ביי דער טיר שוין האָט ער אַ ברום געטאָן, אַז צוליב מיר האָט ער פאַרלוירן אַ טאָג אַרבעט. איך בין געבליבן איינער אַליין מיטן ברוינעם פליך און מיט דער האַרבער שאלה: ווו נעמט מען עס איצט מוליער, אַז איך קען נישט און ווייס נישט קיין מוליער? איך בין אַוועק נאָכפרעגן ביי באַקאַנטע, שכנים, קאָלעגן און סתם גוטע־ברידער, אָבער קיינער האָט נישט געוווּסט פון קיין מוליער. סוף־כל־סוף האָט עמעצער, וואָס האָט אַ ברודער אַ קבלן, מיר פאַרגעלייגט צו רעדן מיט גדעון, איינעם אַ „תיקונטשיק״, וואָס פאַרנעמט זיך מיט פאַרריכטן קאַליע וועגט און ווינט טאַקע נישט ווייט, אין בת־ים.

געכאַפּט גדעונען האָב איך גאַנץ פרי. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַ קוק טון ביי מיר קאָן ער ערשט נאָך דער אַרבעט — ניין אַ זייגער ביי נאַכט. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב אים צוגעפירט צו מיר ניין אַ זייגער ביי נאַכט. גדעון האָט באַקוקט די דורכגעווייקטע וואַנט און זיך אָנגערופן:

— ווי קאָן איך אויפרייסן די וואַנט, אַז פון דער רער גיסט זיך? קודם רופט, זייט מוחל, דעם אינסטאַלאַטאָר, ער זאָל אָפּשטעלן דאָס וואַסער.

אַ דראָזש האָט מיך אַרומגענומען, פאַר אַ־דעם זאָג האָב איך די גאַנצע צייט מורא געהאַט. ס'איז דאָך קלאָר, אַז די ביידע מייסטערס מוזן זיך צונויפטרעפן. שטוקס איז נישט בכוח צו דערגרייכן די רער אָן גדעונען, און גדעון ווידער וועט אַרויס אָן אויסגעוויקטער אָן שטוקסן. ביידע זענען זיי עס, להבדיל, ווי אַ קאָסמאָנאַוטן־צווילינג, וואָס יאָגן אין חלל אויף פאַרשידענע סאַטעליטן און מען דאַרף זיי צונויפפירן איינער מיטן צווייטן.

עס שרייבט זיך לייכט, וואָרעם פּאַפּיר איז בטבע געדולדיק, אָבער ווען כ'האָב בלויז געטראַכט וועגן צונויפפאָרן דעם קאָסמאָנאַוטן־צווילינג, שטוקסן מיט גדעונען, האָבן ביי מיר די האָר זיך געשטעלט קאַפּויער. קאָסמאָנאַוטן אַרבעטן לויט אַן איינהייטלעכן פּליפּלאַן און אין דער זעלביקער צייט, בשעת שטוקס איז פריי גאַנץ פרי און גדעון — שפּעט ביי נאַכט. איז ווי אַזוי וועט קומען די ישועה?

צוויי מאָל האָב איך באַזוכט די טאָלן פון חולון און דריי מאָל די ברעגעס פון בת־ים, כדי צונויפצופירן דעם צווילינג, אָבער אַ נעכטיקער טאָג! די פשרה, וואָס כ'האָב פאָרגעלייגט, צו טרעפן זיך ביי מיר אַ פערטל נאָך איינס ביי נאַכט, האָט בלויז אַרויסגערופן אַ געלעכטער ביי ביידע צדדים. שטאַמלענדיק האָב איך געוואַגט אָנצוביטן אַ פּלאַן פון אַ שטאָך אין שבת צוליב פּיקוח־נפש. שטוקס האָט נישט אָפּגעזאָגט, אָבער גדעון גייט שבת ערגעץ ווו מיט די קינדער. ער זעט זיי דען אַ גאַנצע וואָך?

דער אומגעלומפּערטער פּלעק איבערן שרייבטיש האָט זיך צעיוירן אַלץ ברח־בותדיקער און מיך אונטערגעטריבן, איך זאָל פון ס'ניי אויספּרוּוון דאָס מזל אויפן מאַרשרוט חולון—בת־ים. ערשט אין יענעם טאָג, ווען כ'האָב אַ פאַרפרוירענער, געבעטן רחמים אויף גדעונס שוועל, האָט זיך ביים מוליער דערוואָרעמט דאָס יידישע האַרץ. ער האָט אַרויסגעצויגן פון קעשענע אַ נאָטיצביכל, און זאַלבעצווייט האָבן מיר דאָרט געזוכט אַ פּאַסיקן טאָג.

— זעט, אַדוני! — האָט ער סוף־כל־סוף זיך אָנגערופן — דער יום העצמאות פאַלט הײַיאָר אויס דעם 26סטן אַפּריל — אַ מאָנטיק. איך טראַכט צו פּראַווען אַ „בריק" און זונטיק אויך נישט צו אַרבעטן. איז, אויב ס'איז אייך ניחא...

מלא גדולה בין איך אַוועק קיין חולון. שטוקס האָט מיך אָנגעגלאָצט אַ פאַר־חידושטער און פאַרברענט די „בריק" מיינע. ע ר וועט י אָ אַרבעטן זונטיק, וואָס עפּעס פּלוצעם נישט?

— וואָס זשע טוט מען, שטוקס? — האָב איך זיך געבראָכן די הענט — וואָס פאַר אַן עצה גיט מען זיך?

— שאַט, ס'איז גוט! — האָט שטוקס אַ מאַך געטאָן, בעת ער האָט געדלובעט אין די ציין (ער האָט גראָד געגעסן קישקע), — לאָמיר אַ טראַכט טאָן!

אין אָט דער רגע האָט זיך אַריינגעמישט די השגחה עליונה, ווי דער שטייגער איז. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז גראָד דינסטיק אָוונט פון דער קומענדיקער וואָך (!!!) וועט דער לעגענדאַרישער שטוקס זיין צו גאַסט ביים שוואָגער זיינעם אויף דער לעוואָנטין־גאַס און אפשר פאַר איין וועגס פריִער זיך אַריינכאַפּן צו מיר, לאָמיר זאָגן — אַרום האַלב אַכט. ס'האָבן מיר פשוט געפּעלט ווערטער פון דאַנק. אַזאַ מזל

איז זעלטן עמעצן באַשערט. כדאי צו לעבן אויף דער וועלט. פּייל אויס בויגן בין איך געלאָפן קיין בת־ים.

— ס'איז גוט! — בין איך אַריין אין גדעונס דירה מיט דער בשורה — דינסטיק אָוונט וועט קומען דער אינסטאַלאַטאָר.

— כ'האָב באמת גרויס עגמת־נפש — מאַכט גדעון — אָבער דינסטיק אָוונט האָב איך בילעטן אויפן מיוזיקל „שלמה המלך".

— אפשר — האָב איך געמורמלט אַ דערשלאָגענער — אפשר וועט איר אָפּלייגן דאָס טעאַטער אויף אַן אַנדער אָוונט?

— גוט — זאָגט גדעון — אָבער עס פאַלט מיר נישט איין צו פאַרדרייען זיך דעם קאָפּ מיטן איבערבייטן די בילעטן. איר וועט מיר מוחל זיין...

דער לעצטער זאַץ זיינער איז בעצם געווען אַן איבעריקער. צי האָט דען ווער געטראַכט, אַז עמעצער אַנדערש אַחוץ מיר זאָל איבערבייטן די/בילעטן, בעת דער פּלעק האָט זיך שוין אַרויפגעדראַפּעט ביז צו דער סטעליע? בקיצור, כ'האָב איבער־געקערט וועלטן און ס'איז מיר געראָטן איבערצובייטן גדעונס צוויי בילעטן אויפן 26סטן דעצעמבער. צווישן יאָ און ניין האָב איך אַוועקגעיאָגט קיין בת־ים. גדעונס פּלוניתטע האָט מיך באַגאָסן מיט אַ קאַלטן עמער: פונעם 26סטן דעצעמבער קען קיין רייד נישט זיין. גראָד דעמאָלט ברענגט די באָבע צוריק די קינדער. חנוכה פאַרברענגען זיי ביי דער באָבע.

— אפשר וואָלט געווען אַ פּלאַן צו ברענגען די קינדער מיט איין טאָג פריִער?
— האָב איך געפרעגט.

— אדרבה — זאָגט די גברת גדעון — אויב די באָבע וועט מסכים זיין.

די באָבע וווינט אין עפולה. דווקא אַ גאָר וווילע אַלטיטשקע, גרייט אַ טובה צו טאָן, אָבער זי פאָרט נישט אום שבת, און דער 25סטער דעצעמבער געפאַלט אין אַ שבת.

— איך בין נישט איבעריק פרום — זאָגט די באָבע — אָבער מיין מאַן, זאָל זיך מיִען, פלעגט דאַוונען.

פרעג איך אייך, איז צוליב אַ־דער סיבה זאָל מיין אַרבעט־צימער חרוב ונחרב ווערן? כ'האָב זיך געסטאַרעט דער באָבען איינצורעדן, אַז די עבירה איז נישט קיין האַרבע, און ווען דער מאַן אירער, זאָל זיך מיִען, וואָלט געלעבט, וואָלט ער אַליין געהייסן אָפּפירן שבת די קינדער, בפרט אויב עמעצער קומט פון שטאָט און וועט זיי אָפּפירן אָן אַ פּרוטה...

— ניין! — האָט די אַלטיטשקע זיך פאַרעקשנט, — שבת פאָר איך נישט, סיידן דער רב אונדזערער וועט מיר אַרויסגעבן אַ היתר.

דער רב האָט גראָד פאַרברענגט זיין וואַקאַציע אין זכרון יעקב. איך האָב אים דאָרט געפונען, בעת ער האָט מיט גרויס הנאה שפּאַצירט אין גאָרטן.

— חשובער רב! — האָב איך זיך צו אים געווענדט — אויב די באָבע וועט שבת צוריקפירן די קינדער, וועט גדעון באַוויזן צו גיין דעם 26סטן דעצעמבער אין טעאַטער, און אַזוי אַרום קאָנען זיך טרעפן ביי מיר מיט שטוקסן דינסטיק האַלב אַכט אָוונט. אויב ד אָ ס איז נישט קיין פּיקוח־נפש, ווייס איך שוין נישט, וואָס

ס'איז יאָ!...

דער רב איז דווקא אַ פרומער, אָבער פונעם היינטיקן שניט. אויפן אָרט האָב איך אויסגעשעפּעלט אַ טשעק פאַר דער נייער ישיבה אין עפולה און געקריגן דעם היתר אָן בויכווייטיק.

די באָבע האָט מסכים געווען... די קינדער... שלמה המלך... האַלב אַכט.. אַ פאַרשיכורטער פון נצחון בין איך אַוועק צו שטוקסן.

— כ'האָב עס! דינסטיק קומט דער מוליער! — האָב איך אויסגעשריגן.

— איך באַדויער שטאַרק — זאָגט שטוקס גלייך גאַרנישט — דער שוואָגער האָט אונדז פאַרבעטן צו זיך אויף מיטוואָך אַנשטאָט דינסטיק.

יאָ, ער, שטוקס, הייסט עס, האָט אַפילו געוואָלט אָנקלינגען צו מיר און מודיע זיין וועגן דער ענדערונג, אָבער דער נומער איז געווען פאַרנומען, צי וואָס. דער שוואָגער האָט געהאַט פשוט פאַרגעסן, אַז דינסטיק אָוונט דאַרף ער זיין אין שול אויף אַן עלטערן־באַראַטונג. אין אַרבעט־צימער מיינעם האָט דער פּלעק זיך שוין פאַרצויגן ביז דער סטעליע...

— בכבוד גדול! — מאַכט צו מיר דער שוואָגער — אויב איך וועט געראָטן אַז מען זאָל אָפּלייגן די עלטערן־פאַרזאַמלונג אויף אַן אַנדערן טאָג. פאַר וואָס טאַקע נישט?

סאַמע ווווילע מענטשן, יעדער וויל העלפן! כ'בין געלאָפן צום דירעקטאָר פון דער שול.

— אַ שאָד, אַ שאָד! — זאָגט דער דירעקטאָר — אָבער מען האָט שוין צעשיקט די איינלאַדונגען.

נו, האָב איך זיך אַוועקגעלאָזט פון הויז צו הויז. אַכצן עלטערן האָבן תיכף מסכים געווען אויף דאָנערשטיק. בלויז מיט פיר עלטערן האָב איך געהאַט צרות דער עיקרשט — מיט גברת ווינטערניץ, וואָס האָט שוין געהאַט פאַרבעטן זיבן געסט אויף דאָנערשטיק אָוונט. דריי פון די געסט האָבן תיכף מסכים געווען אויף פרייטיק; איינער האָט געטענהט, אַז פרייטיק צו נאַכטס פאָרן נישט קיין טעקסיס; צוויי ווייבלעך האָבן מיר אָפּגעזאָגט צוליב די בייביסיטערס, וואָס קומען נישט פרייטיק אָוונט; איינע קען נישט קומען פרייטיק, מחמת זי האָט דעמאָלט אַ בוררות. איך האָב אָבער אַלע שוועריקייטן צו נישט געמאַכט. וואָס שייך פרייטיק צו־נאַכטס, האָב איך געדונגען אַן אויטאָבוס; ביי איין ווייבל מיט אַן עופּהלע איז די שוועסטער מיינע געגאַנגען זיין אַ בייביסיטערקע; דאָס צווייטע ווייבל האָב איך גלאַט דערהרגעט און באַגראָבן אין גאָרטן; פאַר דער מאַדאַם מיט דער בוררות האָב איך באַצאָלט שטראָף און געפּטרט אַן עסק.

די עלטערן־פאַרזאַמלונג איז זיך צונויפגעקומען דאָנערשטיק אַנשטאָט דינסטיק. דער וועג פאַר דער באַגעגעניש פונעם צווילינג איז געווען אָפן.

7.30 אָוונט זענען מיר — איך און די וואַנט — געווען גרייט פאַרן היסטאָרישן צונויפטרעף. צוויי שעה האָבן מיר געוואַרט אויפן פּאַרל. ערשט אַרום 11 ביי נאַכט האָט זיך געיאַוועט שטוקס, וואָס איז נאָר וואָס אַוועק פונעם שוואָגער. ווו זשע איז עס דער מוליער? גדעון, איז מען געוווויר געוואָרן, האָט גאָר פאַרגעסן דעם גאַנצן ענין

דאָס מזל האָט מיר צוגעשפּילט: מען האָט מער נישט געזען דעם ברוינעם פלעק אויף דער וואַנט, וואָרעם די וואַנט איז נעלם געוואָרן, און געבליבן איז נישט מער ווי דער פלעק. קלאָרער געזאָגט: די גאַנצע וואַנט איז סאַמע פלעק. צווישן יאָ און ניין האָט זיך מיר איינגעגעבן צו פאַרקויפן די דירה און צו קויפן אַ נייע. באמת, אַ שאָד, וואָס דאָס איז מיר פריער נישט איינגעפאַלן.



# אַ תל־אָביבער לעגענדע

בדרך כלל פאַרנעמען מיר זיך נישט מיט קיין קבלה־מעשׂיות און זענען ווינציק וואָס באַהאַוונט אין די פאַרהוילענע סודות. אַגומלט אָבער איז אונדז באַשערט געווען צו באַגעגענען זיך פּנים אל פּנים מיט דער ייִדישער מיסטיק, וואָס בלויז אַ געניטער מקובל קאָן זי באַשיידן. פאַרשטייט זיך, אַז מיר זענען אויסן דעם הענדלער מיטן רענצעלע זיינעם.

צום ערשטן מאָל האָט דער הענדלער זיך באַוויזן ביי אונדז אין הויז מיט וואָסערע דריי יאָר צוריק. ער האָט זיך אַרויפגעדראַפּעט אויף די טרעפּ, אַ קלינג געטאָן ביי דער טיר, און בעת מ׳האָט געעפנט אַ שפּאַלט, האָט ער אויפגעהויבן דאָס רענצעלע און געפרעגט מיט אַ טרויעריקן ניגון:

— זייף? ראַזיר־מעסערלעך?

— אַ דאַנק, מיר נייטיקן זיך נישט — האָבן מיר געענטפערט.

— ציינבערשטלעך? ניילאָן?

— אַ דאַנק, ניין.

— האָר־שפּילקעס?

— ניין.

— טואַלעט־פּאַפּיר?

מיר האָבן פאַרהאַקט די טיר. פון דעמאָלט אָן יאָוועט זיך דער ייִד צוויי מאָל אין חודש, קלינגט, זינגט אָפּ דעם מזמור זיינעם, מיר פאַרהאַקן די טיר, און די וועלט גייט זיך ווייטער דעם גאַנג אירן.

איין מאָל האָב איך פאַר רחמנות אים אָנגעבאָטן עטלעכע גרוש. דער הענדלער האָט אויף מיר אָנגעשטעלט אַ פּאָר ברוגזע אויגן און מיר שאַרף אַריינגעזאָגט: „וואָס בין איך עפּעס, אַדוני, אַ בעטלער?"

אייערנעכטן באַווייזט זיך דער הענדלער, ווי דער שטייגער איז, און קלינגט ביי אונדז. „זייף, ראַזיר־מעסערלעך?" צעזינגט ער זיך. פּלוצעם האָט מיך פאַרכאַפּט אַ כוואַליע פון לייטזעליקייט און איך האָב אַ זאָג געטאָן:

— גיט מיר אַ ראַזיר־מעסערל.

— ציינבערשטלעך, ניילאָן? — זינגט דער הענדלער ווייטער.

— גיט אַ ציינבערשטל אויך.

— האָר־שפּילקעס?

— רעב ייִד, איר הערט נישט? איך האָב געוואָלט אַ ראַזיר־מעסערל.

— אַ וואָס?

— אַ ראַזיר־מעסערל.

— דער ייִד האָט מיך אָנגעקוקט מיט פאַרגאַפטע אויגן און געהיקעט: „צו וואָס״?

— אַ ראַזיר־מעסערל — האָב איך שוין אויף אַ העכער קול געזאָגט — איך — וויל — קויפן — ביי — אייך — אַ — ראַזיר־מעסערל.

— פּאַפּיר, כ׳מיין טואַלעט־פּאַפּיר — האָט דער הענדלער געפּרעפּלט.

— געוואַלט! — האָב איך אַ געשריי געטאָן, אַרויסגעריסן פון זיינע הענט דאָס רענצעלע און עס אויפגעמאַכט: אַ ליידיק רענצעלע, מיט גאָרנישט אינעווייניק!

— וואָס באַטייט עס?

דער הענדלער איז אַרויס פון די כלים און דאָס פּנים האָט זיך ביי אים צע־פלאַמט:

— אַז קיין מאָל קויפט מען נישט ביי מיר כהוא זה, הלמאי זאָל איך שלעפּן אַ פול רענצל?

— איך פאַרשטיי אייך ווייל — האָב איך אים איינגעשטילט — אָבער וואָס טויג אייך צו קלינגען אין די טירן?

— פון עפּעס מוז מען דאָך ציִען חיונה, אַדוני.

מיט די ווערטער האָט ער זיך אָפּגעטראָגן און איז אַרויף צום העכערן גאָרן, ווו ער האָט געקלונגען ביי די זעליגס.



# אַ מעשׂה מיט אַ פערד

מיינער אַ געשוועסטערקינד, אַלאַדאַר, האָט מיר צו וויסן געגעבן, אַז ס׳איז ביי אים געבוירן געוואָרן אַ יינגעלע, עמידר. איך האָב זיך געפילט מחויב עפּעס צו טאָן. ווען עס טרעפט אַזאַ זאַך, טאָר מען קיין חזיר נישט זיין. מען דאַרף קויפן עפּעס אַ מתנה, וואָס איז מסוגל אַרויסצורופן אַ שטאַרקן רושם סיי ביים נייעם נפשל און סיי ביי טאַטע־מאַמע. האָב איך תיכף אַוועקגעשיקט אַן עקספּרעס־בריוול צו עגאָן, דעם פעטער מיינעם, וואָס וווינט אין סאַמע ניו־יאָרק, און האָב אים געבעטן, ער זאָל מוחל זיין מיר תיכף אַרויסשיקן אַן אויסערגעוויינלעך שפּילצייג פאַר אַן עופעלע. עגאָן איז שוין איינמאָל אַן אַמעריקאַנער פעטער: ס׳זענען נישט אַוועק קיין צען טעג, און אָט דערגרייכט מיך אַ פריילעכע בשׂורה פונעם צאָלאַמט, אַז נאָר וואָס איז אָנגעקומען אויף מיין אַדרעס אַ פּעקל פון אַמעריקע.

כהרף עין האָב איך זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן מאָטאָציקל מיינעם און געיאָגט איבער האַלדז און נאַקן צום צאָלאַמט. דאָרט האָט מיך מקבל פּנים געווען אַ בכבוד־דיקער פּקיד, האַרציק וואָס האַרציקער קאָן נישט זיין (לויט אים, לייענט ער די לידער מיינע טאָג־איין, טאָג־אויס אין אַ פּוילישן וואָכן־זשורנאַל...) און האָט מיך געפירט אין די מאַגאַזינען. מיר האָבן אַנטבלויזט דאָס פּעקל פונעם פאַרפּאַקעכץ, און פאַר די פאַרחידושטע אויגן אונדזערע האָט זיך אַנטפּלעקט אַ גרויס הילצערן שאָקלפערד.

כ׳בין זיך מודה, אַז לכתחילה האָט די מתנה אַ ביסל אַרויסגעבראַכט מיך פון די כלים. ס׳טייטש, צו אַלדי רוחות, ווי שיקט מען עס אַזאַ אומגעלומפּערטן לאַשעק פאַר אַן עופעלע וואָס איז קוים אַלט צוויי וואָכן? געווען איז עס אַ געשפּרענקלט פערד, מיט לאַנגע פיס, מיט אַ לאַנגער גריווע און מיט אַ לייטישן עק. כ׳האָב געפּרוווט אַרויפקריכן אויפן דאָזיקן באַשעפעניש, אָבער דער פּקיד האָט מיך איידל געוואָרנט, אַז מען טאָר עס נישט אָנרירן איידער מען באַצאָלט מזומן דעם גאַנצן צאָל. פאַר איין וועגס האָט ער מיך געטרייסט: ס׳איז אַ שטאַרק פערד — אים, לכל הפּחות טראָגט עס לייכט...

מיר האָבן זיך אומגעקערט אין ביוראָ, און דאָרט האָב איך זיך דערוווּסט, אַז איך דאַרף באַצאָלן אַ קיימאַ־לן פון אַכט הונדערט און זיבעציק פונט מיט 30 גרוש.

— פאַר וואָס עפּעס? — האָב איך געפרעגט — פאַר וואָס?

— ס׳איז אַן אָפּיציעלער אָפּצאָל פאַר אַזאַ פערד — האָט דער פּקיד מיר געגעבן צו פאַרשטיין. יאָ, ער האָט אַפילו אַ נעם געטאָן דאָס בוך מיט די צאָל־טאַריפן און

אָנגעטייטלט אויף פּאַראַגראַף 31893754/ק/921457, ווו עס שטייט בפירוש: 870.30 פונט צאָל פּאַר אימפּאָרט פון „אַ ראַסנפערד וואָס איז באַשטימט צום רייטן".

— נאַרישקייטן! — האָב איך זיך צעבייזערט — סאַראַ ראַסנפערד איז עס?

— איך באַדויער — מאַכט דער פקיד — אָבער דער אָפיציעלער אָפּשאַצער אונדזערער האָט באַשטימט, אַז דאָס פערד באַלאַנגט צו דער קאַטעגאָריע „נאָרמאַנ־דישע, קאַלטבלוטיקע גײַעגפערד", און גראָד אַזעלכע זענען צום טייערסטן, ווען זיי זענען אַלט דריי יאָר.

— ס'איז אַלט דריי יאָר? — האָב איך געפרעגט.

— יאָ! — טוט דער פקיד אַ קוק אין די פּאַפּירן — „דריי מיט אַ האַלבן" אָבער ס'איז אַלץ איינס.

דער כעס האָט מיך גענומען פרעסן, אָבער פּלוצעם האָט אין מיר אויפגעבליצט אַ געדאַנק:

— גוט, אָבער ס'איז דאָך נישט קיין לעבעדיק פערד, ס'איז דאָך אַ הילצערן פערד!

דער פקיד האָט געטייטלט אויפן גראָבן בוך און מיר באַוויזן שוואַרץ אויף ווייס אַז אין טאַריפן־שולחן־ערוך איז נישט פאַראַן קיין סימן פון אַ פּאַראַגראַף וואָס זאָל פּסקענען, פון וואָס אַ פערד דאַרף זיין באַשאַפן.

— פערד בלייבט פערד! — האָט דער פקיד אַ זאָג געטאָן, און מיר איז אויפן אָרט נישט איינגעפאַלן מיט וואָס אָפּצופרעגן. אויפן פּנים מיינעם האָט, ווייזט אויס זיך צעשפּרייט אַ פינצטערע כמאַרע, און דערפאַר האָט דער פקיד מיר פאָרגעלייגט, אַז איך זאָל אַריינטראָגן אַ בקשה צום צאָלאַמט און זיי בעטן אַריבערצופירן דאָס פערד אין דער קאַטעגאָריע „שפּילצייג". איך האָב דעם גוטהאַרציקן אָפּגעגעבן אַ יישר־כוח און אין גיכן האָב איך אַרויסגעקראָגן אַ צייגעניש פונעם שפּיטאָל, אַז עמידר איז דאָרט נאָר וואָס געבוירן געוואָרן. חוץ דעם האָב איך אין דער פּעטיציע מיינער אָנגעגעבן צוויי עדות, וואָס וועלן שווערן, אַז זינט 1938 פאַרנעם איך זיך נישט מיט פערד־מסחר צוליב פּרנסה. ווי דער שטייגער איז, האָט די פּעטיציע אַרומגעוואָגלט איבער די פאַרשידענע אַמטן, און סוף כל סוף האָט מען זי אָפּגע־וואָרפן, „ווייל ס'איז אוממעגלעך אַזאַ בקשה צו באַווייליקן". חתימה. דאַטע.

אָן שום ווייטערדיקע שהיות האָב איך זיך געווענדט צו אַן אַדוואָקאַט. דער אַדוואָקאַט האָט אַריינגעקוקט מיט גרויס כוונה אין די געזעצביכער און אויסגעפירט, אַז דער צאָל איז אַזוי אויפגעבלאָזן מחמת דאָס פערד מיינס איז „באַשטימט צום רייטן". פאַר פערד, וואָס זענען באַשטימט, לאָמיר זאָגן, צום פאָרן־זיך, צאָלט מען אַ סך ווינציקער, וואָרעם די מלוכה האַלט די דאָזיקע פערד פאַר אַ וויכטיקן נאַציאָ־נאַלן קנין. נו, האָב איך געשיקט צום מיניסטעריום פאַר אַגריקולטור אַ בקשה, אַז מען זאָל דאָס פערד מיינס באַטראַכטן ווי אַ צוכטפערד. עס זענען אַוועק צוויי טעג, און אָט יאַוועט זיך ביי מיר אַ קנעפּל פונעם מיניסטעריום און גיט מיר אָנצוהערן, אַז כ'האָב פאַרגעסן צו שרייבן דעם פערדס נאָמען.

— „שולטהייס" — האָב איך טעמפּ געענטפערט, און דאָס קנעפּל האָט פאַר־שריבן דעם נאָמען אויף עפּעס אַ פּאַפּיר. דער עסק האָט זיך גענומען רירן מיט מער

אימפּעט. דאָס מיניסטעריום פאַר אַגריקולטור האָט מיר אויף אַ קאַזיאָנע בויגן פּאַפּיר מודיע געווען, אַז מע קאָן נישט פאַרשרייבן שולטהייסן אין דער רשימה פון צוכט־פערד (די קוואָטע איז שוין פאַרפולט), סיידן, איך וועל ביז צוויי וואָכן באַווייזן, אַז שולטהייס איז מיר נייטיק פאַר מיין אייגענער טשערעדע פערד.

איז אָבער די צרה, וואָס די גאַנצע שטאָט ווייסט, אַז איך פאַרמאָג נישט קיין טשערעדע פערד. בין איך ווידער אַוועק צום אַדוואָקאַט, און ער, דער אַדוואָקאַט, האָט געשיט פעך און שוועבל אויף דער ביוראָקראַטיע. ער האָט מיר בפירוש באַוויזן, אַז דאָס מיניסטעריום האָט נישט קיין רעכט צו פאַרלאַנגען פון מיר אַ גאַנצע טשע־רעדע, מחמת לויטן בריטישן געזעץ סטייעט אַן איין און איינציקע שקאַפּע. האָב איך זיך אַוועקגעזעצטביים שרייבטיש און אָנגעשריבן אַ נייע בקשה צום מיניסטעריום פאַר אַגריקולטור, ווו כ׳האָב מודיע געווען, אַז איך פאַרמאָג אַ שקאַפּע וואָס רופט זיך „ברונהילדע״. די נייטיקע צייגעניש האָב איך אַרויסבאַקומען פאַר אַ שיבוש פון אַ רייטשול אין נהריה, און ס׳האָט זיך דערינען געלייענט, אַז ברונהילדע געפינט זיך איצט אין אַ גאָר צעהיצטן מצב, און דערפאַר וואָלט מען די צוכט פון פערד ביי אונדז אין דער מדינה שטאַרק אויפגעמונטערט, ווען מען באַפרייט תיכף שולטהייסן.

די פּעטיציע האָב איך אַריינגעטראָגן אין דער פרי. נאָך מיטאָג באַווייזן זיך ביי מיר אין דער דירה צוויי דעטעקטיוון פון דער פּאָליציי און מאַכן אַן איבערקערעניש אין אַלע שופלאָדן. זיי זוכן אויסלענדישע וואַלוטע, זאָגן זיי, וואָרעם דער אויבער־פּראָקוראָר האָט אַרויסגעלאָזט אַ באַפעל מיך צו אַרעסטירן פאַר „בייזוויליק אָפּנאַרן די מאַכט״.

— איר ווילט אונדז אפשר איינרעדן — האָבן די דעטעקטיוון פון מיר אָפּגע־חוזקט — אַז מען קאָן עס פאָרן אַ שקאַפּע מיט אַ הוידלקע־פערד? איר האַלט אַ פּנים, אַז ביי אונדז אין די אַמטן זיצן אידיאָטן!

האָב איך צונויפגעפּאַקט אַ בינטל זאַכן און זיך געזעגנט מיט דער קליינער מיינער, וואָס האָט יאָמערלעך געכליפּעט. נאָר אָט איז מיר איינגעפאַלן אַ גליקלעכער געדאַנק:

— רבותי! — האָב איך אויסגערופן — צי ווייסט איר דען נישט, אַז ברונהילדע איז אויך נישט מער ווי אַ הוידלקע־שקאַפּע?

די דעטעקטיוון זענען באַשיימפּערלעך געבליבן געפּלעפט. זיי האָבן זיך גע־סודעט אין אַ ווינקל, און סוף כל סוף מיר אָנגעזאָגט אַ בשורה, אַז אַ־די אַנטפּלעקונג מיינע שטעלט אַוועק דעם „פאַל״ אין אַ נייעם ליכט. זיי זענען אַוועק אָן מיר, אָבער נאָך אין זעלביקן נאָכמיטאָג האָט מען מיר דערלאַנגט אַ חשבון פונעם מאַגאַזין ביים צאָלאַמט אויף 117 פונט. דעמאָלט האָב איך מלמד זכות געווען אויפן פּעטער עגאָן, וואָס איז ־קענטלעך מער באַהאַוונט פאַר מיר אין די מנהגים אונדזערע, און דעריבער טאָקע האָט ער געשיקט אַ מתנה, וואָס וועט שוין פּאַסן פאַר עמידרס יאָרן בעת איך וועל זי אים איבערגעבן...

און אָט אַ שפּאָגל נייע צרה — מיטן מלוכישן וועטערינאַר־דאָקטער! דאָס מיניסטעריום האָט באַפוילן דעם דאָזיקן דאָקטער, ער זאָל זיך אַריבערכאַפּן צום

מאַגאַזיןביים צאָלאַמט און אַ קוק טאָן אויף שולטהייסן. דער דאָקטער האָט באַטאַפּט דעם פאַרשטויבטן שולטהייס און אויסגעפונען, אַז דער אָגער איז גאָר, רחמנא־ליצלן, אַ סריס, צי סתם אַ וויסטער קאַליקע, און דערפאַר וועט ער בשום אופן נישט טויגן פאַר דער צעפלאַמטער ברונהילדע. אַ שוואַרצע כמאַרע האָט זיך אָנגערוקט, און ס׳האָט זיך מיר געדוכט, אַז אַלץ איז פאַרפאַלן. אַ מערכה, וואָס אין דער לעצטער רגע איז מען געוואויר געוואָרן, אַז דער דאָקטער איז גאָר בסך־הכל פּאַטעשמאַנס אַ שוואָגער. דערפאַר טאַקע האָב איך באַוויזן צו פּועלן, אַז דער דאָקטער זאָל חלילה נישט אַריינשרייבן אין פּראָטאָקאָל עפּעס בייז, נאָר: „דער אָגער פאַרמאָגט נישקשה פון אַ נעבעכדיקן פּאָטענציאַל״. מילאַ, ד אָ ס איז שוין נישט מסוכן...

איז דאָך ווויל ווי די וועלט, יאָ? ווייסעך וואָס! קוים געפּטערט דעם נעבעכדיקן פּאָטענציאַל, ברענגט מיר דער בריוטרעגער אַ גרוס פונעם פינאַנץ־מיניסטער. אַ בריוול אַ קורצס, אָבער אַ שיינס, ווו עס פרעגן זיך צוויי האַרבע שאלות: 1) ווו האָב איך עס איינגעהאַנדלט די הוידלקע־שקאַפּע מיינע, וואָס רופט זיך ברונהילדע? 2) וויפל האָב איך באַצאָלט לוקסוס־שטייער פאַרן דאָזיקן מסחר?

דערוויסנדיק זיך וועגן דעם, האָט מיין אַדוואָקאַט זיך אָפּגעטרייסלט פון דער התחייבות לגבי מיר (ער האָט געטענהט, אַז ער איז אַ בעל מטופל מיט אַ גרויס הויזגעזינד) און האָט מיך געלאָזן אויף הפקר אַליין. וואָס זשע איז דער חידוש, אַז אין דער עת־צרה האָב איך אָפּגעטאָן אַ נאַרישקייט: איך האָב איבערגעמלאכהט די אימפּאָרט־דערלויבעניש פאַר דער טראַנסמיסיע פון מיין מאָטאָציקל פאַר ברונהילדע און דאָס פּאַפּירל צוגעטשעפּעט צו אַ נייער פּעטיציע.

נאָך אין זעלביקן טאָג האָט מען מיך פאַרנומען אין חד־גדיא אַריין. מען האָט דערזען, אַז צו ווינציק מאַרקעס זענען אויפגעקלעפּט אויף דער דערלויבעניש, און לויטן אָטאָמאַנישן געזעץ שטעלט די מעשה מיט זיך פאַר אַ האַרבערע עברה ווי אַנטפּלעקן אַטאָם־סודות...

פון דעסטוועגן, נעמענדיק אין באַטראַכט מיין אומבאַפלעקטן עבר האָט מען מיך פאַרמשפּט אויף נישט מער ווי צוויי יאָר טורמע. מען האָט אַפילו אַריינגערעכנט אין חשבון די דריי חדשים, וואָס כ׳האָב צעטרענצלט מיט אינטערווענצן אין צאָלאַמט. מען האָט מיך פאַרשפּאַרט אין דער מלוכישער טורמע פון יפו, צעל נומער 18. דעם ערשטן טאָג בין איך געזעסן אויף דער נאַרע איינזאַם און פאַרזונקען אין מרה שחורה (כ׳האָב געהאַלטן דעם פסק־דין פאַר היפּשלעך איבערגעטריבן), אָבער אַרום מיטאָגצייט האָט זיך געעפנט די טיר פון דער צעל און מען האָט אַריינגעפירט צו מיר אַ שכן. דער נייער פאַרברעכער איז געווען אַ פערד, היפּשלעך הויך און מיט אַ זעמל־קאָליר. איינס־צוויי האָבן מיר זיך פאַרחברט. איך בין געוואויר געוואָרן, אַז אויך דעם אָגער האָט מען איינגעזעצט פאַר שווינדל, מחמת ביים אָנקום אין חיפהער פּאָרט האָט ער זיך אָנגעגעבן פאַר אַ הוידלקע־פערד. די פריצים אינעם צאָלאַמט האָבן זיך אָבער געכאַפּט, אַז אין דער אמתן שפּאַצירט זיך גאָר דאָס פערד אַרום פריי, הירזשעט און פאַשעט זיך אויפן גראָז. האָט מען אויף אים געלייגט די האַנט.

„צרת רבים איז אַ האַלבע טרייסט״ האָבן מיר זאַלבעצווייט אויסגערופן און זענען געפאַלן איינער אויפן צווייטנס גריוועז. גראָד אין יענער רגע האָב איך זיך

אויפגעכאַפּט. דער געניטער לייענער האָט אַוודאי שוין געטראָפֿן, אַז דאָס אַלץ איז געווען נישט מער ווי אַ חלום. „ס'איז מיר נאָר אָ פלא, ווי דער מוח מיינער האָט באַוויזן צוצוטראַכטן אַזאַ שטות!" — האָב איך זיך געחידושט, בעת כ'האָב זיך ברחבותדיק אויסגעצויגן אויף דער נאָרע אין צעל.

דרך אגב, איז מיר איינגעפאַלן דער ענגלישער מלך ריטשאַרד דער דריטער, וואָס איז געווען גרייט אַוועקצושענקען דאָס גאַנצע מלכות פאַר איין און איינציק פערד, הגם ער איז נישט געווען באַהאַוונט אינעם פּאָטענציאַל פונעם ישראלישן אַפּאַראַט, סיידן אפשר בלויז פונעם הערן.



# פיציס זייגפלעשל

יעדער מענטש האָט זיינע שוואַכקייטן. איך קען אַזעלכע, וואָס גייען אויס נאָך אַ גלעזל משקה, צי נאָך אַ פעשל קאָרטן; אַנדערע ווידער כאַפּט דער רוח נאָך אַ קליידל צי אַ פּאָר הויזן. אָט, למשל, מיין קליינע איז פאַרקאָכט אין קעץ. נישט, חלילה, אין אויסגעאיידלטע קעץ, וואָס מורקען ווי אַ גאָלמאַשינדל בעת איר טוט זיי אַ גלעט — ניין, דאָס נישט. מיינע, זאָל געזונט זיין, ווערט צוגעזאָטן צו קליינינקע פאַריתומטע קעצלעך, וואָס זענען אַלט אַ קאַרגע וואָך און מיאַוקען יאָמערלעך אויף אַ ראָג. בעת זי דערזעט די פיין פון אַזאַ נפשל, פאַרקלעמט עס זי ביים האַרצן, און טרערן צעבליאַסקען זיך ביי איר אין די אויגן, זי נעמט דאָס בידנע יתומל אַהיים און קאָרמעט עס מיט ליבשאַפט און זאָרג. דאָס טוט זי, ביז עס וואַקסט אונטער און דערגרייכט אַן עלטער פון אַ וואָך, כ׳מיין שוין צו מאָרגנס. דעמאָלט ווערט איר דאָס גאַנצע עסק נמאס און זי טוט אַ זאָג צום מאַן:

— אפשר וואָלסטו געוועזן אַ בעלן אויך צוצולייגן אַ פינגער? איך קאָן נישט אַלץ טראָגן אויף מיינע פּלייצעס!

גראָד ווי ס׳האָט זיך געטראָפן מיט פיצין. דאָס דאָזיקע באַשעפעניש איז אַריינגעפאַלן אין מיין ווייבס הענט ביים ראָג פון דער 29 נאָוועמבער־גאַס אין איינעם אַ פרימאָרגן. דאָס שוואַרצינקע און אויסגעדייוועדטע קעצעלע האָט זיך גראָד מונטער געשפּילט אין די הייסע זאַמדן, אָבער ווי נאָר ס׳האָט דערזען אַז מיינע זאָל לעבן דערנענטערט זיך, האָט עס גענומען יאָמערן אויף אַ קול. מען האָט פיצין אַהיימגעטראָגן אויף די הענט און עס אַוועקגעשטעלט ביי אַ שיסעלע וואַרעמע מילך — אָבער אַ נעכטיקער טאָג! פיצי האָט די מילך דווקא יאָ באַניוכעט, אָבער אַ לעק טאָן — דאָס נישט!

ביי מיין קליינער האָט דער גאַנצער גוף גענומען ציטערן. אָן עסן וועט דאָס קעצעלע אויסגיין, און מען מוז גיך עפּעס טאָן. ווען מיר זענען שוין געווען כמעט פאַרצווייפלט, האָט אויפגעבליצט אַ גליקלעכער געדאַנק; מען וועט פיצין קאָרמען פון אַ זייגפלעשל, וואָרעם בעצם געהער עס דאָך צו דער משפּחה פון זייג־חיות.

— גוט. יואַס גוט הייסט! — האָב איך זיך אָנגערופן — עמיר דאָס נייע זונדל אונדזערס. פאַרמאָגט אַ קיימא־לן פון אַכציק זייגפלעשלעך, וואָס מען קאָכט זיי אויס טאָג־איין טאָג־אויס.

— דו מיינסט אויף אַן אמת — האָט די מוטער מיר אַריינגעזאָגט — אַז איך וועל קאָרמען קעץ פון עמירס פלעשלעך? זיי זיך מטריח אין דער אַפּטייק אַריין און קויף אַ זייגפלעשל פאַר פיצין!

— ניין! — האָב איך געוואָגט אַנטקעגנצורעדן — ס׳איז פאַר מיר פּשוט אַ בזיון.
איך האָב זיך טאַקע געשעמט. ווי גייט עס אַ דערוואַקסענער בכבודיקער מאַנצביל אַריין אין אַן אַפּטייק און זאָגט: „גיט מיר אַ זייגפלעשל פאַר אַ קאַץ״? דאָס וואָלט דאָך געווען ממש אַ משוגעת. דעריבער האָב איך געהאַלטן, אַז ס׳איז גלייכער צו באַהאַלטן דעם סוד, און איך האָב זיך געווענדט צו דער חנעוודיקער אַפּטייקערשע:
— זייט מוחל און גיט מיר אַ זייגפלעשל!
— וואָס מאַכט עפּעס עמיר? — פרעגט די אַפּטייקערשע.
— אַ דאַנק! ער איז שוין אַריבער די זעקס קילאָ.
— קיינעהאָרע! איז וואָס פאַר אַ פלעשל פאַרלאַנגט איר?
— דאָס סאַמע ביליקסטע.
אַ שטילקייט האָט אַרומגענומען די אַפּטייק. די קונים האָבן זיך אָפּגערוקט פון מיר און מיך אָפּגעמאָסטן מיט פאַרזשמורעטע אויגן. די בליקן זייערע האָבן גערעדט קלאָרע דיבורים: אָט אַ מענטש, לייטיש אָנגעטאָן, טראָגט ברילן, פירט אַ שיינעם אויטאָ, און פאַרן עופעלע זיינעם זוכט ער מציאות — דאָס סאַמע ביליקסטע זייג־פלעשל. פע, באמת פע!
דאָס זיסע שמייכעלע ביי דער אַפּטייקערשע אויפן פנים איז געוואָרן אויס, און זי האָט אַ זאָג געטאָן:
— ווי איר ווילט, אַדוני, אָבער ביליקע פלעשלעך פלאַצן צווישן יאָ און ניין.
— שאַט נישט! — האָב איך געמורמלט — איך וועל עס צונויפקלעפּן.
די אַפּטייקערשע האָט געהויבן מיט די אַקסלען און געברענגט צו טראָגן פאַרשידענע סאָרטן זייגפלעשלעך — אָנגעהויבן פון „אומצעברעכלעכער בריטישער סחורה״ און כל המינים מאָדעלן פון פּלאַסטיק, און פאַרענדיקנדיק מיט עפּעס אַן איינגעשרומפּן ברוין פלעשעלע, אַ חלשות דערויף צו קוקן.
— אָ־דאָס מיין איך! — האָב איך אַראָפּגעלאָזט די אויגן און געשעפּטשעט — גיט מיר דאָס ברוינע פלעשל.
אין דער זעלביקער רגע האָט זיך אָנגערופן די שכנטע מיינע, אַ באַלייבטע ייִדענע:
— אַדוני, איך טאָר זיך טאַקע נישט אַריינמישן אין פרעמדע ענינים, אָבער איר מוזט גוט באַטראַכטן, וואָס איר טוט. איר פאַרמאָגט נישט קיין טייערן אוצר פונעם קינד אייערן! שפּאָרט איין ווו איר ווילט, אויב איר זענט טאַקע אַזוי געענגט אין געלט, אָבער נעמט נישט צו ביים קינד דעם גרעסטן תענוג, האָרכט, וואָס אַ מאַמע עצהט אייך!
די שכנטע איז געווען נישקשה פעט און זי איז מיר נישט געפעלן. איך האָב געפרעגט אויפן מקח. די גוטע פלעשלעך האָבן געקאָסט פון 5 ביז 8.50 פונט, דאָס ברוינע פּסולת בלויז 1.20 פונט.
— דאָס קינד וועט סיי ווי צעברעכן דאָס פלעשעלע — האָב איך זיך פאַרענט־פערט — ס׳לוינט זיך נישט סתם צו צעטרענצלען געלט.
— פאַר וואָס עפּעס זאָל עס זיך צעברעכן? — האָט די אַפּטייקערשע זיך גע־

חידושט — איר וועט אונטערשפּאַרן דעם קינדס קעפּל אַזוי, מיט די פינגער פון דער לינקער האַנט, וועט גאַרנישט געשען...

פאַר די אויגן מיינע איז אַרויפגעשווומען דאָס קעצל פּיצי אין די ווינדעלעך בעת מיין לינקע האַנט מיינע שפּאַרט אונטער דאָס קעפּל.

— ס'איז זייער אַ נערוועז קינד — האָב איך געלאָזן וויסן — ס'דריגעט און וואַרפט זיך בעת מען קאַרמעט עס. פּאַקט מיר איין דאָס ברוינע פלעשל.

ביסלעכוויז האָבן מיך אַרומגערינגלט אפשר אַלע טאַטע־מאַמעס פון שטאָט.

— כ'וואָלט געשווירן, אַז איר קאַרמעט נישט דאָס קינד ווי עס קער צו זיין — האָט די באַלייבטע מאַמע אַרויסגעזאָגט די דאגה אירע — דאָס קינד טאָר נישט דריגען! — האַלט איר פאַרן קינד אַ ניאַניע?

— ניין, דאָס הייסט...

— איך וועל אייך שיקן אַ ניאַניע — האָט די פעטע שכנטע מיר איבערגעשלאָגן

— אַ נערוועז קינד איז אַן אומגליק. אַ רגע! כ'האָב גראָד ביי מיר דעם טעלעפאָן־נומער אירן.

און איידער וואָס־ווען האָט זי שוין אָנגעדרייט דעם נומער צו דער מאַדאַם רעגינאַ פליישהאַקער. דער מרחק פון מיך ביז צו דער טיר האָט באַטראָפן וואָסערע דריטהאַלבן מעטער. צום שלימזל מיינעם האָבן צוויי מאַנצבילן פאַרשטאָפּט דעם דורכגאַנג. אַנדערש וואָלט איך באַצייטנס עוקר געווען און נעלם געוואָרן אין דער פינצטערניש. שפּעטער וואָלט איך געשיקט פּיצין כאַפּן מייז.

— איר דאַרפט זאָגן אַ דאַנק דער גברת — האָט מיך די אַפּטייקערשע אויפגע־מונטערט — זי פאַרמאָגט פיר קינדער, סאַמע געזונטע און געזעצטע יאַטלעך. אַוודאי וועט זי שוין אויסגעפינען פאַר עמירן אַ געניטע ניאַניע, און דאָס יינגעלע וועט זיך אָפּגעוווינען פון די שלעכטע געוווינהייטן זיינע.

נישט פאַראַן קיין רויקער קינד פון עמירן אין דער גאַנצער וועלט. ס'איז כמעט אויסטערליש, ווי ער ליגט עס דעם גאַנצן מעת־לעת אויפן פלייצעלע, און בלויז פון צייט צו צייט הערט זיך דאָס דינינקע קולכל זיינס: גאַ־גאַ־גאַ. כ'האָב נאָך געהאָפט, אַז די מאַדאַם פליישהאַקער געפינט זיך דעמאָלט גראָד אין דער היים, אָבער ס'איז נישט באַשערט געווען.

— די ניאַניע איז גרייט קומען צו אייך, כדי אַרומצורעדן דעם ענין — האָט צו מיר געשעפּטשעט די פעטע פרוי — מאָרגן, 11 אַ זייגער, איז אייך באַקוועם?

— ניין — האָב איך געענטפערט — פאַרנומען!

— איינס אַ זייגער?

— דעמאָלט לערן איך פעכטן.

— און די פרוי אייערע?

— זי לערנט אויך.

— אפשר 2 אַ זייגער?

— שלאָפן מיר שוין.

— און 4 אַ זייגער?

— שלאָפן מיר נאָך.

— זייגער 6 ?

— קומען צו אונדז געסט.

— און 8 אַ זייגער ?

— גייען מיר אין מוזיי.

— אַדוני — האָט די פעטע מאַמע געשיפּעט מיט אַ פאַרפלאָמט פּנים — דאָס באַראָטן זיך וועט אייך גאָרנישט קאָסטן, אויב דאָס איז אייער איינציקע דאגה.

ס׳האָט זיך גענומען פּילן אַן אַטמאָספער כמעט ווי פון לינטשן. די קונים האָבן זיך אַרומגעשטעלט אין אַ ראָד, און די בליקן זייערע האָבן געטענהט מיט שפּאָט: „און אַזוינע אויסוווּרפן לאָזט מען מאַכן קינדער !״ די פעטע מאַמע האָט צוריקגעלייגט דאָס טרייבל און צו מיר מער נישט גערעדט. די אַפּטייקערשע האָט מיך געפרעגט מיט אַ פאַרפרוירענער שטים:

— נו, זאָל איך איינפּאַקן דאָס סאַמע ביליקסטע ?

מיר האָט געסטייעט כוח בלויז צו שאָקלען מיטן אָראָפּגעלאָזטן קאָפּ. איך האָב אין יענער רגע אַ נדר געטאָן: אויב איך וועל פון דאַנען אַרויס אַ לעבעדיקער, וועל איך תיכף אָרגאַניזירן אַ בית־יתומים פאַר קעץ. די אַפּטייקערשע האָט מיך פּיינטלעך אַדורכגעשפּיזלט און געמאַכט דעם לעצטן פּרווו:

— טוט נאָר אַ קוק, כ׳בעט אייך, אויפן צעקנייטשטן גומענעם ציצל פון דעם דאָזיקן פלעשל. דאָס לעכעלע וועט אַזוי צעשווומען, אַז דאָס קינד קאָן זיך, חלילה, מיט דער מילך דערוואָרגן.

כ׳האָב געשפּירט, ווי אַ כוואַליע מיט בלוט טוט זיך מיר אַ גאָס אין מוח אַריין.

— נו, איז וואָס ! — האָב איך אַדורכגעזיגן צווישן די ציין — טאָ וועלן מיר מאַכן נייע קינדער !

די־אָ ווערטער האָבן עס אויסגעזעצט דעם דנאָ פונעם פאָס. איינער אַ מאַנצביל אין די מיטעלע יאָרן האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו מיר, אַ פאַרצאָרנטער:

— אַדוני — האָט ער געדעוועט — איך קען אייך נישט און ווייס נישט, ווער איר זענט. אָבער ענטפערן מוזט איר מיר אויף עפּעס: צי ווייסט איר, אַז מיט אַזוינע געמיינע פלעשלעך קאָרמעט מען קעץ ?

איך האָב זיך אָנגעכאַפּט אין רעמל פונעם טיש, כדי זיך נישט אָט־אָט איינצוברעכן. די כוחות זענען מיר אויסגעגאַנגען און אויף דער נשמה איז מיר געוואָרן מוראדיק קאַלעמוטנע. פאַראַן אַ גרענעץ פון אַנטקעגנשטעלן זיך.

— גוט ! — האָב איך געפּליסטערט מיט אַ טרוקן מויל — גיט מיר דאָס בעסטע פלעשל.

— קאַסע, 8.50 פונט ! — האָט די אַפּטייקערשע אויסגערופן און תיכף איז געוואָרן שלום ושלווה. געווען איז עס אַ „סופּער־פּיירעקס״־זייגפלעשל, באַקלעפּט אַרום און אַרום מיט צעטעלעך און מיט אַ גאַראַנטיע אויף צוויי יאָר. ס׳איז אויסהאַלטיק לגבי קעלט, היץ, פלאַצן, איינשרומפּן און כלערליי אַנשיקעניש.

ביי דער לעבנס־באַגלייטערין מיינער האָט עס אַרויסגערופן אַ נערוון־אָנפאַל.

— פאַר וואָס עפּעס, — האָט זי געוואַלדעוועט — פאַר וואָס האָסט דו געקויפט דאָס סאַמע טייערסטע ?

— איך בין גרייט צו קאַרגן אויף אַלעמען — האָב איך דערווידערט — אָבער נישט אויף קעץ!

זאָגט מיר, כ'בעט אייך: ווער האָט עס צוגעטראַכט אַזאַ אידיאָטישן געדאַנק, אַז קעצלעך זענען מסוגל זיך צו קאַרמען פון אַ זייגפלעשל? וואָס זענען זיי עס עפּעס, זייגקינדער, צי וואָס?...



# צייט צו פאַרמאַכן

דער זייגער האָט געקלונגען האַלב עלף, אָבער נישט איך און נישט מיין פרוי האָבן חשק געהאַט אַהיימצוגיין. נאָר וואָס האָבן מיר געזען אין טעאַטער אַ ווולגאַרן ספעקטאַקל און ס׳האָט זיך אונדז פאַרגלוסט צו פאַלמעסן די דאָזיקע מאַכערייקע. געציילטע טריט האָבן מיר געשפרייזט אויף דער באַגאָסענער מיט לבנה־זילבער דיזענגאָף־גאַס, ביז מיר האָבן זיך פאָרגענומען צו פאַרענדיקן דעם איינגענעמען אָוונט אויף אַ בכבודיקן אופן.

— קום! — טוט מיינע זאָל לעבן אַ זאָג — לאָמיר טרינקען אַ גלעזל טיי.

כ׳האָב זי געפאָלגט און מיר זענען אַריין אין ערשטן בעסטן רעסטאָראַנדל. אמת, אַ באַשיידענער פלאַץ, אָבער פון דעסטוועגן מלא חן, מיט קאָלירטע נעאָן־לעמפלעך, מיט אַ שעמערירענדיקער עספרעסאָ־מאַשין און מיט צוויי קעלנערס, וואָס האַלטן גראָד ביים אויסטאָן זיך. חוץ די קעלנערס האָט זיך דאָרט נאָך געפונען איינער מיט אַ פליך, וואָס האָט געריבן דעם באַרטיש מיט אַ קויטיקער שמאַטע.

ווי נאָר מיר האָבן אַריבערגעטראָטן די שוועל האָט דער מיטן פליך אויפגעהערט צו רייבן, אַ קוק געטאָן אויפן זייגער און עפּעס איינגערוימט איינעם פון די קעלנערס. דער קעלנער האָט פון ס׳ניי אַרויפגעשלעפּט אויף זיך אַ כאַלאַט, וואָס איז מסתמא פאַר צייטנס געווען אַ ווייסער. מען האָט ממש געקאָנט אָנטאַפּן אין דער לופט די סאָציאַלע שפּאַנונג, אָבער אונדז האָט עס ווינציק וואָס געאַרט. אַדרבה, מיר האָבן זיך זאַלבעצווייט אַוועקגעזעצט ביי אַ טישל, מיט פאַרשלאָסענע פנימער.

— טיי! — האָב איך אויסגערופן צום פּערסאָנאַל — צוויי מאָל טיי!

לכתחילה האָט דער קעלנער קענטלעך זיך געקווענקלט עטלעכע רגעס, אָבער דערנאָך האָט ער זיך פאַרט אַ לאָז געטאָן מיט שווערע טריט צו דער פאַרסאַזשעטער קיך. מיר האָבן געהערט, ווי ער שרייט אַריין דורך דער טיר מיט אַ קול, דורכגענומען אין שנאה:

— נאָך פאַראַן הייס וואַסער?

ביז וואָס־ווען האָט דער צווייטער קעלנער זיך גענומען צונויפלייגן די טישלעך אין דרויסן. געטאָן האָט ער די מלאכה אייליק און ליאַרעמדיק, עלעהיי ער וואָלט אויסן געווען צו געבן אָנצוהערן, אַז די צייט רוקט זיך אומברחמנותדיק. דער ערשטער קעלנער איז באַלד אַרויס טענצלענדיק פון דער קיך מיט צוויי גלעזער טיי און האָט זיי אַוועקגעשטעלט אויפן טישל אונדזערן מיט אַ נערוועזער מינע. מיר האָבן געמישט די טיי און אָנגעהויבן שמועסן וועגן דעם ווולגאַרן ספעקטאַקל.

— אַנטשולדיקט אַ רגע!

דאָס זענען געווען דעם פּליכצוואַטענס ווערטער. ער האָט אונטערגעהויבן די גלעזער טיי און אַראָפּגעצויגן פונעם טישל דאָס נישט זייער בלאַנקענדיקע טישטעך. מיר האָבן זיך דערפון נישט איבערגענומען, ווייל דאָס נאַקעטע טישל איז געווען גלאַטיק און נישקשהדיק אָפּגעפּאַרבט. אין דער זעלביקער צייט האָט דער ערשטער קעלנער אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם כלומרשט ווייסן כאַלאַט און זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער טיר וואַרטן, שוין אַן אַנגעטוענער אין בלאָען רעגנמאַנטל. דער צווייטער קעלנער איז פּאַרטיק געוואָרן מיטן צונויפלייגן די טישלעך און האָט פּאַרלאָשן די נעאָן־לעמפּלעך אין דרויסן.

דער גאַנצער ענין האָט מיר אויסגעוויזן מאָדנע.

— אפשר — האָב איך געשעפּטשעט צו דער קליינער מיינער — אפשר ווילן זיי שוין אַהיימגיין?

— אפשר — האָט זי געענטפערט — הייב נישט אויף די אויגן!

פון רגע צו רגע איז דער מצב געוואָרן אַלץ מער אָנגעצויגן. פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן נישט געטאָרט אַרויסוויזן דעם מינדסטן סימן פון שוואַכקייט. דערפאַר טאַקע האָבן מיר זיך ווייטער געסודעט מיט טעמפּעראַמענט, אַריבערגעבויגענע איבערן טישל. מיט אַ מאָל האָט זיך צוגעשאַרט צו אונדז דער קעלנער מיטן בלאָען רעגנמאַנטל און אַוועקגעשטעלט אויפן טישל אַ פּאָרצעלייען טעצל מיטן חשבון. איך האָב אָפּגעשטופּט אויף אַ זייט דאָס טשערעפּל און דער רעגנמאַנטל איז פאַר־שוווּנדן. דער פּליכצוואַטער האָט אַראָפּגענומען פונעם הענגער מיין פּלוניתטעס היטל און איידל עס אַנידערגעלייגט אויף אונדזער טישל.

— אַ דאַנק! — האָט מיין קליינע געזאָגט — האָט איר קוכן?

דעם פּליכצוואַטן האָט אַדורכגענומען אַ ציטער. ער האָט זיך אומגעקוקט הינ־טערוויילעכץ צום צווייטן קעלנער, וואָס האָט זיך גראָד געקעמט פאַרן שפּיגל. די שטילקייט האָט זיך געצויגן אַן אייביקייט. דאָך האָט דער קעלנער אינעם בלאָען רעגנמאַנטל זיך באַוויזן און אַ וואָרף געטאָן פאַר אונדז אַ פּאָרציע געלן קעזקוכן. די קליינע האָט אומגערן אַראָפּגעוואָרפן דעם גאָפּל און מען האָט גערעדט בּרענגען אַן אַנדערן. פרעגט שוין גאָר נישט!

— איך קאָן לענגער נישט אויסהאַלטן, טייבעלע! — האָב איך געמורמלט צו מיין פרוי — איך קאָן בשום אופן נישט!

— דו מוזט!

דאָס ליכט אין רעסטאָראַנדל האָט זיך געהאַלטן אין איין אָנצינדן און אויסלעשן, אָבער אונדז האָט עס געאַרט ווי דער פאַריאָריקער שניי. דער פּליכצוואַטער האָט אין דרויסן אַראָפּגעצויגן מיט אַ טראַסק אַן אייזערנעם לאָדן, אַז מען איז שיִער נישט טויב געוואָרן, און דערנאָך האָט ער פאַרהאַקט די טיר צום הויף אַז די שויבן האָבן זיך אַזש געטרייסלט. פון דער קיך איז אַרויס אַן אָפּגעשליסענע יידענע מיט אַ פולן עמער און אַ שמאַטע־שטעקן, און גענומען מאַכן ספּאָנדזשעט אויפן דיל.

— אַנטשולדיקט, מאַדאַם!

די יידענע האָט געפּליאַסקעט מיטן שמאַטע־שטעקן אונטערן טישל אונדזערן. מיר האָבן ביידע אויפגעהויבן איידל די פיס אויף ווי ווייט מיר האָבן געקאָנט, כדי

נישט אָנצוטאָן דעם שטעקן אַ בזיון. דער צווייטער קעלנער, שוין אַן אויסגעצוואָגענער, האָט זיך אַרומגעדרייט אין רעסטאָראַנדל, אויפגעהויבן די בענקלעך און זיי אַוועקגעלייגט אויף די טישלעך מיטן פּנים אַרויף. ערשט דעמאָלט איז אונדז באַשיימפּערלעך קלאָר געוואָרן, אַז מיר זענען שוין נישט קיין אָנגעלייגטע געסט.

— אָבער אַ חידוש — האָב איך איינגערוימט דער קליינער מיינער — למאי מען הייסט אונדז נישט גיין.

— ד אָ ס פּאַסט זיי נישט — האָט זי מיר געגעבן צו פאַרשטיין — זיי ווילן זיך לייטיש אויספירן.

אַוודאי, אין אָריענט האַלט מען גאָר שטאַרק פון אָפּגעבן כבוד דעם גאַסט. אָט דערציילט מען, אַז בעדויִנער שייכן זענען מסוגל אייך אויפצונעמען פאַר אַ גאַסט יאָרן לאַנג און נישט אָנדייטן מיט אַ רמז, אַז איר האָט שוין אַ ביסל איבערגעכאַפּט. דורך די וויִעס פון מיינע האַלב־אַראָפּגעלאָזטע אויגן האָב איך געוואָרפן אַ בליק אויפן אַרום. דער ערשטער קעלנער איז געשטאַנען אַ שטומער אויף דער שוועל און האָט אויף אונדז מאָדנע געגלאָצט, בעת דער צווייטער קעלנער האָט גראָד פאַרענדיקט מיטן איבערקערן די בענקלעך. דער פּליכעוואַטער האָט פאַרדעקט דעם פּליך זיינעם מיט אַ בערעט און געעפנט אַ קליין הילצערן קעסטעלע אויף דער וואַנט.

כהרף עין האָבן זיך פאַרלאָשן אינעווייניק אַלע נעאָנס, אָבער דאָך האָט אַריינגעלויכטן פון דרויסן אַ פּאַס ליכט. באַלד האָב איך דערפילט, ווי עמעצער האָט אַרויפגעלייגט אויף מיין פּלייצע אַן איבערגעקערט בענקל. אין דער פינצטער האָב איך געזוכט מיין ווייבס האַנט. וואָס זאָל איך אייך ברייען? ס'איז געווען ווייט פון צו זיין פויגלדיק.

— האַלאָ! — האָב איך דערהערט מיין קליינערס קול — האָט איר אפשר זשורנאַלן?

דאָס האָט זיי שוין דערטשמעליעט. אַ האַלבע מינוט האָט מען ממש געשפירט, ווי די לופט טרייסלט זיך. דערנאָך האָט דער פּליכעוואַטער אָנגעצונדן אַ שוועבעלע און האָט זיך גענענט צו אונדז פון דער טיר. „אַנטשולדיקט!" — האָט ער געזאָגט, און דאָס פּנים ביי אים האָט רויט געפינקעלטביים צוקנדיקן ליכטשיין — „מיר פאַרמאַכן זייגער צוועלף!"

— וואָס זשע שווייגט איר? — האָב איך געשטוינט — ווער דאַרף עס אַליין טרעפן?

מיר האָבן אַראָפּגעוואָרפן די בענקלעך פון די פּלייצעס, באַצאָלט און אַרויסגעהיפּט איבער די נאַסע באַלאַטן. געווען איז עס גראָד אַכט מינוטן פאַר צוועלף לויט אונדזער אויסגעשפּראָכענעם מיטללענדישן זייגער.



# וואַקאַציע אין ישׂראל

— קעלנער! ווייטער, פּליז.
— יעס, מיסטער שטיינבערג.
— ברעקפעסט פאַר טו.
— יעס, סער. צוויי מאָל פרישטיק. אָט ברענג איך. כ׳האָב בלויז געוואָלט פרעגן, צי זענט איר עס טאַקע מיסטער שטיינבערג, יענער שרייבער, וואָס די צייטונגען זענען פול מיט אים?
— איך הייס דזשאָן סטיינבעק.
— מיטן גרעסטן רעספּעקט! ערשט נעכטן האָב איך געזען דאָס בילד אייערס אין דער צייטונג, אָבער דאָרט איז די באָרד ביי אייך געווען אַ לענגערע. זיי שרייבן דאָרט, אַז איר האָט בדעה צו פאַרברענגען אַ קיילעכיקן חודש אין לאַנד און אַז איר וועט בלייבן אינקאָגניטאָ, כדי מען זאָל אייך נישט דולן אַ קאָפּ. איז אַ־די לײדי דאָס ווייב אייערס?
— יאָ, זי איז מיסעס סטיינבעק.
— זי ווייזט אויס צו זיין אַ סך ייִנגער פון אייך.
— איך האָב געבעטן פרישטיק.
— אָט ברענג איך תיכף, מיסטער שטיינבערג. צו אונדז אין רעסטאָראַן קומען אַריין כלערליי שרייבערס. מיט אַ וואָך צוריק איז פון דאנען אַוועקגעפאָרן דער וואָס האָט געשריבן „עקזאָדוס". נישט־שוין־זשע זענט איר עס דער מחבר פון „עקזאָדוס"?
— ניין.
— איך האָב עס אויך נישט געלייענט, אַזאַ דיק בוך. איך האָב נישט קיין טבע צו לייענען ביכער, אָבער „זאָרבאַ" האָב איך דווקא יאָ געזען. ווען האָט איר געשריבן „זאָרבאַ"?
— נישט איך האָב געשריבן „זאָרבאַ".
— הערט, דער פילם האָט מיר פאַרשאַפט אָן אַ שיעור תענוג. כ׳האָב זיך ממש געהאַלטן ביי די זייטן, בעת די אַלטיטשקע נעמט זיך דאָרט אַרומדריידלען ווי...
— איך בעט פאַר מיר אַ קאַווע און פאַר מיין פרוי טיי.
— הייסט עס, אַז נישט איר האָט עס געשריבן „זאָרבאַ"?
— איר האָט דאָך שוין געהערט, אַז ניין.
— פאַר וואָס זשע האָט מען אייך באַשאַנקען מיטן נאָבעל־פרייז, צי מיט עפּעס ענלעכס?
— פאַר „די טרויבן פון צאָרן".

— הכלל, קאַווע און טיי, יאָ?

— יאָ.

— כ׳בעט אייך, וויפיל באַטרעפט עס אַזאַ פרייז, מיסטער שטיינבערג? דער־לאַנגט מען טאַקע אין יד אַריין, ווי מען שמועסט, אַ קיילעכיקן מיליאָן דאָלאַר?

— אפשר וועט איר מסכים זיין, אָפּצולייגן דעם המשך פונעם געשפּרעך ביז נאָכן פרישטיק?

— איך באַדויער שטאַרק, אָבער שפּעטער וועל איך זיין פאַרנומען. זאָגט, איר זאָלט מיר מוחל זיין, מיסטער שטיינבערג, פאַר וואָס זענט איר אַהער געקומען?

— איך הייס סטיינבעק.

— איר זענט נישט קיין ייִד, אמת?

— ניין.

— דאָס דערקענט מען תיכף. אַמעריקאַנער ייִדן גיבן נישט קיין טרינקגעלד. אַ שאָד, וואָס איר זענט ערשט איצט געקומען, אין דער רעגנצייט. נישטאָ דאָ וואָס צו זען. צי זוכט איר אין ישׂראל עפּעס באַזונדערס?

— אַ פאַרבריט איי, אויב ס׳איז מעגלעך.

— דריי מינוט אויפן פייער?

— ריכטיק.

— תיכף. איך ווייס, אַז ביי אייך דאָרטן אין אַמעריקע, מיסטער שטיינבערג, שמועסט מען נישט אַזוי היימיש מיט אַ קעלנער. ביי אונדז אָבער, אין ישׂראל, איז פאַראַן אַטמאָספער. מיינט נישט, אַז איך בין אַ געבוירענער קעלנער! דריי יאָר האָב איך זיך געלערנט אַרטאָפּעדיע, אָבער הי איז קיין שום זאַך נישט פאַראַן אָן פּראָ־טעקציע. דער באַלעבאָס פון דעם רעסטאָראַן איז פון פּוילן...

— טוט מיר אַ טובה און באַשטעלט פאַר מיר דאָס איי.

— אין דריי מינוט וועט עס זיין פאַרטיק, מיסטער שטיינבערג. הערט, אוי איז דאָס געווען אַ פילם, „זאָרבאַ״! ס׳קומט אייך אַ גרויסער יישר־כוח. אונדזער קיכער זאָגט, אַז איר שרייבט אַ שלל מיט ספּעקטאַקלען און פילמס. שרייבט איר טאַקע אַזוי פיל?

— מען שרייבט.

— וואָס, למשל?

— „צו מזרח־זייט פונעם גן־עדן״, למשל.

— געזען! כ׳זאָל טאַקע אַזוי לעבן, ווי כ׳האָב עס געזען. הערט, **האָב איך זיך** געקייקלט פאַר געלעכטער! איר ווייסט, דעמאָלט בעת ער נעמט **זיך מאַכן אַ** ליפּט פון די ביימער אין וואַלד...

— ד אָ ס איז אין „זאָרבאַ״.

— גערעכט, טאַקע אין „זאָרבאַ״. איז, וועגן וואָס שרייבט **איר נאָך?**

— „וועגן מייז און מענטשן״.

— מיקי מאַוז?

— איך גיי אויס פון הונגער, מענטש!

— וואַרט אַ רגע, מייז האָט איר געזאָגט? צי מיינט איר **נישט, ווען בתיה**

לאַנצעט נעמט זיך צו יענעם אידיאָט?

— וואָס האָט איר געזאָגט?

— פאַראַן דאָרט עפּעס אַ ריז, כ׳מיין נישט אַן אמתדיקער ריז, נאָר אַ מאַנצביל, וואָס מען האָט אים אויסגעבעט קישענעס אונטער די מלבושים, כדי ער זאָל אויסזען ווי אַ ריז. איז, יאַוועט ער זיך מיט אַ חבר זיינעם, אַ מאָגערער אָבער אַ נאָרמאַלער, און דער ריז האָט ליב מייז...

— איך בין באַהאַוונט אינעם ספּעקטאַקל מיינעם.

— אָט אַזוי. איז יענער תכשיט אַ יונג מיט ביינער, וואָס מען מוז אים אָפּהיטן, ער זאָל נישט עמעצן דערלאַנגען. נעמט גאָר דאָס זונדל זיינס זיך טשעפּען צו בתיה לאַנצעט. דעמאָלט הייבט זיך דער חברה־מאַן אויף, טוט זיך אַ לאָז פּאַמעלעך צום זונדל זיינעם, און, מיין טייערער...

— זאָגט נאָר, צי קאָן מען רעדן מיט עמעצן פון די באַלעבאַטים?

— נישט נייטיק, מיסטער שטיינבערג, איך וועל אַלץ פאַר אייך איינאָרדנען. אוי, האָב איך עס געשעפּט נחת פון די מייזלעך! ווי איך בין אַ ייִד! כ׳האָב זיך פּשוט געבויגן אין דרייען פאַר געלעכטער. אָבער וואָס שייך דעם סוף, זאָלט איר מיר מוחל זיין — גאָר נישט אָנגעמאָסטן פאַר אייער מדרגה, שטיינבערג. דאָס שמעקט מיט בלאָף, אמת? וואָס פּלוצעם האָט איר עס דערהרגעט דעם ריז? אפשר סתם, ווייל ער איז אַ ביסל אַזוי? דערפאַר הרגעט מען נישט קיין לעבעדיקן מענטש, איר זאָלט מיר מוחל זיין!

— גערעכט, איך וועל איבערשרייבן דעם ספּעקטאַקל. אָבער דערווייל ברענגט מיר שוין...

— איך בין גרייט אויף דאָס ניי אָנצוקוקן די פאָרשטעלונג און דערנאָך אייך זאָגן, וואָס מען דאַרף דאָרטן פאַרריכטן. איך פאַרלאַנג נישט דערפאַר קיין געלט. אַ מאָל וועל איך אַריינפאַלן צו אייך אין אַמעריקע. כ׳האָב מיט אייך אַ סך אַרומצו־שמועסן, אויך אין פּערזענלעכע ענינים, אָבער נישט איצט, אין איילעניש. ס׳האָבן געטראָפן אין משך פונעם לעבן מיינעם זאַכן, וואָס „זאַרבאַ" איז לגבי זיי אַ גאָרנישט מיט אַ נישט.

— איר דערלאַנגט דאָס איי, צי נישט?

— שבת דערלאַנגען מיר נישט קיין פאַרבריטע אייער. יאָ, אַנטקעגן דעם וואָס מיר האָבן געשמועסט: אויב איך וועל כאַפּן אַ פרייע שעה און אייך דערציילן, וואָס כ׳האָב אַדורכגעלעבט אויף גאָטס וועלטל, וועט איר דערפון שאַרן פעסער מיט גאָלד. מיך הייבט עס נישט אָן צו אַרן. אין דער אמת וואָלט איך אַליין גענומען שרייבן — אַלע טענהן צו מיר: ביסט אַ פאַלנער משוגענער, וואָס דו מאַכסט נישט דערפון קיין ראָמאַן, צי אַן אָפּערע, צי עפּעס אַנדערש. איז אָבער אַ צרה: ביי נאַכט, נאָך דער האָרעוואַניע, פאַל איך ממש פון די פיס. נו, האָב איך געטראַכט: כאַפּט זיי אַלע דער וואַטע־מאַכער, איך וועל אַלץ אַוועקשענקען שטיינבערגן. עס אַרט מיך נישט.

— זייט מוחל, גייט אַראָפּ פונעם טיש!

— מיט צוויי יאָר צוריק, איר האָרכט, פאַר איך זיך זומער, כ׳מיין שוין ערב אָסיען, מיט דער פּלוניתטער מיינער קיין סדום. פּלוצעם שטעלט זיך אָפּ די טעקסי

אין מיטן שאָסיי. דער שאָפער קריכט אַראָפּ, הייבט אויף דעם בלעכערנעם צודעק און נעמט זיך בדקענען די מאַשינעריע. טרעפט, וואָס ער טוט שפּעטער אַ זאָג?

— כ׳בעט אייך, קעלנער, לאָזט געמאַך די באָרד מיינע!

— ניין, ער מאַכט גאָר צו אונדז: „רבותי, די פּאַקונג האָט זיך אַדורכגעבּרענט״. איר הערט אַ מעשׂה, אין מיטן וועג, זאָל איך טאַקע אַזוי לעבן, ווי כ׳דערצייל אייך נישט קיין ליגן! וואָס מיר האָבן געטאָן? אַ גאַנצע נאַכט זענען מיר געזעסן אין אויטאָ. אין דרויסן אַ קרירה, נישט אַ הונט אַרויסצולאָזן. אָבער וואָס זאָל איך לענגער ברייען, איר וועט מסתמא אַליין טרעפן וואָס צו שרייבן. אַ נאַכט איז עס געווען, הערט מיט מוח, אַפילו דער „זאַרבאַ״ אייערער... היי, ווּהין גייט איר עס? ביי מיר זענען פאַראַן נאָך פאַרכאַפּנדיקע מעשׂיות... ביז ווען בלייבט איר דאָ?

— איך גיי שוין אַהיימפליִען.

— און דער־אָ האָט געזאָלט בלייבן הי אַ חודש? אַ נעכטיקער טאָג!



# ראַזשינקעס מיט מאַנדלען

— אפרים, ביסטו טאַקע זיכער, אַז ס׳איז אַן אוונטברויט?
— דוכט זיך, אַז זיכערער קאָן שוין נישט זיין.
שוין אַוודאי זיבעצן מאָל האָב איך מיין קליינער דערקלערט דעם ענין, און זי האַלט נאָך אַלץ אין איבערפרעגן. איך האָב אָנגעקלונגען צו גברת פּאָמעראַנץ און מיט דאַנק אָנגענומען די פאַרבעטונג אויף מיטוואָך אָוונט האַלב ניין. זינט דעמאָלט גייט ביי אונדז אַ סדרה פון אַרומניוכען און דערגרונטעוועט דעם דאָזיקן טעלעפאָנישן שמועס, וואָרעם גברת פּאָמעראַנץ האָט נישט דערמאָנט, צי דאָס איז אַן אָוונטברויט, אָבער זי האָט אויך נישט געזאָגט דאָס פאַרקערטע.
— עס פירט זיך נישט, אַז מען זאָל פאַרבעטן געסט אויף האַלב ניין, אויב נישט צו אַן אָוונטברויט — האָט מיין ווייב געטענהט — ס׳איז זיכער אַן אָוונטברויט.
איך בין מסכים מיט דער דאָזיקער סברה. אויב מען דערלאַנגט נישט קיין מאָלצייט, זאָגט מען: „קומט נישט פאַר אַכט אַ זייגער!", צי „קומט צווישן אַכט און ניין!", אָבער בשום אופן וועט מען נישט זאָגן „האַלב ניין". חוץ דעם האָט גברת פּאָמעראַנץ געשטעלט דעם טראָפ אויף האַלב ניין, און איר קול האָט בפירוש געשמעקט מיט וועטשערע.
— ס׳איז אַן אָוונטברויט, איך וואָלט כמעט געשווירן! — חזרט איבער די פרוי מיינע.
איך האָב פאַרגעלייגט אָנצוטעלעפאָנירן צו די פּאָמעראַנצס סתם אַזוי, און פאַר איין וועגס אַ פרעג טאָן, צי האָבן זיי עפּעס צוגעגרייט, אָבער די פרוי האָט אָפּגעוואָרפן דעם געדאַנק, מחמת עס פּאַסט נישט. אין יענעם מיטוואָך האָבן מיר זיך זאָלבעצווייט אַרומגעדרייט אין שטאָט, געכאַפּט מיטאָגצייט עטלעכע סענדוויטשעס, און אין אָוונט איז אונדז באַפאַלן אַ הונגער, ווי נאָך אַ תענית. די קליינע מיינע האָט אָבער געהאַלטן, אַז ס׳איז נישט כדאי אין דער היים עפּעס צו נעמען אין מויל אַריין.
— די פּאָמעראַנצס קען איך גוט, — מאַכט זי — אויב אַ מאָלצייט, איז דאָס עפּעס רעכטס...
פאַר די אויגן אונדזערע האָט זיך אויסגעמאָלט אַ לייטיש טיי־וועגעלע אָנגעלאָדן מיט קאַבאַק, שישליק, אינדיק, סאַלאַטן, טשיפּס, כלערליי זויערע פּאַטראַוועס, אַלץ אויסגעסטראָיעט מיט געשמאַק. דער עיקר, אַז מען זאָל זיך נעמען צו דער אַכילה וואָס פריִער און אָפּלייגן דאָס רעדן אויף נאָכן עסן.

אונדזער אַריינקום איז געווען אַ ביסעלע פּריקרע. קודם כל, איז נאָך קיינער נישט געהאַט געקומען און די פּאַמעראַנצס האָבן זיך נאָך געהאַלטן אין אָנטאָן. די צעטומלטע בליקן אונדזערע האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט אין סאַלאָן און נישט געזען קיין זכר פון אַן ערנסטער זאַך. אַרום אַ נידעריקן טיש זענען געווען אַוועקגעשטעלט בענקלעך און פאָטעלן. אויפן טיש איז געשטאַנען אַ היפּשער טעלער מיט ראָזשינקעס, מאַנדלען און ערדניסלעך. ביי דער זייט זענען געלעגן אויף אַ טאַץ עטלעכע אייל־בירטן, פּענעצלעך ווייסער קעז מיט אַריינגעשטעקט ציינשטעכערס פון פּלאַסטיק, געזויערטע אוגערקעס און גרעצאַלצענע שטעקעלעך. לכתחילה האָט ביי מיר אין מוח אַ בליץ געטאָן דער וויטיקלעכער געדאַנק, צי האָט נישט חלילה די מאַדאַם פּאַמע־ראַנץ געזאָגט אין טעלעפאָן „אַ פערטל צו ניין״ און נישט „האַלב ניין״, אָדער צי האָט זי בכלל נישט געזאָגט קיין אַקוראַטע צייט, און בלויז דערמאָנט פעלינין...

— האָט איר חשק עפּעס צו טרינקען?

דער אַדון פּאַמעראַנץ איז אַריינגעקומען אין מיטן בינדן דעם קראַוואַט און האָט אונדז אָנגעגאָסן דזשאָן קאָלינס. אַלע מאָל האָבן מיר גרויס הנאה פון דזשאָן קאָלינס, אָבער דאָס מאָל זענען די פאַרשמאַכטע הערצער אונדזערע ממש אויסגעגאַנגען נאָך אַן אינדיק־פולקע, צי עפּעס ענלעכס. ס׳האָט אונדז נישקשה געבורטשעט אין די געדערעם, בשעת מיר האָבן אָנגעקלאַפּט די גלעזלעך מיט אַ ברייטן שמייכל.

— לחיים! — האָט פּאַמעראַנץ אויסגערופן און אַ פרעג געטאָן — וואָס טראַכט איר וועגן סאַרטער?

איך האָב אַרויסגעגראַבלט פון דער טאַץ אַ זשמעניע ערדניסלעך און זיך געסטאַ־רעט צו געבן אַן אַנאַליז וועגן דער השפעה פון עקזיסטענציאַנאַליזם אויף אונדזער לעבן. באַלד אָבער האָב איך זיך געכאַפּט, אַז דער מאַטעריאַל סטייעט מיר נישט. וואָס באַטייט עס שוין פאַר אַ דערוואַקסענעם מענטש אַ טעלערל ערדניסלעך, אויסגע־מישטע מיט אַ פערטל זשמעניע ראָזשינקעס מיט מאַנדלען! אויך מיין פרוי האָט דאָס זעלבע געטראַכט, ליקווידירט צווישן יאָ און ניין די שוואַרצע איילבירטן און אָנגע־מאַכט אַ חורבן אין ווייסן קעז. ווען מיר זענען דערגאַנגען צו דער אויפפירונג פון מפ״ם, זענען נאָך געבליבן אויפן טיש נישט מער ווי עטלעכע פאַריתומטע אוגערקעס.

— אַנטשולדיקט! — האָט מאַדאַם פּאַמעראַנץ געשמייכלט, אַרויפצי׳ענדיק די ברעמען — אָט ברענג איך נאָך...

זי האָט אַוועקגעטראָגן די אויסגעליידיקטע טעלער אין קיך אַריין. מיר האָבן איר נאָכגעקוקט מיט שפּאַנונג, כדי צו דערשנאַפּן עפּעס אַ באַוועגונג פון יענער זייט טיר, אָבער אַ נעכטיקער טאָג! אַ קיך אַן עקרה, אַ שטילקייט וואָס וואַרפט אַן אַ פחד. דערווייל האָבן זיך שוין באַוויזן געסט — אַ פערטל נאָך ניין (?) — און דער מאָגן ביי מיר האָט זיך גענומען בייזערן אויף אַ קול, אַז מיר זענען שי׳ער נישט איינגע־זונקען פאַר בושה. עמעצער האָט פאַרקירעוועט דעם שפּרודלענדיקן שמועס אויף דעם „אַלטנס״ דערגרייך ביים לעצטן באַזוך זיינעם מעבר־לים.

— זאָגט וואָס איר ווילט — האָט דער עמעצער געדרשנט — בן־גוריון איז אַ מזיק, אים שאַט גאָרנישט...

שאַט גאָרנישט? כ׳וואָלט געווען אַ בעלן צו זען דעם „אַלטן״, ווען מען זאָל אים

האָדעווען אין אַמעריקע אַ גאַנצע מעת־לעת מיט ערדניסלעך! איך איינער, למשל, האָב זיך נישט געפּילט איי־איי־איי שוין נאָכן צווייטן טעלער. כ׳האָב, חלילה, קיין שום תרעומת נישט אויף ערדניסלעך, אַדרבה. אַ גאָר נאַרהאַפטער מאַכל, וואָס איז אָנגעפּיקעוועט מיט אַ מאָסע פּראָטעינען, אָבער פון דעסטוועגן קאָן עס נישט פאַרבייטן קיין אינדיק־פּולקע, ברויט און פּישסאַלאַט מיט מאַיאָנעז. כ׳האָב געוואָרפן אַ קוק צו מיין ווייב. זי האָט מיר אויסגעזען מסוכן בלייך און זיך כסדר באַטאַפּט דעם האַלדז — מסתמא איז דאָרט אָנגעגאַנגען אַ מלחמה פון אוגערקעס, ראָזשינקעס מיט מאַנדלען און דזשאָן קאָלינס. דערווייל האָב איך זיך צוגעכאַפּט צו אַ פרישן טראַנספּאָרט ווייסן קעז, און כ׳האָב בשעת־מעשׂה, אויב כ׳האָב קיין טעות נישט, אַראָפּגעשלינגען אויך אַ גרינעם ציינשטעכער. כ׳האָב פּשוט נישט באַוויזן זיך אָפּצושטעלן. די מאַדאַם פּאָמעראַנץ האָט אונדז היפּשלעך לאַנג באַקוקט, געשעפּטשעט עטלעכע ווערטער צום מאַן אירן און איז אַוועק אין קיך, כדי פון ס׳ניי צו פאַרפולן דעם בלויז...

— נו — האָט זיך אָנגערופן אַ ייִד לעבן מיר — די צאָל אַרבעטלאָזע ביי אונדז וואַקסט פון טאָג צו טאָג.

— געדעכט! — האָב איך געענטפערט — אַז ס׳איז אונדז באַשערט אַזאַ פאַרזאַלצענע רעגירונג!...

ס׳איז מיר שווער געווען צו רעדן צוליב די שטעקעלעך אין מויל. און בכלל, וואָס דולט מען מיר אַ ספּאָדיק מיט אַרבעטלאָזיקייט, בעת אָט־דאָ, אין סאַמע מיט פונעם סאַלאָן, גייט אויס אַ משפּחה פאַר הונגער! די פרוי מיינע האָט נאָר וואָס געענדיקט דעם דריטן קאָן ערד־ניסלעך, און אויף די פּנימער פון די פּאָמעראַנצס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע סימנים פון פּאַניק. דער אַדון פּאָמעראַנץ האָט ערגעץ אין אַ שאַפע אַנטפּלעקט אַ סלאָיעקל מיט טופּי־צוקערקעס און זיי אַוועקגעשטעלט לעבן אונדז; מיר האָבן דאָס נאַשוואַרג פאַרלענדט צווישן יאָ און ניין. סאַראַ חידוש, אַז מיר האָבן פון אין דער פרי אָן כמעט גאָרנישט טועם געווען, און איצט האָבן מיר געלעבט פון דער האַנט צום מויל.

די געזאַלצענע שטעקעלעך האָבן אָנגעמאַכט אַ רעש ביי מיר אין מויל פּשוט טויב צו ווערן. די הויט אויפן בויך מיינעם האָט זיך אָנגעבלאָזן ווי אַ פּענכער, און ס׳האָט מיר אַ ביסל געשווינדלט פאַר די אויגן. אינעווייניק ביי מיר האָבן געהאָפּקעט לכל הפּחות צוויי קילאָ ערדניסלעך, אַ גוזמא שטעקעלעך און אַ געזאַלצענער ים. איך האָב אָנגעווירן די שליטה איבער מיר, און ס׳איז אָנגעגאַנגען אַ קאָנצערט. איר זאָלט מיר מוחל זיין, פון גרעפּצן און שלוקערצן. די קליינע מיינע איז געווען סאַמע טופּי, און אירע אויגן האָבן שטום געבעטן רחמים.

גברת פּאָמעראַנץ האָט געבערענגט איילבירטן פון אַ שכנטע. עמעצער האָט דער־מאָנט וויעטנאַם, און די שטעקעלעך זענען מיר געבליבן שטעקן אין גאָרגל. מיר זענען דערגאַנגען צו אַזאַ מצב, אַז דער בלויזער געדאַנק, אַז ערגעץ ווו אין דער וועלט זענען נאָך פאַראַן ערדניסלעך, האָט ביי אונדז אַרויסגערופן שרעקלעכן עקל. נאָר נישט טראַכטן וועגן עסן, נאָר נישט טראַכטן דערפון!...

— ביטע, טייערע געסט, קומט אַריין!

דער אַדון פּאָמעראַנץ האָט אויפגעפּראַלט די טיר פון אַ צווייטן סאַלאָן, און פּאַר אונדזערע אויגן האָט זיך באַוויזן אַ לאַנגער טיש, פאַרשפּרייט מיט אַ שניי־ווייסן טישטעך... טעלער... גלעזער... רבונו של עולם!...

די מאַדאַם פּאָמעראַנץ האָט אַריינגעפירט אַ טיי־וועגעלע, אָנגעלאָדן מיט אינדיקעס... שוועמלעך־זופּ... טשיפּס... ספּאַרזשע... סאַלאַט...

— זייט מוחל, זעצט אייך צו דער סעודה.

נו, לאָמיר בעסער וועגן דעם נישט רעדן.



# ווער גרימפּלט עס?

אין איינעם אַן אויפדערנאַכט האָב איך זיך פריִער ווי תמיד געלייגט, מחמת איך האָב באַדאַרפט אויפשטיין צו מאָרגנס שוין האַלב צען. איך האָב גיך איינגע־דרימלט, אָבער שוין באַלד האָט עס מיך ראַפּטעם אויפגעוועקט.

— לאָזט שלאָפן! — האָט עמעצער געריטשעט אין דרויסן אין דער פינצטערניש אַריין מיט אַ קול פון אַ וואַלד־גזלן — וואָס טוט זיך עס דאָ? ס׳איז שוין האַלב עלף, צייט צו פאַרמאַכן דעם ראַדיאָ!...

איך האָב זיך עטוואָס אויפגעהויבן פונעם קישן, און ס׳האָט מיר טאַקע אויס־געזען, אַז עס הערט זיך פון ערגעץ ווו מוזיק, אפשר פון יענער זייט הויז. אויף זיכער אָבער האָב איך עס נישט געוווּסט, צוליב די געשרייען אין דרויסן.

— מיר ווילן שלאָפן — האָבן געדערעוועט די שכנים — שטיל זאָל זיין! פאַרמאַכן דעם ראַדיאָ!...

ביסלעכווייז האָבן זיך אויפגעכאַפּט אויך די איינוווינער פון די שכנותדיקע הייזער. ס׳איז ליכטיק געוואָרן אין די פענצטער, די שטאָט האָט אויפגעוואַכט. דער קליינטניק פון אַ העכערן שטאָק איבער מיר האָט געמאַכט אַ הילכער פון אַ צייטונג און אַריינגעדונערט אַ פּראָטעסט קעגן יענע וואָס שטערן די רו אין תל־אביב. דער אַלטער סאַלאַח, אַ תימנישער אייז־צעטיילער, וואָס וווינט אונדז אַנטקעגן, האָט עטלעכע מאָל געדראָט מיט בן־גוריון. דאָס איז ביי אים אַ סימן פון אומגעווייינטלע־כער אויפרעגונג. איך ווידער בין צוגעשפּרונגען צום פענצטער, ווייל דאָס חיות גייט מיר אויס צו זען ווי מענטשן קריגן זיך. דאָס איז זייער אַ מענטשלעכע טבע.

שטיל! — האָב איך אויסגעהילכט — שטיל! ווו איז דער הויז־קאָמיטעט? דער קאָ־מי־טעט!

דער אינסטאַלאַטאָר שטוקס, דער פאָרזיצער פונעם קאָמיטעט, האָט זיך באַוויזן אויפן באַלקאָן און געטענצלט, פון איין פוס אויפן צווייטן.

— וואָס שטייסטו מיט פאַרלייגטע הענט, שטוקס? — האָט מען צו אים געשריגן פון אַלע זייטן — ביסט אַ פאָרזיצער, צי נישט? טו עפּעס. לויף צום אַמט פון קאַמף קעגן טומל! איצט גיט מען האַרבע שטראָפן פאַן אַן אָפענעם ראַדיאָ!

— בן־גוריון! — האָט סאַלאַח אַריבערגעשריגן צו שטוקסן — תיכף זאָל מען אָפּשטעלן דאָס געגרימפּל! בן־גוריון!

שטוקס באַלאַנגט נישט בשום אופן צו די גיבורים. בעצם האָבן מיר אים אויס־געקליבן בלויז דערפאַר, וואָס ער פאַרמאָגט אַ שיינעם כתב און שטעלט זיך בטבע קיינעם נישט אַנטקעגן.

— תיכף זאָל מען פאַרמאַכן דעם ראַדיאָ... איך בעט זייער... באמת... — האָט דער פאַרזיצער אויסגערופן, אָבער מען האָט אים געהערט ווי דעם קאָטער. די חלשותדיקע מוזיק האָט ווייטער געגרילצט און דערהרגעט דאָס געמיט. שטוקס האָט איינגעזען, אַז דער כבוד פון זיין משפחה און די צוקונפט פון די קינדער שטייען אין קאָן, און דערפאַר טאַקע האָט ער גענומען דראָען מיט אַ העכער קול: אויב מען וועט תיכף נישט אָפשטעלן די גרימפלעריי, וועל איך אָנקלינגען אין שטאָטראַט.

די שפאַנונג איז געוואַקסן. פלוצעם איז די מוזיק נאָך שטאַרקער געוואָרן, אַ טיר האָט זיך געעפנט אין פאַרטער, און אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן די הויכע געשטאַלט פון ד״ר בירנבוים, וואָס אַרבעט אין מלוכישן טוריסטן־אַמט.

— ווער איז עס דער גראָבער יונג — האָט ד״ר בירנבוים געפרעגט מיט אַ לויטערער שטים — וואָס פאַר אים איז בעטהאָווענס זיבעטע סימפאָניע — אַ גרימפלעריי?

שטילקייט. אַ געדיכטע שטילקייט. ממש צום אָנטאַפן. בעטהאָווענס נאָמען האָט זיך צעשפרייט אין חלל און איז אַריינגעדרונגען ביזן מאַרך פון די ביינער. שטוקס האָט גענומען ציטערן. איך האָב זיך אָפגערוקט אין אַ זייט, כדי אונטערצושטרייכן, אַז איך טרייסל זיך אָפ פון אים. די געטלעכע מוזיק אַליין האָט געהערשט איבער דער שטילקייט.

— הייסט עס, אַז לויט דעם אדון שטוקס איז די זיבעטע אַ גרימפלעריי! — האָט ד״ר בירנבוים אויסגעלייִדיקט דעם נצחון־בעכער ביז צום סאַמע דנאָ — אַ יישר כוח אייך, אַדון שטוקס! — און מיט ביטול־טריט איז דער דאָקטער צוריק אַריין אין זיין פעסטונג. דעם דאָקטערס אויפפירעכץ איז געווען כולו הויכע קולטור נישט צום באַשרייבן. שטוקס איז געבליבן אויפן שלאַכטפעלד, ווי אַ מאָראַלישער פגר...

— איך בין געווען אַזוי שטאַרק צעטומלט — האָט שטוקס שעפטשענדיק זיך פאַרענטפערט — אַז איך האָב נישט דערקענט בעטהאָווענען.

— שווייגט! — איז מען אויף אים אָנגעפאַלן — שווייגט! מען הערט נישט די מוזיק...

ווי צו די באַזיגטע! שטוקס איז איינגעשרומפן געוואָרן צו אַ גאָלע גאָרנישט, בעת מיר אַלע האָבן געשעפט נחת, האַרכנדיק מיט דבקות די הימלישע קלאַנגען פונעם גרעסטן מוזיק־גאון זינט אָדם הראשונס צייטן. מיר האָבן זיך צעשטרעקט ברחבותדיק אויף די פאָטעלן און איינגעזאַפט די כישוף־מעלאָדיעס מיט פאַרמאַכטע אויגן. איך אַליין האָב געוואָרפן אַ בליק אַרויף צום אויסגעשטערנטן הימל און גע־מורמלט מיט אַכפערונג: „בעטהאָווען!”, אַזוי ווייט האָט מיך די זיבעטע פאַרכאַפט. אָבער אין דער דירה אַנטקעגן אונדזער טיר האָבן סאַלאַח און די ייִדענע זיינע, אתרוגה, זיך געסודעט:

— ווער איז ער? — פרעגט אתרוגה — ווער איז ער עס?

— ווער? — פרעגט סאַלאַח.

— נו, יענער! דער אַדון בית־הובן...

— איך ווייס נישט. איך קען אים נישט.

— מסתמא עפעס פון די הויכע פענצטער — זאָגט אתרוגה — צי האָסטו דען

נישט געזען, ווי אַלע האָבן זיי פּאַר אים מורא?

— בן־גוריון! — האָט סאַלאַח געשטאַמלט — בן־גוריון!

— רבונו של עולם! פּאַר וואָס־זשע האָסטו זיך צעשריגן?

— אַלע האָבן געשריגן.

— זיי אַלע מעגן. דו אָבער, סאַלאַח, פאַרגעס נישט, אַז דיין דערלויבעניש איז נישט אין אָרדענונג. דערמאָן זיך נאָר, וואָס ס׳האָט זיך געטראָפן נעבעך מיט סעלים בעת ער האָט צעפּירט די צונג אין ביוראָ!

סאַלאַח האָט זיך דערשראָקן און גענומען שרייען אויפן קול:

— אַ מחיהדיקע מוזיק! איך זאָל אַזוי לעבן און געזונט זיין, ווי זי איז מחיהדיק!

יגאל, דעם אַפּטייקערס זונדל פונעם צווייטן גאָרן, האָט זיך אויפגעכאַפּט צוליב דער פּלוצעמדיקער שטילקייט, איז אַרויס אויפן באַלקאָן און האָט געריטשעט: „סאַראַ געפילדער!״. דער פאָטער האָט אים תיכף מכבד געווען מיט אַ פּאַטש. אַלע שכנים האָבן אויסגעדריקט זייער צופרידנקייט. ווער עס דערציט זיך נישט יונגערהייט אין כבוד צו קלאַסישער מוזיק, דער וועט ענדיקן אין קרימינאַל. דער לערער, מיין שכן פון דער רעכטער טיר, וואָס האָט נישט געשמועסט מיט דער פּלוניתטער זיינער שוין אַ קימא־לן פון 34 יאָר — זינט זיי האָבן זיך אַ מאָל געקריגט — איז איצט געזעסן לעבן פענצטער אָנגעשפּאַרט אָן זיין פרוי גלייך גאָרנישט. בעטהאָווענס קלאַנגען האָבן עס דערנענטערט די צוויי נפשות.

— דאָקטער בירנבוים, זייט מוחל — האָט שטוקס אַראָפּגעשריגן — אפשר וואָלט איר אַ ביסעלע שטאַרקער געמאַכט די מוזיק? דאָ, אויבן, הערט מען כמעט גאָרנישט...

ער האָט געפּועלט.

— אַ האַרציקן דאַנק, אַדון דאָקטער!

אַלע שכנים זענען מיר געזעסן אין יענעם אָוונט, עלעהיי איין גרויסע משפּחה. איינער האָט דעם צווייטן ממש ליב געקריגן.

— ווי גיגאַנטיש איז דער דאָזיקער ראָנדאָ! — האָט דער אַפּטייקער, וועמענס זונדל עס לערנט זיך אַקאָרדעאָן, אַ פאַרכישופטער געשעפּטשעט — הגם עס קאָן גריילעך געמאָלט זיין, אַז דאָס איז גאָר אַן אַנדאַנטע.

דער קלייטניק האָט מיניה וביה מסכים געווען, אַז ס׳איז הונדערט פּראָצענט אַן אַנדאַנטע. דעם לערערס ווייב האָט געמורמלט, ווי צו זיך אַליין: „לאַ מאַזשאָר! לאַ מאַזשאָר!״ סאַלאַח האָט עטלעכע מאָל איבערגעחזרט: „אוי איז דאָס אַ זיסקייט!״ איך האָב זיך צוגעשאַרט צום ביכערשאַנק און אַרויסגענומען דעם „וועגווייזער פון קאָנצערטן״. בסך הכל איז עס אַ דין ביכעלע, און מען קאָן עס האַלטן אויפן שויס, אַז קיינער זאָל נישט זען. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט ביי דער זיבעטער.

— נו, אַוודאי — האָב איך צו וויסן געגעבן דעם עולם — אַ־די סימפאָניע אין אַ־דור איז אַן אומשטערבלעכער שעדעווער. דאָס איבערחזרן פונעם הויפּט־מאָטיוו איז בפירוש גאוניש, הגם וועדליק אַ צאָל עסטעטיקערס איז די קאָדאַ פונדעסטוועגן נישט אַזוי שלימותדיק.

כ׳האָב געפילט, אַז מיין כבוד וואַקסט, ווי אויף הייוון. ביז היינט האָט מען פון

מיר נישט איבעריק געהאַלטן, צוליב מיין באַשיידענער אויפפירונג. איצט אָבער האָט מיין קענטעניש פון מוזיק אַלעמען געפּלעפט. (דעם שאָפערס טאָכטער פון דער דירה אַנטקעגן האָט געשיקט דעם ברודער, ער זאָל איר ברענגען אַ בינאָקל...). בלויז דער אַפּטייקער האָט זיך דערוועגט מיך אָפּצופרעגן:

— די קאָדאַ איז דווקא אַ גוטע, אַדוני — האָט ער געמורמלט — אַן אויסגעצייכנטע קאָדאַ!

כהרף עין האָב איך אַ מיש געטאָן אין וועגווייזער:

— איר האָט אַפּנים לגמרי פאַרגעסן — האָב איך אַריינגעזאָגט דעם אַפּטייקער — אַז די אַלעגראָ קאָן בריאָ איז געשריבן אין ציס־מאָל!...

די שכנים האָבן זיך געקייקלט אין שטויב פון מיינע פיס. דאָס זענען געווען די רגעס פון אונדזערביידנס גבורה: מיינע און בעטהאָווענס.

— באַך איז אויך נישט שלעכט — האָט דער פריטשמעליעטער אַפּטייקער געענטפערט מיט אַ דערשלאָגן קול.

די מוזיק האָט איבערגעחזרט דעם הויפּטמאָטיוו, די בלאָז־כּלים האָבן זיך פלאַמפייערדיק צונויפגעגאָסן מיטן קרעשטשענדאָ פון די סטרונעס־כּלים, און די אומפאַרגעסלעכע מוזיק־אידיליע האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַן ערדציטערניש פון די קעסלפּויקן. זיפצן פון נחת האָבן זיך צעשפּרייט אין חלל. דערנאָך איז געוואָרן שטיל, און דער ראַדיאָ האָט מודיע געווען:

— איר האָט נאָר וואָס געהערט די סויטע „די ברונעמס פון נתניה" פון יוחנן בן־תוכי, אין דער אויספירונג פונעם „קול ישראל"־אָרקעסטער. אין צווייטן טייל פון אונדזער אוידיציע וועט איר הערן קלאַסישע מוזיק פון פּליטעס. פון אָנהייב — בעטהאָווענס זיבעטע סימפאָניע.

טיפע שטילקייט. אויסטערליש טיפע שטילקייט. שטוקס האָט דער ערשטער אויסגעגלייכט די איינגעהויקערטע געשטאַלט זיינע.

— אַ גרימפּלעריי! — האָט ער, אַ דערפרייטער אויסגעשריגן אין דער פינצטער פון דער אכזריותדיקער נאַכט — איר הערט, בירנבוים? בעטהאָווען איז דאָס ביי אייך? פּשוט אַ געגרימפּל איז עס געווען!

צווישן אָפּגענאַרטן עולם האָט זיך צעפלאַקערט אַן איבערקערעניש.

— בעטהאָווען? — האָט די לערערקע געגרילצט — וואָס נאָך, בירנבוים?

סאַלאַח און אתרוגה האָבן זיך געהאַלטן ביי די הענט, באַשיימפּערלעך פאַר־ציטערטע:

— אַ שווינדל! — האָט סאַלאַח פעסטגעשטעלט — ווידער אַן אַשכנזיש שטיקל אַרבעט.

— תיכף וועט מסתמא קומען פּאָליציי — האָט אתרוגה געזאָגט — סאַלאַח, מ י ר האָבן דאָ גאָרנישט געהערט!

— בן־גוריון!...

דער איבעריקער עולם האָט אויסגעשאָסן מיט אַ פאַרניכטנדיק חוזק־געלעכטער. דער בידנער בירנבוים האָט זיך אויסגעשטעלט אויף לייטיש געלעכטער...

# אינקאָגניטאָ

דער קרעמער: מיט וואָס קאָן איך אייך דינען?

דער מאָלער : גיט מיר אַ קראַוואַט.

דער קרעמער : וואָס פאַר אַ קראַוואַט?

דער מאָלער : ווי פאַר אַ קינסטלער.

דער קרעמער : ביטע. (ער דערלאַנגט קראַוואַטן).

דער מאָלער : מעג איך אַוועקלייגן מיין טעקע דאָ אויפן בענקל? פאַראַן אינעווייניק איילפאַרב אין אַ טובע.

דער קרעמער : אַוודאי מעגט איר.

דער מאָלער : (באַקוקט אַ קראַוואַט) סאַראַ וווּנדערלעכע אָרנאַמענטיק!

דער קרעמער : אַ חידוש עפּעס! די גרעסטע מאָלערס פּלאַנירן דאָך די דאָזיקע קראַוואַטן.

דער מאָלער : אויב אַזוי, בין איך אויך אַ ביסעלע באַהאַוונט אין ענין. כאַ־כאַ־כאַ!

דער קרעמער : איר אַרבעט ביי טעקסטיל?

דער מאָלער : ניין, איך בין אַ מאָ...

דער געהילף (ימח שמו): אַדון שטיינער! קאָסע — אַ פונט מיט זיבעציק.

דער קרעמער : אַ דאַנק, גברת (נעמט אַ פונט מיט זיבעציק).

דער מאָלער : איז, ווי כ׳האָב שוין דערמאָנט...

דער קרעמער : יאָ, אַוודאי, זייט מיר טויזנט מאָל מוחל. אָט ווייז איך אייך נאָך אַנדערע קראַוואַטן. וואָס זאָגט איר עפּעס צו אָ־דעם געלן אַנטיקל?

דער מאָלער : צו שרייענדיק דער קאָליר, מיין פריינד. אין ווענעציע האָב איך געזען אַזעלכע בונטע קראַוואַטן, בעת מען האָט מיר דאָרט צוגעטיילט דעם ערשטן פרייז.

דער קרעמער : ס׳איז דווקא זייער אַן אָנגענעמער קאָליר.

דער מאָלער : בשעת איך האָב געקראָגן אין ווענעציע דעם ערשטן פרייז, האָב איך געזען אַזעלכע קאָלירן.

דער קרעמער : דער הער איז שוין געווען אין ווענעציע?

דער מאָלער : איך האָב דאָרט געוווּנען דעם ערשטן פרייז.

דער קרעמער : איך בין אויך שוין געווען אין איטאַליע. סאַראַ געגנט! סאַראַ שיינקייט! דעמאָלט האָב איך געזאָגט צו דוואָשען: ווען איך זאָל זיין אַ מאָלער, טייערינקע, וואָלט איך איצט, כ׳לעבן, געמאָלן אַ סך בילדער.

דער מאָלער : וואָס שייך מיר, האָב איך אין ווענעציע געוווּנען דעם ערשטן פרייז פאַר מיינס אַ בילד.

דער קרעמער: ביי מיר אין שטוב זענען אויך פֿאַראַן אַ מאַסע פּרייזן: צוויי פֿאַר דעקאָרירן אַ וויטרינע און איינער פֿאַר גימנאַסטיק. ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך אַ מאָל געווען אַן אַטלעט. אַפֿילו היינט נאָך מאַך איך אין דער פֿרי גימנאַסטיק אויב עס רעגנט נישט. דער עיקר איז געזונט, אמת?

דער מאָלער: אַוודאי.

דער קרעמער: דאָס בלאָע שניפּסל איז אויך מלא חן. אַ וווּנדערלעכער קאָליר.

דער מאָלער: קיינער איז נישט קיין גרעסערער מומחה אין קאָלירן פֿון מיר, מיין ליבער פֿריינד.

דער קרעמער: אַ חוש פֿאַר קאָלירן איז זייער וויכטיק, בפֿרט אין דער בראַנזשע מיינער. איך פֿאַרמאָג, ברוך השם, אַזאַ חוש שוין 27 יאָר, טייערער הער. יאָ, קיילעכיקע 27 יאָר!

דער מאָלער: מאָדנע, איך האָב געהאַלטן, אַז נישט תמיד זענט איר געווען אַ סוחר.

דער קרעמער: 27 יאָר, אַדוני.

דער מאָלער: ביי קיינעם שטייט נישט פֿאַרשריבן אויפֿן שטערן דער פֿאַך זיינער. אָט, איך, למשל. צוליבן אויסזען מיינעם האַלטן מיך פֿרעמדע פֿאַר אַ דאָקטער. אין אמתן בין איך אָבער אַ מאָ...

דער קרעמער: הער דאָקטער, איר אַרבעט אין קופּת־חולים?

דער מאָלער: ניין, מען האַלט מיך בלויז פֿאַר אַ דאָקטער.

דער טעלעפֿאָן צעקלינגט זיך.

דער קרעמער: אַנטשולדיקט, אַ טעלעפֿאָן! (ער רעדט אָפּ און קומט צוריק) יאָ, פֿון וואָס האָבן מיר גערעדט? אַהאַ. כ׳האָב געהערט אַ וויץ וועגן אַ דאָקטער. כ׳האָף אַז איך מעג אים דערציילן, און אַז איר, הער דאָקטער, וועט זיך נישט פֿילן געטראָפֿן. זאָגט עמעצער צום דאָקטער זיינעם: הער פּראָפֿעסאָר, זענט איר טאַקע זיכער, אַז איך האָב אַ לונגען־אָנצינדונג? מיינעם אַ פֿריינד האָט מען נישט לאַנג געהיילט אויף אַ לונגען־אָנצינדונג און געשטאָרבן איז ער גאָר אויף טיפֿוס. שטילט אים דער פּראָפֿעסאָר איין: נישט געדאגהט. אויב איך באַהאַנדל אייער לונגען־אָנצינדונג, וועט איר שטאַרבן נאָר פֿון אַ לונגען־אָנצינדונג. כאַ־כאַ־כאַ!

דער מאָלער: כאַ...

דער קרעמער: וואָס נאָך זאָל איך דערלאַנגען דעם הער פּראָפֿעסאָר?

דער מאָלער: לייוונט צום מאָלן געפֿינט זיך ביי אייך?

דער קרעמער: וואָס פֿלוצעם עפּעס לייוונט צום מאָלן?

דער מאָלער: כ׳האָב געטראַכט, אפֿשר האָט איר פֿאַר מיר לייוונט צום מאָלן.

דער קרעמער: איך האַלט נישט אַזאַ סחורה.

דער מאָלער: כ׳בעט אייך, רירט זיך נישט, בלייבט רויִק שטיין אין דער איצטיקער

פּאָזע! פּרעכטיק! סאַראַ ווונדערלעכער פּראָפיל! באמת ווי אָנגע־
מאָסטן פאַרן מאָלערס פּאַליטרע.

דער קרעמער (רירט זיך נישט): יאָ, נישט איינער האָט עס מיר שוין געזאָגט. איך
פאַרמאָג עפּעס.

דער מאָלער : איך בין גרייט אייך צו מאָלן.

דער קרעמער : אַ דאַנק, אָבער איצט בין איך פאַרנומען.

דער מאָלער : מירן עס מאַכן גיך, איינס־צוויי. איך בין אַ מאַדים אויף פּאָרטרעטן.
איר וועט קריגן פון מיר אַ פּרעכטיק בילד.

דער קרעמער : אַ דאַנק. מיר האָבן שוין אין דער היים בילדער, צוויי אין סאַלאָן
און איינס אין דער קינדערשטוב. איך האָב גרויס אַכטונג פאַר
מאָלעריי.

דער מאָלער : אַ דאַנק אייך.

דער קרעמער : מיין זונדל מאָלט נישקשהדיק. ער איז שוין אַלט אַכט יאָר, כ׳מיין
אַכט מיט אַ האַלב, אָבער דער לערער זיינער זאָגט, אַז דאָס יאַטל
איז געבענטשט מיט אַ גרויסן טאַלאַנט.

דער מאָלער : פאַר איין וועגס וועל איך גרייט זיין אַ קוק צו טאָן אויפן קינדס
געמעלן.

דער קרעמער : פאַראַן באמת אויף וואָס צו קוקן. דער לערער זיינער זאָגט, אַז אַזוינס
האָט נאָך נישט געטראָפן...

דער מאָלער : איך בין אַ מאָלער.

דער קרעמער : דאָס קינד איז אויך שטאַרק באַהאַוונט אין מאַטעמאַטיק.

דער מאָלער : איך בין דער מאָלער האָניגמאַן.

דער קרעמער : אמת, אין גראַמאַטיק איז דאָס יינגל נישט אַזוי שטאַרק. אָבער צי איז
דען טאַקע גראַמאַטיק אַזאַ וואַזשנער ענין?

דער מאָלער : איך בין יצחק האָניגמאַן, דער באַרימטער מאָלער.

דער קרעמער : אַפילו לערערס מאַכן צומאָל אַ גרייז בעתן רעדן, אמת? וואָס טוט
איר מיט מיר? לאָזט אָפּ דעם האַלדז מיינעם! צי איז דער הער
אַראָפּ פונעם זין?... געוואַלט, ראַטעוועט!...

דער מאָלער : האָניגמאַן! דער מאָלער!... דער באַרימטער!... דאָס בין איך, האָ־
ניגמאַן...

דער קרעמער : אַנטשולדיקט!... דער הער איז עס באמת האָניגמאַן?

דער מאָלער : אַוודאַי, איך.

דער קרעמער : ס׳קאָן נישט געמאָלט זיין!

דער מאָלער : זאָל איך אַזוי לעבן!...

דער קרעמער : ניין! עס גלייבט זיך מיר נישט!...

דער מאָלער : באַרויִקט זיך, ליבער פריינד! יצחק האָניגמאַן דער מאָלער שטייט
איצט פאַר אייך אין זיין גאַנצער גרייס!

דער קרעמער : וואָלט איך עס פריִער געוווּסט... באמת, אַזאַ כבוד! מעג איך אייך
אַרומנעמען?

דער מאָלער : מהיכא־תיתי, נעמט מיך אַרום!
דער קרעמער: נישט צום גלייבן... דווקא אין מיין קראָם... זענט איר נישט געצל האָניגמאַנס, דעם טשערנאָוויצער בערשטלמאַכערס, אַ קרוב?
דער מאָלער : יאָ, איך בין זיינס אַ געשוועסטערקינד. פאַר וואָס פרעגט איר?
דער קרעמער: געצל האָט מיט מיר אין איינעם געלערנט אין חדר... סאַראַ כבוד!... זייט מיר מוחל, למאי כ'האָב זיך אויפגעפירט לגבי אייך עלעהיי איר וואָלט געווען סתם עפּעס אַ קונה... קלייבט אויס ביי מיר וואָס דאָס גלוסט אייך!... די גאַנצע קראָם איז אייערער... דוואָשע, דוואָשע!... טרעף, ווער ס'איז געקומען! געצלס אַ געשוועסטערקינד!
דוואָשע לויפט אַריין. דער מאָלער צעשרייט זיך מיט אַ הייזעריק קול, אָן ווערטער, אַנטלויפט אַהיים און שיסט זיך אַריין אַ קויל אין קאָפּ, אָבער ער טרעפט נישט.



# קלאָר ווי די זון

— טאַטע!

אַזוי רופֿן מיך בדרך כלל מײַנע קינדערלעך. איצט איז עס געווען עמיר, וואָס האָט זיך געיאָוועט אויפֿן שוועל פֿון מײַן אַרבעטשטוב, האַלטנדיק אין הענטל זײַנעם אַ העפֿט מיט קאָלירטע קאָפּירבילדלעך פֿון וועלטווונדער און פֿון באַרימטע פּוט־באָליסטן.

— טאַטע! — מאַכט צו מיר מײַן בלאָ־אויגיקער זון — צי איז עס טאַקע אמת, אַז די ערד דרייט זיך אַרום דער זון?

— אַוודאי! — ענטפֿערט דער טאַטע — ס'איז קלאָר ווי די זון.

— פֿון וואַנען ווייסט עס דער טאַטע?

מסתמא די השפּעה פֿון „אַפּאָלאָ 17״, בין איך זיך משער. דאָס פֿילבאַרע יאָטל האָט באַשיימפּערלעך בדעה אײַנצונעמען דאָס זון־סיסטעם. אַ יישר כוח דיר, מײַן זון.

— ווער ווייסט עס נישט! — האָב איך אים מסביר געווען — אַלע האָבן מיר דאָס געלערנט אין שול.

— וואָס האָט איר אַלע געלערנט?

דער מוח נעמט אַרבעטן ביי מיר אויף אַלע כלים. באמת, וואָס האָבן מיר טאַקע געלערנט? דאָס איינציקע וואָס איך דערמאָן זיך בנוגע דעם וועלטקיילעך איז דער זיכערער פֿאַקט, אַז דער פֿיזיק־לערער אונדזערער פֿלעג טראָגן אַ מושקע־שניפּסל און אַז ס'איז ביי אים געווען אַ טבע אַזאַ צו רעדן מינוטן לאַנג מיט פֿאַרמאַכטע אויגן. די ציין זענען ביי אים געווען אַרויסשטאַרצנדיקע. מיר האָבן אים גערופֿן „דער לאָשעק״, אויב כ'האָב קיין טעות נישט — מען דאַרף זיך דערמאָנען.

— פֿון וואַנען ווייסטו עס, טאַטע?

— קיין שייגעץ זאָלסטו נישט זיין! — טו איך אַ ברום — פֿאַראַן דערפֿאַר טויזנט באַווייזן. ווען די זון דרייט זיך אַרום אונדז, וואָלט מען עס געדאַרפֿט אָנרופֿן „ערדסיסטעם״ און נישט זון...

איך דערקען, אַז עמיר נעמט זיך טראַכטן פֿון אַ פֿוטבאָל־סיסטעם. נו, מוז מען אים באַווייזן בולט דעם אמת, איידער ער גליטשט זיך אַראָפּ פֿונעם גלייכן וועג. ער איז אַן עקשן — אַ דזשינדזשי...

— גיב אַ קוק! — איך נעם אַ ווייסן גומי־מעקער וואָס ליגט אויפֿן שרייבטיש — לאָמיר זאָגן, אַז דאָס איז די לבנה, און יענץ פּודעלע מיט קלעמערלעך איז די ערד...

פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס עלעקטרישע טישלעמפּל איז די זון. דער טאַטעשי דרייט עלעגאַנט דעם גומי־מעקער און דאָס פּודעלע אַרום דעם לעמפּל, פּאַמעלעך־

פאַמעליעך, אַרום און אַרום...

— איצט זעסטו דעם שאָטן, נאַרעלע? בעת די גומי איז אין סאַמע מיט, דעמאָלט לייגט זיך אַ שאָטן אויפן פּודעלע.

— ווייסעך וואָס! — שפּאָרט מיר דער חברהמאַן איבער — דאָס בלייבט אין שאָטן אַפילו אויב דו וועסט דרייען דאָס לעמפּל אַרום דעם פּודעלע.

נישטאָ צו וועמען צו רעדן.

— אַנו פּרוּוו און לייג צו מוח! — שריי איך אויף אים — ווען דאָס וואָלט זיך געדרייט, וואָלט דער שאָטן פאַרקירעוועט גאָר אין אַ זייט...

און כך הווה, דער עלעקטרישער שטעקער האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון דעם קאָנטאַקט און ס'איז געוואָרן חושך מצרים. איך האָב זיך אָנגעבויגן, און בשעת מעשׂה האָבן אַלע קלעמערלעך פונעם וועלטקיילעך זיך צעשאָטן אויפן דיל, צוליב דעם צענטריפוגאַלן כּוח פון דער ערד, ימח שמו.

— ביסט געווען אַ לאָבוז און געבליבן אַ לאָבוז!

איין זאַך איז ביי אים תמיד אַראָפּגעלאָזט. אַזאַ צעפּאָרן קינד איז נישט בנמצא. בעתן צונויפקלייבן די קלעמערלעך איז מיר פּלוצעם געקומען אויפן זינען גאַלילעאָ גאַליליי, וואָס האָט דעם גאַנצן ענין אַנטפּלעקט אין מלכס הויף, צי ערגעץ אין אַן אַנדער הויף. אָט דאָס דערמאָן איך זיך פונעם ספּעקטאַקל אין קאַמערי־טעאַטער. דעמאָלט האָט זלמן לביוש געשפּילט דעם באַרימטן געלערנטן און העלדיש זיך אַנטקעגנגעשטעלט דעם גרויס־אינקוויזיטאָר, כ'מיין אברהם רונאי. אויף דער בינע זענען געווען אַ מאַסע טרעפּ. איך גענען צום פענצטער און כאַפּ אַ גיכן קוק אַרויף, צום הימל, אפשר רירט זיך דאָרט עפּעס. אויף מיין שלימזל איז דער הימל טיילווייז פאַרוואָלקנט...

— פאַרנעם זיך תיכף אין דיין צימער אַריין! — באַפעל איך דעם יאַטל — און טראַכט נאָך אַ מאָל וועגן דער נאַרישער פראַגע דיינער.

עמיר איז אַוועק אַ באַליידיקטער. איך האָב זיך אַ לאָז געטאָן צו די ענציקלאָ־פּעדיעס: קאָפּענהאַגען... קאָפּירייט... קאָפּערניקוס... אַהאַ! ניקולאַוס, אַ דייטשער אַסטראָנאָם (1473—1543). מען באַלעבעטשעט דאָרט וועגן אים אויף אַ האַלבער זייט, אָבער נישטאָ קיין סימן פון אַן אויסטייטש וואָס לייגט זיך אויפן שׂכל בנוגע דעם דרייען זיך. מסתמא האָבן די שרייבערס פון דער ענציקלאָפּעדיע אַליין אויך געוווּסט אַ מכה. איך גיי אַריין צו מיין זונדל אין צימער ווי דרך אגב און טו אים אַ גלעט מיט מיין וואַרעמער האַנט די פלאַמענדיקע טשופּרינע זיינע.

— נו, האָסט זיך שוין באַרויִקט?

— ניין! — ענטפערט דער שקאָץ — טאַטע, דו הייבסט נישט אָן צו וויסן.

הייסט עס, אַז א י ך הייב נישט אָן צו וויסן! די געבליטן האָבן מיר אַ זעץ געטאָן צום קאָפּ. איך נעם זלמן לביושן פאַר אַן עדות:

— דו האָסט אַ פּנים פאַרגעסן וואָס גאַליליי האָט אַ געשריי געטאָן צו די ריכטער זיינע: „און פאָרט דרייט זי זיך!"

— גוט, זי דרייט זיך — מאַכט דער חוצפּהניק — אָבער נישט אַרום דער זון.

— טאַ, אַרום וועמען דען דרייט זי זיך? אַרום דער באָבע דיינער?

אַ קאַלטער שווייס האָט מיר באַגאָסן דעם קאַרק. דער גאַנצער פּאַטערלעכער כבוד מיינער הענגט אויף אַ האָר.

— איך מוז גיין צום טעלעפאָן — האָב איך גיך אַ מורמל געטאָן און בין אַרויס פונעם צימער. אין טונקעלן ווינקל פונעם סאַלאָן האָב איך שטיל אָנטעלעפאָנירט צו ברונאָ. ער איז אַ ביאָ־כעמיקער, צי עפּעס פון דעם, אין ווייצמאַן־אינסטיטוט אין רחובות.

— הער, ברונאָ — האָב איך אַריינגעשעפּטשעט אין טרייבל — פון וואַנען ווייסט מען, אַז די ערד דרייט זיך אַרום דער זון?

אַ ווייל איז געווען שטיל. דאַן טוט מיך ברונאָ אַ פרעג, למאי איך שעפּטשע. איך האָב זיך פאַרענטפערט, אַז איך בין הייזעריק, און כ׳האָב איבערגעחזרט: נו, פאַר וואָס דרייט זי זיך טאַקע?

— אַזוי האָט מען מיט אונדז איינגעקנעלט אין שול — שטאַמלט דער וואַזשנער ביאָ־כעמיקער — מיר דוכט זיך, אַז די פיר צייט־תקופות פונעם יאָר, בפרט דער זומער, באַווייזן עס קלאָר.

— אויפן בוידעם אַ יאַריד! — האָב איך אים בייסיק אַריינגעזאָגט — די צייט־תקופות גייען זיך דעם דרך זייערן אַפילו אויב דאָס טישלעמפּל דרייט זיך און דאָס פודעלע מיט קלעמערלעך שטייט אויפן אָרט.

איך האָב אויך אָנגעקלונגען צו דאַליק, וואָס האָט אַ מאָל שטודירט אויף אַדוואָ־קאַט. זי האָט זיך דערמאָנט פון די פיזיק־לעקציעס בלויז אָן „טינטאַרעטאָס אומרו”. אַט דער אומרו האָט מען אַ מאָל אויפגעהאָנגען אויפן דאַך פון אַ קלויסטער אין באָלאָנאָ, און בעתן שאָקלען זיך האָט די כלי אָנגעצייכנט שטריכן אויפן זאַמד, וואָס מען האָט דאָרט אויסגעשפּרייט, מער־וויניקער...

איך הייב אָן תופס צו זיין די אינקוויזיציע. יאָוועט זיך עפּעס אַ נפש מיט פלאַמענדיקע אויערן און געוואַלדעוועט: זי דרייט זיך! פון וואַנען ווייסט איר עס, אַדוני? איך פיל עס! סתם אַן אידיאָט! און ווער איז עס שוין געווען, כ׳בעט אייך, דער דאָזיקער טינטאָרעטאָ גופא? עפּעס אַן איטאַליענישער מאָלער, אַ לא־יצלח. וואָס טוט זיך עס דאָ?

אַ דערשלאָגענער שלייך איך זיך צוריק אין מיין אַרבעטצימער און זעץ זיך אַוועק עפּעס טאָן מיט דער פּען.

— טאַטע! — דער דזשינדזשי שטייט אויפן שוועל — נו, וואָס־זשע דרייט זיך?

ס׳איז מיך באַפאַלן אַ מידקייט. די פּלייצע טוט מיר וויי. שווער מלחמה צו פירן דאָס גאַנצע לעבן.

— אַלץ דרייט זיך — האָב איך געברומט — נישט פאַראַן קיין חכמות.

— זאָגסטו, הייסט עס, אַז די זון דרייט זיך?

— ס׳איז נאָך נישט גלאַטיק, פאַראַן דערינען ויכוחים. היינט איז אַלץ מעגלעך. וואָסי, עס ברענט ערגעץ?

איך קוק אויפן יאַטל און שריי צו אים מיט די לעצטע כוחות: מאַך צורעכט די זאָקן דיינע! אַ שקאָץ אַזוינער!

# גאָטעניו, באַשירעם מיך!

אפשר איז גאָר דער צעדרייטער ווינטער אין אַלעמען שולדיק. מען ווייסט קיין מאָל נישט, ווען ער וועט עס זיך סוף־כל־סוף אָנהייבן און צי האָט ער זיך שוין לאַנג אויסגעלאָזט. אַ ווינטער, שוין איין מאָל אַ פֿאַרטאָטש! אָט פֿאַרכמאַרעט זיך דער אינדרויסן מוראדיק און עס שטורעמט ווי אין סיביר, אָט — אַ פֿערטל שעה שפּעטער — צעשטראַלט זיך די זון און עס צעצוויטשערן זיך די פֿייגעלעך, און אָט נעמט עס נישט מער ווי צוויי מינוט, ביז עס שווימען כמאַרעס אויף אַ האַלבן הימל און עס גיט אַ גאָס ווי מיט עמערס. אין אַזעלכע משוגענע טעג איז גלייכער נישט אַרויסצורירן זיך פֿון די פֿיר ווינקעלעך אָן אַ שירעם. אַזוי האָט לכל־הפּחות געטראַכט מיין קליינע פֿרוי, בעת איך האָב זיך געלאָזט גיין צו מיקאָ אין גאַראַזש אַריין אָפּנעמען דעם אויטאָ.

— נעם אַ שירעם! — באַפֿעלט מיר די פֿרוי, און זי גיט צו — זע, פֿאַרגעס אים נישט, למען השם!

— זאָג נאָר, טייבעלע — פֿרעג איך זי מיט אַ דינער איראָניע — ווען האָב איך עס פֿאַרלוירן אַ שירעם?

— אייערנעכטן! — דערווידערט דאָס טייבעלע — האָב־זשע גאָט אין האַרצן און פֿאַרליר נישט איצט מיין שירעם.

זי מאַכט אַ גאַנצן צימעס דערפֿון, וואָס אייערנעכטן האָב איך צופֿעליק ערגעץ ווו פֿאַרגעסן דעם שירעם מיינעם. אַזאַ טבע האָט זי, די קליינע, צו מאַכן פֿון אַ פֿלוי אַ העלפֿאַנט. איצט ניצט זי אויס דעם שעת־הכושר, וואָס איך מוז גיין מיט איר שירעם צו מיקאָ אין גאַראַזש, און זאָגט מיר אַריין. אַ בושה און אַ חרפּה, אויך מיר אַ שירעם! עפּעס אַ מאָגער, בלאָ דרענגל, מיט אַ הענטל וואָס איז באַקרוינט מיט אַ הינטישן קאָפּ פֿון מערמלשטיין, צי עפּעס אַזוינס. אַ חלשות איז מיר באַפֿאַלן, בעת כ'האָב גענומען מיט צוויי פֿינגער די מציאה און איך בין אַוועק אין אַ גאָסרעגן. פֿאַרשטייט זיך, אַז ווען איך בין אַראָפּגעקראָכן פֿונעם אויטאָבוס האָט שוין געשיינט אַ מחיהדיקער זומער — אַ קלאָרער הימל, ביימער קווייטלען זיך, גאָטס וועלטל האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, און איך שפּאַציר אין סאַמע מיט פֿון דער דיזענגאָף־גאַס מיט אַ בלאָ ווייבעריש שירעמל. ווי דער שטייגער איז, האָט מיקאָ נאָך נישט געהאַט פֿאַרריכט דעם אויטאָ. ער מוז נאָך מאַכן דעם רעגולאַזש, האָט ער זיך פֿאַרענטפֿערט.

אַהיימצוועגס האָב איך זיך אַריינגעכאַפּט אין באַנק, אַרויסגענומען אַ ביסל מזומן, פֿאַרברענגט מיט חברים אַ שטיקל צייט אין קאַפֿעהויז „קאַליפֿאָרניע" און געשמועסט וועגן דעם קריזיס אין דער ליטעראַטור־קריטיק. ביז וואָס־ווען איז

געוואָרן אַ פערטל צו צוויי און איך בין אַהיימגעלאָפן. די פלוניתטע איז געשטאַנען לעבן דער טיר און זי האָט אַ פרעג געטאָן:

— ווו איז דער שירעם?

באמת, ווו איז ער עס טאַקע? ער איז מיר גאָר לחלוטין אַרויס פונעם קאָפּ. צו אַלדי רוחות, ווו האָב איך אים געקאָנט פאַרגעסן? ווו? טו אַ טראַכט, בן־אָדם! דער עיקר איז טראַכטן מיט אַ קלאָרן קאָפּ.

— איך האָב אים איבערגעלאָזט אין „קאַליפאָרניע" — האָב איך דעם זכרון מיינעם געטאָרעט — אוודאי דאָרטן, וואָרעם איך דערמאָן זיך, ווי אַזוי איך האָב דאָס אַנטיקל איינגעקלעמט צווישן די פיס, כדי מען זאָל אים נישט אַרויסזען. אָט ברענג איך עס תיכף צוריק, קעצעלע, צוויי מינוט...

ווי אַ פייל אויסן בויגן האָב איך געיאָגט צו דער אויטאָבוס־סטאַנציע, און אַ רעגנדל האָט פון ס'ניי גענומען טריפן. אין אויטאָבוס, בעת כ'האָב זיך אָפּגע־טריקנט, איז מיר איינגעפאַלן, אַז די ענגלענדער רירן זיך נישט אַ טראָט אָן אַ שירעם, און פאַרלירן אים קיין מאָל נישט ווען דער רעגן שטעלט זיך אָפּ. אָט דאָס באַדאַכטיק פאָלק האָט זיך טאַקע אויפגעבויט אַ מעכטיקע אימפּעריע, וואָס צעפאַלט זיך ערשט איצט. פאַרזונקען אין אַזעלכע אינטערנאַציאָנאַלע רעיונות, בין איך שיִער נישט אַריבערפאָרן די סטאַנציע מיינע. כהרף עין האָב איך זיך אויפגעהויבן פונעם פלאַץ, געכאַפּט דעם שירעם און זיך גענומען שטופּן צו דער טיר.

— היי, יונגערמאַן! דאָס איז מיין שירעם!

געשריגן האָט עס אַ ייִדענע זייער אַ באַלייבטע, וואָס איז די גאַנצע צייט געזעסן אויף דער באַנק לעבן מיר. אומגערן האָב איך עס גענומען דעם שירעם אירן, וואָס איז געווען אַנגעשפּאַרט דערנעבן. מילא, עס טרעפט אַ מאָל, נו, איז וואָס? די באַלייבטע ייִדענע האָט געוואַלדעוועט, מיך אָנגערופן קעשענע־גנב וכדומה. איך האָב איר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז איך דאַרף דעם שירעם אירן אויף כפרות און אַז איך פאַרמאָג אַ שליל מיט אייגענע שירעמס, פאַרשפּרייטע איבער דער גאַנצער שטאָט. פון דעסטוועגן בין איך גיך אַראָפּ און האָב געמאַכט פיס...

אין „קאַליפאָרניע" האָב איך תיכף אַנטפּלעקט מיין ווייבס שירעם, כ'מיין דאָס וואָס ס'איז נאָך פון אים געבליבן. מען האָט אים, באַשיימפּערלעך, אַ שמיץ געטאָן אין אַ ווינקל, צעטראָטן און אויסגעשמירט מיט בלאָטע, פּשוט נישט צום דערקענען. אַזוינע באַרבאַרן! ס'האָט מיך פאַרקלעמט ביים האַרצן, בעת כ'האָב אויפגעהויבן די בידנע קאַליקע. וואָס וועט זאָגן מיין קליינע פרוי? דאָס לעבן אין דער מדינה איז געוואָרן זייער שווער...

— נו, וואָס זאָגסטו איצט? — האָב איך געפרעגט די קליינע כלומרשט מלא שׂמחה, בשעת איך האָב אַריבערגעטראָטן די שוועל — זע, געפונען דעם שאָדן!

— וואָס האָסטו געפונען?

— דעם שירעם דיינעם!

— ד אָ ס איז דער שירעם מיינער?

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אינצווישן האָט אַ שליח פון דער באַנק אַהיימגע־בראַכט צו אונדז דעם ווייבס בלאָ שירעמל. אוודאי — האָב איך זיך דערמאָנט — אַז איך האָב טאַקע דעם שירעם איבערגעלאָזט אין באַנק. דאָרט, און נישט ערגעץ

אַנדערש. ווער זשע איז דער באַלעבאָס פון דעם שוואַרצן פאַרזעעניש ?
דער טעלעפאָן צעקלינגט זיך.

— עס רעדט דער קעלנער פון „קאַליפאָרניע" — דערהער איך אַ בייז קול פונעם טרייבל — מען זאָגט מיר, אַז דער אַדון האָט געלקחנט דעם שירעם מיינעם. פע, נישט שיין! איך ווער דאָ פּאַרטיק דריי אַ זייגער, און אין דרויסן גיסט אַ מבול.

— זייט מיר טויזנט מאָל מוחל! — האָב איך געשטאַמלט אַ פאַרשעמטער — אָט ברענג איך אייך דעם שירעם.

די פרוי אַ ביסעלע נערוועז, מאַכט צו מיר:

— נעם דעם שירעם מיינעם אָבער פאַרגעס אים נישט, למען השם!

— וואָס טויג מיר דיין שירעם? איך האָב דאָך דעם קעלנערס שירעם!

— חכם מיינער! נו, און צוריקצוועגס?

חשובער לייענער, זענט איר עס אַ מאָל געגאַנגען אין גאַס אונטער די ברענענדיקע שטראַלן פון אַ ישראל־זון און געטאַסקעט צוויי שירעמס? און איינער איז אַ שוואַרצער פּאַראַשוט און דער צווייטער לאָזט זיך אויס מיט אַ הינטיש קעפּל? דער עולם, וואָס האָט געוואַרט אין אַ ריי אויפן אויטאָבוס, האָט אויף מיר געגלאָצט מיט מאָדנע בליקן, וואָס האָבן באַטייט: אויך מיר אַ מאַנצביל! כ'האָב זיך ממש דערפרייט ווען כ'האָב אָנגעהויבן ניסן און בין אַריין אין אַ שכנותדיקער אַפּטיק קויפן טאַבלעטן. פון דאַנען ריר איך זיך נישט, ביז וואַנען ס'וועט נעמען רעגענען, האָב איך באַשלאָסן, אָבער פּלוצעם האָב איך דערפילט, ווי עס בורטשעט מיר אין בויך, מחמת כ'האָב היינט נאָך נישט איבערגעביסן — ווי איר ווייסט. האָב איך זיך אַ לאָז געטאָן צווישן יאָ און ניין צום בופעט ביים עק גאַס, פאַרלאַנגט אַ האַלבן פאַלאַפל און אים פאַרצוקט ווי אַ דורכגעווייקטער וואָלף.

דער קעלנער האָט אויף מיר שוין געוואַרט אויף דער שוועל פון „קאַליפאָרניע" אַ ביסל אַנטוישט.

— הערט! — טוט ער אַ זאָג — ווו איז דער שירעם מיינער?

הייסט עס, ער וויל דווקא וויסן, ווו דער שירעם זיינער איז. וואָס ווייס איך, ווו דער שירעם זיינער איז! פאַר וואָס פרעגט ער גראָד מיך? און ווו מיין ווייבס שירעם איז, פרעגסטו נישט, בענקאַרט איינער? שיִער־שיִער האָב איך זיך אויף דעם יונגאַטש אַ וואָרף געטאָן. וואָס טוט זיך עס דאָ, צו אַלדי שוואַרצע יאָר! וואָס פאַרליר איך עפּעס שירעמס?

— ס'ס ברענט נישט! — האָב איך אַ געשריי געטאָן — בין איך דען נישט געקומען? אָט ברענג איך אייך דעם שמאַטע־שירעם אייערן!

כ'האָב זיך געיאָגט ביי אַ גאַסרעגן צוריק צום אויטאָבוס. באמת, זייער פאַרדריסלעך. דעם ווייבס שירעם איז מילא, אָבער דעם קעלנערס, צו אַלדי שוואַרצע יאָר...! איך בין אַריין אין אַפּטייק פרייכנדיק:

— איך האָב דאָ פאַרגעסן.... נאָר וואָס...

— יאָ, — מאַכט דער אַפּטייקער — איז עס ד ע ר?

— אַ גרויסן דאַנק!...

איך האָב געכאַפּט דעם שירעם און בין עוקר געווען. ביזן הײַנטיקן טאָג איז מיר נישט קלאָר, צי ס׳איז באמת געווען אײנער פֿון די שירעמס מײַנע. עפּעס אַ ביסל האָט ער יאָ אויסגעזען ווי מײַן ווײַבס שירעם אָבער פֿון דעסטוועגן באַמבלען זיך בײַ מיר ספֿקות. קודם כּל איז עס געווען אַ גרינער שירעם, זײַער אַ קורצער, דער קנאָפּ פֿונעם הענטל איז געווען פֿון שעמערירנדיקן בורשטין און ס׳איז געהאָנגען אויף אים אַ קלײנטשיק מעשן בלעכל „אַ מתּנה דער שוועסטער מײַנער ד״ר לאה פּיקלער״. כ׳האָב מורא, אַז מײַנע זאָל לעבן הײסט אַנדערש.

עפּעס מוז איך אָבער פּאָרט ברענגען דעם קעלנער. דאָס איז, מײַן ליבער, קאַמף פֿאַרן קיום. הײַנט איך, מאָרגן דו — נישטאָ קײן חכמות! אײַלסטו זיך נישט צו, בלײַבסטו אין אײן שמײ־דרײ אָן אַ שירעם. כ׳האָב געהערט, אַז אין דער קאַנצעלאַריע פֿון דער אויטאָבוסן־געזעלשאַפֿט „אֶגד״ וואָס לעבן דער הויפּטסטאַנציע, צעטײלט מען טאָג־אײַן טאָג־אויס אַ גוזמא מיט שירעמס. איר גײט אַרײַן און מעלדעט: אויף דער ליניע 94 פֿאַרלוירן אַ שירעם! 94 שמט פֿאַר אַן איבערגעלאָדענער ליניע. „איז אָט דער שירעם?״ פֿרעגט דער פּקיד. „אויף דער דאָזיקער שמאַטע איז דאָך חלשות צו קוקן — ענטפֿערט איר — דערלאַנגט עפּעס בעסערס!...״

— האַלאָ, אַדוני!

דער פֿאַלאַפֿעל־מלך ווינקט לײַטזעליק צו מיר פֿונעם בופֿעט, איך זאָל אַרײַנקומען. צו אַלדי שוואַרצע יאָר! אָט שטײען זײ דאָך אָנגעלענטע אָן בופֿעט־טיש, ווי אַ ברודער מיט אַ שוועסטער, די צווײ פֿאַרבלאָנדזשעטע שירעמס מײַנע... דעם שמענדריקס פֿון „קאַליפֿאָרניע״ און דער פֿון מײַן אלמנה...

דרײ... בסך הכּל זענען עס בײַ מיר שוין פֿאַראַן דרײַ שירעמס — אײנער אַ שוואַרצער, אײנער אַ בלאָער, אײנער אַ גרינער. וואָלט לכל הפּחות אַ ביסעלע גערעגנט! אָבער נײן! אַ צעשטראַלטער אינדרויסן, אַ לינד ווינטעלע פֿונעם ים. נו, בינד איך צונויף די דרײַ שירעמס, כּדי זײ זאָלן האָבן אַ פּנים פֿון אַ סוחריש פּעקל, עלעהײ איך בין עס אַ קרעמער, צי אַ שירעם־דאָקטער, צי גאָר אַ פֿאַרקאָכטער שירעם־זאַמלער פֿון דער האָבי־אויסשטעלונג. אָבער גײ נאַר אָפּ די ייִדעלעך אונדזערע, זאָלן געזונט זײַן! אַ כאָפּטע צוציקלעך טײַטן אויף מיר, סודען זיך און כיכיקען לעקישעוואַטע. שוין אײן מאָל בײַ אונדז אַ יונגוואַרג!...

אין אויטאָבוס זעץ איך זיך אין אַ ווינקעלע כּדי מען זאָל ווינציק וואָס אַרויסזען דעם דרײַלינג מײַנעם. ברוך השם, איך הער נישט קײן פּיפּס, כּמעט איבערגעקומען בשלום. פּאַמעלעך דערוועג איך זיך אויפֿצוהײבן די אויגן, און אָט, ממש מיר אַנטקעגן... ממש אַנטקעגן...

מאַמע!...

אָט זיצט זי גראָד מיר אַנטקעגן, יענע צעיוירענע, באַלײבטע מומע. זי שפּיזלט אַרײַן גלעזערנע אויגאַנעס אין די שירעמס מײַנע און שיפּעט מיט אַ קוויטשל:

— האָסט הײַנט געהאַט אַ מזלדיקן טאָג, האַ?

און אָט צעלײגט זי שוין אויף טעלערלעך פֿאַר די שכנים אַרום, ווי אַזוי זי האָט מיך דערטאַפּט בשעת מעשׂה הײַנט צו מיטאָג. אָ־דער אויסוווּרף כאַפּט פֿרעמדע שירעמס און אַנטלויפֿט. אַ יונגאַטש געזונט ווי אַ דעמב און האָט זיך אויסגעזוכט

אַזאַ פּרנסה — ראַבעווען שירעמס! פּע!

טוצן בייזע אויגן האָבן מיך אָנגעגלאָצט אויף דורס צו זיין. עמעצער האָט פאָרגעלייגט צו רופן פּאָליציי. אַ מוראדיקער פּחד איז מיך באַפאַלן, מחמת בטבע האָב איך פיינט טעאַטער אויף דער גאַס. ביים ערשטן אָפּשטעל פונעם אויטאָבוס האָב איך באַוויזן זיך אַדורכצורייסן צווישן עולם און עוקר צו זיין. אין דרויסן האָט געגאָסן ווי פון אַ פאַס. בעת די פיס מיינע האָבן זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ מזלדיקער שעה אויפן טראָטואַר, האָב איך אויפגעהויבןביידע הענט צום אַכזריותדיקן הימל מיט אַ שטילן תרעומת.

ביידע הענט?

רבונו של עולם... אויף ליניע 5... דריי שירעמס... קעלנער... אויס... אַן עק... שוין, געפּטרט אים אויף אייביק דעם דריילינג.

מיט פאַרמאַכטע אויגן שטיי איך אונטערן מבול, ווי אַ היינטצייטיקער איוב. דאָס וואַסער ליאַפּעט מיר אַריין הינטערן העמד און רייניקט אָפּ די זינדיקע נשמה מיינע.

דאָ בלייב איך שטיין. פון דאַנען וועל איך זיך נישט רירן. מעג קומען אַ מבול, מעג די וועלט זיך איבערקערן — פון דאַנען ריר איך זיך נישט ביז פרילינג!



# נישט אויף נאַפט אַליין

**א**רום פיר אַ זייגער פאַר טאָג האָט דער אויסער־מיניסטער פון שוועדן באַקומען אַ האַרבן באַפעל פונעם ליבישן אַמבאַסאַדאָר, אַז ער זאָל זיך למען־השם תיכף באַווייזן ביי אים אין דער אַמבאַסאַדע. דער איבערגעשראָקענער מיניסטער האָט באַגינען געאײַלט דורך שטאָקהאָלמס פוסטע גאַסן, כדי נישט צו פאַרשפעטיקן. אָן די אָנגענומענע צערעמאָניעס האָט דער הויכער ליבישער דיפּלאָמאַט, אָן אָנגעטוענער אין אַ פּיזשאַמע, אויפגענומען אין שלאָפצימער זײַנעם דעם מיניסטער.

— אַ דעפּעשע פון טריפּאָלי! — האָט דער אַמבאַסאַדאָר אָנגעזאָגט אַ בשורה — דער פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, קאָלאָנעל קאַדאַפי, איז פאַראינטערעסירט, אַז מען זאָל אים הײַיאָר מכבד זײַן מיטן נאָבעל־פּרייז פאַר שיינער ליטעראַטור.

— דעם נאָבעל־פּרייז פאַר ליטעראַטור?

— פאַר שיינער ליטעראַטור.

— האָט קיין פאַראיבל נישט, עקסעלענץ — האָט דער מיניסטער זיך אויסגעצויגן ווי הויך ער איז — די שוועדישע אַקאַדעמיע איז אַ דעמאָקראַטישע אינסטיטוציע און די מיטגלידער אירע זענען אומאָפּהענגיקע בירגער.

— נאַרישקייטן! — האָט דער אַמבאַסאַדאָר געענטפערט — מען קאָן זיי אַלע אויפהענגען!

— אַוודאי, אָבער איך זע פאָרט נישט, אויף וואָסער אופן מען וואָלט באַוויזן משפּיע צו זײַן אויף די באַשלוסן זייערע, עקסעלענץ.

— גוט! — האָט דער ליבישער פּריץ געגעבן אָנצוהערן — פון מאָרגן אָן איז נישטאָ קיין נאַפט.

ער האָט געפאָדערט אַ שריפטלעכע התחייבות ביז מיטאָגצייט. די שוועדישע מיניסטאָרן זענען זיך צונויפגעלאָפן צו אַן אויסנאַם־זיצונג, מחמת דער אַראַבישער נאַפט באַטרעפט 61 פּראָצענט פון דעם דאָזיקן אומגליקלעכן אינדוסטריע־לענדלס באַדערפענישן. די זיצונג האָט זיך פאַרצויגן 22 שעה אָן איבעררייס, און צום סוף האָט מען אַרויסגעלאָזט אַ מלוכישן קאָמוניקאַט, אַז די מיניסטאָרן האָבן אַרומגעשמועסט ענינים וואָס זענען שייך דעם קולטור־אויסטויש מיט ליביע.

דער קאָלאָנעל קאַדאַפי האָט דעם קאָמוניקאַט געהאַלטן פאַר אַ חוצפּהדיקן אָפּזאָג און געקריגן אַ נערוון־אָנפאַל אין מלוכישן געצעלט, וואָס מען האָט פון זײַנעטוועגן אַוועקגעשטעלט אין קלײנישן פּאַוויליאָן פונעם קעניגלעכן פּאַלאַץ. דער יונגער פּרעזידענט האָט פון זיך אַראָפּגעריסן דעם מונדיר און אים אַרויסגעשמיצט דורכן פענצטער.

— טשערטשילן האָט מען צוויי מאָל באַשאָנקען מיטן נאָבעל־פּרייז פאַר ליטע־ראַטור — האָט ער גערעוועט — ווייל ער איז געווען אַן אַשכנזי!...

בהסכם מיטן קאַלאָנעלס איינגעוואָרצלטער גאַטספאַרכטיקייט האָבן אין דער גאַנצער מדינה די מועזינס אויסגערופן פון די מעטשעט־טורעמס אַ פלאַמפייערדיקן חירום אויף דעם ציוניסטישן שוועדן. סיי ווי האָט מען שוין אין אַלע ליבישע פאַרטן געהאַט אָפּגעשטעלט דאָס פּאָמפען נאַפט אין די בייכיקע שוועדישע טאַנקשיפן.

דער שוועדישער פרעמיער־מיניסטער האָט געבעטן ביים ליבישן אַמבאַסאַדאָר אַ דרינגלעכע אוידיענץ און ביי דער געלעגנהייט דערמאָנט די דורותדיקע פריינד־שאַפט צווישן ביידע פעלקער.

— ס׳איז קלאָר ווי דער טאָג — האָט דער פרעמיער־מיניסטער אונטערגע־שטראָכן — אַז קיינער איז נישט אַזוי ראוי צו קאַנדידירן אויפן נאָבעל־פּרייז ווי קאָלאָנעל קאַדאַפי. פון דעסטוועגן דאַרף מען נישט באַנוצן אין דעם דאָזיקן ענין אַן אולטימאַטום.

דער פרעמיער האָט אינצייטיק אָנגעבאָטן אַ צייטווייליקע פשרה: צו טאַדלען ישׂראל דערפאַר, וואָס זי פירט אויס צו פאַמעלעך די צעשיידונג פון די כוחות. אָבער אין דער זעלביקער שעה האָבן שוין די הילכערס אַרויסגעשריגן די היסטאָרישע רעדע פון קאָלאָנעל קאַדאַפי אויפן גרעסטן פלאַץ פון בענגאַזי.

— דעם קאָמוניסט סאָלזשעניצין קומט יאָ דער נאָבעל־פּרייז פאַר שיינער ליטעראַטור — האָט דער פירער געריטשעט — דעם ייִד עגנון קומט אויך, אָבער אַן אַראַבישן פּאַטריאָט — נישט!

קאַדאַפי האָט אויפן אָרט געמאָלדן די דעמיסיע זיינע און געשוווירן ביים נביאס באָרד, אַז נאָך היינט לאָזט ער זיך אַוועק אין מדבר און ער וועט דאָרט פלאַנצן באָקסערן.

דער המון האָט געכליפּעט, און פאַר איין פאַר וועגס אונטערגעצונדן די אַמעריקאַ־נישע ביבליאָטעק, ווי דער שטייגער איז, און דערביי גערעוועט צום טאַקט:

— נאַ־בעל! קאַ־דאַ־פי! נאַ־בעל! קאַ־דאַ־פי!

אַן אָפיציעלע דעלעגאַציע פון אויפגעבראַכטע דעמאָנסטראַנטן האָט זיך אַוועק־געלאָזט צו פוס קיין אָסלאָ. די געשעענישן האָבן זיך געיאָגט מיט אַ דראַמאַטישער שנעלקייט. אין גאַנץ שוועדן האָט מען איינגעפירט שאַרפע באַגרענעצונגען ביים באַנוצן אויטאָס, עלעקטריע, און מחילה, קלאָזעטן. ביי אַן אויפגעשטורעמטער דעמאָנ־סטראַציע פון סטודענטן האָבן די רעדנערס פאַרלאַנגט, אַז די מלוכה זאָל תיכף איבעררייסן די דיפּלאָמאַטישע באַציִונגען מיט די מטורפדיקע דיקטאַטאָרן פון תל־אָביב. אונטערן דרוק פון די ברייטע מאַסן האָט די אַקאַדעמיע באַפוילן אַן אויסער־אָרדנטלעכע סעסיע, און די אַקאַדעמיקער האָבן ביי פאַרשלאָסענע טירן אַרומגערעדט דעם האַרבן מצב פון ליטעראַטור אין דער גאָרער וועלט. ווי מ׳האָט זיך דערוווּסט, האָט מען אויפגעוויזן פאַר די מיטגלידער פון דער אַקאַדעמיע אַז דער קאָלאָנעל איז דווקא יאָ באַהאַוונט אין דער חכמה פון לייענען און שרייבן, הגם בלויז דעם קאָראַן און מיט גרויסע אותיות. אין ליכט פון דער דאָזיקער אַנטפּלעקונג האָט די סקאַנדי־נאַווישע פרעסע איינגעלייגט וועלטן, אַז מען זאָל צוטרעטן צום נאָבעל־ענין מיט

אַ מער רעאַליסטישן קוק.

דער שוועדישער פּרעמיער איז געפלויגן קיין טריפּאָלי, כּדי צו דערגרייכן אַ פאַרשטענדעניש מיט דער ליבישער רעגירונג. מען דערציילט, אַז דער פּרעמיער האָט אָנגעבאָטן קאַדאַפין אַ נאָבעל־פּרייז פאַר כעמיע אַ דאַנק דעם קאָלאָנעלס אויפטוען אויפן שטח פון פעטראָכעמישער אויסאַרבעטונג. דער ליבישער הערשער האָט זיך געפילט באַליידיקט ביז אין די טיפענישן פון דער נשמה און בפירוש געזאָגט, אַז אַזאַ צינישן בזיון האָט ער נאָך קיין מאָל נישט איבערגעלעבט. ער האָט דעם אויפגעטרייסלטן פּרעמיער געוואָרנט, אַז ער וועט זיך נוקם זיין אָן רחמנות, און האָט אים אַרויסגעיאָגט פונעם געצעלט.

בעת דער שוועדישער מיניסטער־פּרעזידענט איז געפלויגן אַהיים, האָט גאַנץ אָסלאָ געפּלאַקערט ווי אַ שטרויענער דאַך. די דעמאָנסטראַנטן זענען אין צווישן אָנגעקומען פון ליביע קיין אָסלאָ און על פּי טעות האָבן זיי אונטערגעצונדן די הויפּטשטאָט פון נאָרוועגיע.

מיט אַ וואָך שפּעטער האָט אַ נייע טעראָריסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס רופט זיך „נאַציאָנאַלע פּאַלעסטינער יוגנט פאַר ליטעראַרישער גערעכטיקייט" (דערוויילן האַלט מען בסוד דעם צענטער אירן און די נעמען פון די אַפּוטרופּסים) אויפגעריסן צוויי איטאַליענישע פּאַסאַזשיר־עראָפּלאַנען אויפן פּליפּאָרט אין באָמביי. אין שוועדן האָט מען אָפּגעשטעלט אין די דירות די צענטראַלע באַהייצונג, און די איינוווינער האָבן גענומען צעהאַקן טיש און בענק כּדי צו דערוואַרעמען די פאַרשטאַרטע פינגער.

דער ליבישער אַמבאַסאַדאָר האָט גערופן צו זיך דעם קעניג און געשריגן:

— גוסטי, אויף וואָס וואַרט איר?

דער פּרעזידענט פון אוגאַנדאַ, קאָלאָנעל אידי אַמין, האָט געשיקט דער שוועדישער מלוכה אַ טעלעגראַם פון 14.850 ווערטער און פאַרלאַנגט, מען זאָל באַשטימען פאַר קאַדאַפין אַלע פּרייזן וואָס דער נאָבעל פאַרמאָגט. אויב נישט, סטראַשעט ער, וועלן די אַרמייען זיינע זיך אַ לאָז טאָן קיין שטאָקהאָלם און מאַכן פונעם שטעטל אַש און פאַרעך. די שוועדישע רעגירונג האָט אָפּגעוואָרפן די סטראַשונקעס אין אַ שאַרפן דיפּלאָמאַטישן בריוו.

די הערשנדיקע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט זיך שאַרף אַרויסגעזאָגט קעגן בחיפּוזנדיקע געדאַנקען מכּוח אַ מיליטערישער אינטערווענץ. אין לייטאַרטיקל פון דער פּאַרטיי־צייטונג האָט דער רעדאַקטאָר ערנסט באַטראַכט די חשיבות פון דער קולטור־איבערקערעניש, וואָס דער יונגער און ביז גאָר ענערגישער קאָלאָנעל האָט דורכגעפירט ביי זיך אין דער מדינה. „מואַמער על קאַדאַפיס רעדעס זענען אַדורכגענומען מיט אַ פאַרכאַפּנדיקן רעליגיעז־מיסטישן וועלטבאַנעם. דער קאָלאָנעל האָט באַשאָנקען דעם קעמפערישן איסלאַם מיט אַ נייעם תּוכן" — האָט דער רעדאַקטאָר געשריבן.

דער פּרעזידענט פון פראַנקרייך האָט פאַרגעלייגט די גרייטשאַפט זיינע צו פאַרמיטלען אינעם סכסוך. ער האַלט, אַז עס וואָלט געווען אַ סברה צו צעטיילן דעם נאָבעל־פּרייז: די ערשטע העלפט קומט קאַדאַפין, די צווייטע העלפט דעם ענגלישן פילאָזאָף בערנאַרד ראַסעל. דער קאָלאָנעל האָט געענטפערט מיט אַ ביטער גע־

לעכטערל און תיכף אָפּגעשטעלט דעם עקספּאָרט פון נאַפט קיין פראַנקרייך אויף צוויי מעת־לעתן.

דאַן איז אויסגעפאַלן אַ שניי, און שוועדן האָט פאַרגעלייגט, אַז ביידע מדינות — שוועדן און ליביע — זאָלן זיך פאַראייניקן: איין קאָנסטיטוציע, איין אַרמיי, בשותּפותדיקע אויסערן־פּאָליטיק און פּסיכיאַטרישע אינסטיטוציעס. קאַדאַפּיס ענטפער: „ליטעראַטור אָדער גאָרנישט!”. דעמאָלט האָבן אויסגעפעלט ליכטלעך אין די שוועדישע גרויסע שטעט. אין אַ־דער שווערער סיטואַציע האָבן די צייטונגען און דער ראַדיאָ פאַרעפנטלעכט דעם באַשלוס פון דער אַקאַדעמיע וועגן צוטיילן דעם נאָבעל־פּרייז 1975 פאַר שיינער ליטעראַטור. צו מאָרגנס האָט מען אין בענגאַזער פּאָרט באַנייט דאָס אַריינפּאָמפּען נאַפט אין די טאַנקשיפן.



# די אַוואַנטורע

דעם מיניסטערס אויטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן גאַס. גבי האָט אויסגעלאָשן דעם מאָטאָר און זיך אויסגעדרייט הינטערווייליקס:

— האָט קיין פאַראיבל נישט, אַדוני השׂר, איר האָט דאָך געהערט ראַדיאָ...

דאָס מיינט: בעת פאָרן האָט דער ראַדיאָ מודיע געווען אין די פּרימאָרגן־נייעס, אַז דער שאָפערן־פאַראיין האָט באַשלאָסן וועגן אַ תיכּפדיקן אַרבעט־איבעררייס, כדי מען זאָל אויסגלייכן זייער לוין מיט דעם פון די כעמישע אינזשענירן. גבי איז אַרויס פון דער מאַשין און אַוועק צום פאַראיין נאָך אינסטרוקציעס. דער מיניסטער איז געבליבן אינעווייניק איינער אַליין אויף אַ גאַס וואָס האָט געהודזשעט ווי דער סמבטיון.

אין פירן אַן אויטאָ האָט דער מיניסטער גאָרנישט פאַרשטאַנען. אייגנטלעך, האָט ער קיין מאָל גאָרנישט פאַרשטאַנען אין דער מינדסטע זאַך, וואָס קער זיך אָן מיט שרייפלעך און רעדלעך. בלויז איין מאָל, מיט וואָסערע 40 יאָר צוריק, איז אים אויסגעקומען צו פירן אַ קאַרוסעל־אויטאָלע פאַר צוויי קינדער אין אַ לונאַפּאַרק, אָבער דעמאָלט איז ער נאָך געווען יונג און אַמביציעז. געווען לויטן פאַך אַן ערד־מעסטער. שפּעטער איז ער אַריין אין דער פּאַרטיי, און פון דעמאָלט אָן פלעג שוין די פּאַרטיי אים באַזאָרגן מיט עפּעס אַ גבי.

נו, מוז מען טאַקע אַ רוף טאָן אַ העליקאָפּטער. דאָס איז געווען דער איינציקער שׂכלדיקער געדאַנק אין דעם מצב. עלף אַ זייגער מוז ער דאָך זיין אויף דער רעגירונג־זיצונג וועגן דעם צעמענט־קריזיס. באין ברירה איז ער אַרויסגעקראָכן פון אויטאָ, קוקנדיק אויף די מחנות מענטשן וואָס זענען פאַרביי, האָט אים אַדורכגענומען אַן אויסטערליש געפיל פון אַוואַנטורע: ע ר ג ע פ י נ ט ז י ך א י ן ד ר ו י ס ן. ס'האָט אים שטאַרק געחידושט, וואָס אַזוי פיל פרעמדע מענטשן דרייען זיך אַרום אין דער מדינה, וואָרעם אין די קאַנצעלאַריעס פונעם מיניסטעריום באַגעגנט ער תמיד די אייגענע היימישע פּנימער. פרעמדע האָבן זיך דאָרט נישט באַוויזן, כיבא אין דעלע־גאַציעס, אָדער מאַסנווייז ווי אַ שטייגער אין יום העצמאות, צי ביים לעצטן מעטש פאַרן מלוכה־בעכער פון — ווי רופט מען עס! — פוטבאָל, דוכט זיך...

דער מיניסטער האָט זיך אַ לאָז געטאָן שפּרייזן אויפן טראָטואַר איינער אַליין, אָן שום פרעמדער הילף. נאָך אַ קורצער ווייל האָט ער אָנגעהויבן זיך פילן זיכערער און ס'האָט זיך אים געדוכט, אַז ער איז אַ מאָל שוין געגאַנגען אויף אַ גאַס. יאָ, האָט עס אַ בליץ געטאָן ביי אים אין מוח, ס'האָט געטראָפן אין 1951, ווען אַ לאַסטאויטאָ איז אַריין אין דער לימוזינע זיינער. דעמאָלט האָט ער געמוזט זיך מטריח זיין גיין

אַהיים צופוס איבער אַ האַלבער שטאָט.

דער מיניסטער טוט אַ קוק אַריבער דעם לייטישן בייכל זיינעם און דערזעט, ווי די פיס רוקן זיך פאָרויס אין אַ גלייכן ריטעם, טריפ־טראַפּ, טריפ־טראַפּ, זיינע אייגענע פיס. ער ווייסט, ווי אַזוי צו גיין אויפן גאַס, אוי, אַ מחיה! בלויז די שיך ווייזן אים אויס עפּעס פרעמדע. פון וואַנען האָבן זיי זיך גענומען, צו אַלדי רוחות? קיין מאָל האָט ער דאָך קיין שיך נישט געקויפט, און בכלל גאָרנישט געקויפט. ווער־זשע זענען זיי עס, די שיך וואָס רוקן זיך אַליין ערגעץ אונטן?

פלוצעם שטעלט זיך דער מיניסטער אָפּ אַנטקעגן דעם שויפענצטער פון אַ שיך־קראָם און גאַפט. פּלא והפלא! — שטוינט ער — מען שטעלט דאָרט אַוועק מאַנצ־בילישע און ווייבערישע שיך אין איינעם, אויסגעסדרטע ווי די זעלנער. עלעהיי ער האָט אַנטפּלעקט אַן אויסטערלישן חידוש, שפּאַנט דער מיניסטער אַריין אין קראָם. אַ ברחבותדיקע קראָם, מיט אַ גוזמא פאָליצעס, און אין סאַמע מיט — נידעריקע טאַבורעטן, ווי אויף אַ יאַריד. דער מיניסטער דריקט די האַנט פון אַ פאַרשוין, וואָס שטייט אינעווייניק לעבן דער טיר און טוט אַ פרעג:

— ווי הויך איז ביי אייך דער עקספּאָרט?

— איך בין נישט קיין היגער — ענטפערט דער ייִד — און איך אַליין זוך אַ פּאָר זאַמש־שיך מיט גומענע זוילן.

פאַרשנדיק באַקוקט דער מיניסטער דעם פּלאַץ: צי נעמט מען זיך דאָ אַליין די שיך, צי דערלאַנגען קעלנערס? אַ דאָקטער, אָנגעטאָן אין אַ ווייסן כאַלאַט, דער־נעענטערט זיך צו אים און פרעגט, מיט וואָס ער קאָן דינען.

— שיקט מיר אַהיים עטלעכע מוסטערן! — ענטפערט געלאַסן דער מיניסטער.

ערשט אין דרויסן פאַלט אים איין אַז ער האָט פאַרגעסן צו זאָגן, ווער ער איז. ס'איז זייער וויכטיק, אַז מען זאָל מיך אָפּטער זען אויף טעלעוויזיע — טראַכט דער מיניסטער — און פאַרשרייבט אין נאָטיצביכעלע: „מוקד" (נאָמען פון אַ טעלעוויזיע־פּראָגראַם). דערווייל איז שפּעט געוואָרן און מען דאַרף זיך פאַרבינדן מיטן אַמט, כדי זיי זאָלן שיקן אַן אויטאָ, צי וואָס. דער מיניסטער שפּרייזט אַ צעטומלטער, מחמת ער ווייסט נישט, ווי אַזוי מען פאַרבינדט זיך מיט עמעצן. תמיד טוט עס פון זיינעטוועגן דער סעקרעטאַר, און גראָד הייגט איז דעם יונגן מאַן אויסגעקומען צו פאָרן קיין חיפה עפּעס דערליידיקן. ער קוקט זיך אַרום און טראַכט, צי זענען נישט אַלע פאַרבייגייערס סעקרעטאַרן.

אומגעריכט באַווייזט זיך אים פאַר די אויגן ממש אַ נס: אַ פּירקאַנטיקע גלעז־זערנע בודקע מיט אַ טעלעפאָן אויף איינעם פון די ווענטלעך. ער שפּאַנט אַריין און הייבט אויף דאָס טרייבל:

— האַלאָ, גיט מיר די צענטראַלע!

דאָס טרייבל בלייבט שטום. אַ פּנים אַ טויטע ליניע. פון דרויסן מאַכט צו אים אַ יינגל צייכנס מיט די פינגער, אַז קודם דאַרף מען אַריינוואַרפן אין שפּאַלט אַ זשעטאָן. דער מיניסטער דערמאָנט זיך, אַז ער איז עס טאַקע דער פאָרזיצער פון דער זשעטאָן־קאָמיסיע אין דער כנסת. גייט ער אַריין אין אַ שכנותדיקער קראָם און פאַר־לאַנגט אַ זשעטאָן.

— דאָ איז אַ וועשעריי — זאָגט אים אַן איינגעהויקערטער זקן — גייט צו דער פּאָסט!

אַ צעדרייטע וועלט. דער מיניסטער נעמט זיך זוכן די פּאָסט, און אָט דערזעט ער אַנטקעגן אַ רויט קעסטל און דערקענט עס תיכף לויט דער צורה: אַהין וואַרפן מענטשן אַריין בריוו וואָס זיי האָבן געשריבן אין דער היים.

— זייט מוחל — ווענדט ער זיך צו אַ פרוי, וואָס שטייט אין אַ ווינקל — ביי וועלכן קאָליר מעג מען דאָ אַריבערגיין?

ס'איז אים קלאָר, אַז זיין אויטאָ פאָרט כמעט תמיד אַריבער ביי גרין, אָבער ווי איז דער דין, אויב מען גייט צו פוס? ער לאָזט זיך מיטרייסן מיטן המון ביים רויטן קאָליר און שטייט שוין אויף יענער זייט גאַס. לעבן רויטן קעסטל אַנטפּלעקט ער אַ קליינעם פּאָסטאַמט. ער גייט אַריין און זאָגט דעם פּקיד, וואָס האַלט גראָד אין מיטן אויסשווענקען אַ גלאָז:

— שיקט אַ טעלעגראַם, ידידי, אַז מען זאָל תיכף קומען מיך אַהיימנעמען!

— נישט פאַראַן דאָ קיין טעלעגראַמעס — ענטפערט דער באַלעבאָס פונעם קיאָסק.

דער מיניסטער באַקוקט די צייטונגען, וואָס הענגען אויף דער טיר פונעם קיאָסק. ס'איז אָבער פאַר אים שווער צו לייענען, מחמת ער איז שוין צוגעווינט צו רויטע רעמלעך. דער קאַבינעט־דירעקטאָר זיינער איז זיך נוהג אַרומצורינגלען יעדן פּרימאָרגן מיט רויטן טינט דאָס, וואָס איז שייך צום מיניסטעריום און עס דערלאַנגען דעם מיניסטער.

— אַ גלאָז סאָדע־וואַסער?

דער מיניסטער, אַ דורשטיקער פונעם אומגעריכטן מאַרש שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ. ער זופּט אויס דעם רויטן געטראַנק ביז צום דנאָ, און דאָס געמיט ווערט ביי אים ליכטיקער. באמת, אַ וווּנדערלעכע אַוואַנטורע! אַליין אין גאַס — טרינקט סאָדע־וואַסער — דאָס וועט כדאי זיין צו דערציילן אין דער היים. ער גייט זיך אַרויס גלייך גאָרנישט, און דער קיאָסק־אייגנטימער יאָגט אים נאָך:

— פּעטער! 45 אגורות!

דער מיניסטער קוקט אים אָן מיט גלעזערנע אויגן. יאָ, דוכט זיך פאַראַן אַ מנהג אַזאַ, צו באַצאָלן. קווענקלדיק שטעקט ער אַריין די האַנט אין דער הויזן־קעשענע, הגם ער ווייסט אַז זי איז ליידיק. וואָרעם תמיד צאָלט פאַר אים דער סעקרעטאַר. וואָס עפּעס איז דער בחור גראָד היינט אַוועק קיין חיפה?

— שיקט אַ חשבון...

דעם קיאָסניקס רומענישע קללות באַגלייטן דעם אַנטלויפנדיקן מיניסטער. ערשט ווען ער איז שוין ווייט פון די קללות, שטעלט זיך דער מיניסטער אָפּ און פרייכט. אַנטקעגן דערזעט ער אַ נעבעכדיקע שטעל מיט אַ הענדלער ביי דער זייט. עס דוכט זיך אים, אַז די בידנע סחורה, וואָס ליגט צעוואָרפן אויפן טראָטואַר, האָט זיך נאָר וואָס אַראָפּגעגליטשט פונעםביידל. ער בייגט זיך אָן אויפצוהייבן עטלעכע פּודעלעך מיט זייף, כדי צו העלפן דעם מענטש.

— ניטע, מען דאַרף נישט! — ווינקט צו אים דער מאַטראָס — לאָזט די זאַכן

דאָרט ווו זיי ליגן!

און אָט דערזעט דער מיניסטער אין שכנות די רושטאָוואַניע פון אַ הויכן בנין, ווו עס פּראַצעווען מענטשן. ביז היינט האָט ער געזען בלויז גרונטשטיינער, וואָס מען איז אים מכבד צו פאַרלייגן. דער בנין אין איצטיקן מצב פאַרכאַפּט אים, אָבער זעט אים אויס צו זיין צו טומלדיק. וואָס איז עס עפּעס פאַר אַ געדיכטע מאַסע, וואָס די מענטשן גיסן דאָ אויפן דאַך?

— אַ גוט יום־טוב! — אַן אָפּגעריסענער אַלטיטשקער שטייט פאַר אים מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט. אַהאַ, אַוודאי אַ שנאָרערײַ פאַר אַ פאָנד.

— ווענדט זיך צום סעקרעטאַריאַט, מיין ליבער.

און אָט אַ נייער ווונדער: פאַזע די הייזער ציט זיך אַ שורה ליכטיקע פענצטער, וואָס זענען פאַרקלעפּט מיט פאַרביקע בילדער פון האַלב־נאַקעטע נקבות. עפּעס שטייט דאָרט אָנגעשריבן אויף ענגליש. דער מיניסטער קוקט אַרויפצו — יאָ, טאַקע ווי ער האָט זיך משער געווען: אַ קינאָ! הכלל, אַזאַ פּנים גאַר האָט עס אַ קינאָ! עס פאַרגלוסט זיך אים שטאַרק אַריינצוגיין און אָנצוקוקן אַן אמתדיקן פילם. ער קלאַפּט אָן אין דער פאַרמאַכטער, אייזערנער טיר. עס יאַוועט זיך אַ ווייבל, וואָס קוקט אויף אים קאַסאָקע.

— וואָס טוט איר?

— איך וויל זען אַ פילם.

— נישט פאַר מיטאָג! — זאָגט דאָס ווייבל — ערשט 4 אַ זייגער.

— נאָך מיטאָג בין איך פאַרנומען.

— טאָ רעדט זשע מיטן אַדון ווייס.

דאָס ווייבל גייט זיך איר וועג. דער מיניסטער דערזעט אַ הויכן אויטאָ, אין וועלכן עס שטופּן זיך אַריין מענטשן פונעם טראָטואַר. אַהאַ, אַן אויטאָבוס — דערמאָנט זיך דער מיניסטער — ערשט נעכטן האָבן מיר זיי געהעכערט די סובסידיע מיט 11.1 פּראָצענט פון דער הכנסה זייערער אין די יאָרן 1971/1972. ער קריכט אויך אַרויף, דער לעצטער.

— פאָרט צו דער ירקון־גאַס, נומער 71! — באַפעלט ער דעם שאָפער.

— לײַ איינער! — שרייט דער שאָפער — גיי שוין אַראָפּ!

אַן אויסטערלישע וועלט, מיט מאָדנע מנהגים! דער מיניסטער סטאַרעט זיך פונאַנדערצוקלייבן, ווו ער געפינט זיך, אָבער אומזיסט. צי קען מען זיך דען פונאַנ־דערקלייבן אָן די אידענטיפיציר־צייכנס, ווי אַ שטייגער הילטאָן־האָטעל אָדער דער גריכישער רעסטאָראַן? מענטשן כוואַליען זיך פאַר די אויגן זיינע, עלעהיי ס׳האָט מיט אים גאָרנישט געטראָפן אין היינטיקן טאָג. דאָס איז מסתמא עמך, דער פּראָסטער עולם, דאָס מיינט: די ווײלערס. מאָדנע! לויט דער לעצטער סטאַטיסטישער אַנקעטע וועט יעדער דריטער פון אָ־די פרעמדע פּנימער אים וויילן אין חודש נאָוועמבער. דער מיניסטער צעגיסט זיך פון ליבשאַפט לגבי די ווײלערס און ווינטשט זיי אַל דאָס גוטס. ער איז דאָך אַ סאָציאַליסט פון דער מאַמעס בויך!

— מיר האָבן אויסגעקעמפט צוויי איינמאַליקע צוגאָב־לוינען אָנגעהויבן פון 23 יאַנואַר!

דער שאָפער האָט זיך אומגעקערט, דער שטרייק איז געענדיקט. ביידע, גבי און דער מיניסטער, קריכן אַריין אין דער שוואַרצער מאַשין.

— פאָר, גבי, אין מיניסטעריום.

דער אויטאָ טוט זיך אַ לאָז פאָרויס. דער מיניסטער קערט זיך אום פון דער פלאַנעטע צו דער וועלט פון טאָגטעגלעכער ווירקלעכקייט...



# די פרייד פון עלטערן זיך

אנומלט, אָדער ריכטיקער — היינט אין דער פּרי, איז פון דער העלער הויט מיך באַפאַלן אַ מורא, טאָמער בין איך באמת טאַקע שוין נישט קיין יונגער מאַן. געשען איז עס נישט, חלילה, מחמת דעם וואָס דער פלוצעמדיקער געבוירן־טאָג האָט אויף מיר אָנגעוואָרפן אַ שרעק. פון דעם טאָג מאַך איך זיך לחלוטין קיין צימעס נישט, וואָרעם איך האָב זיך מיט אים שוין נישט איין מאָל באַגעגנט. אויב כ'האָב יאָ אַ שטיקל תרעומת אויף אים, איז עס בלויז דערפאַר, וואָס דער דאָזיקער אומגעבעטענער אורח כאַפּט איבער די מאָס און באַווייזט זיך צו אָפט. איז דען דאָס די אמתדיקע עלטער מיינע? וואָס עפּעס פלוצעם בין איך היינט אַ פופציקער, אַז קיין מאָל בין איך נישט געווען קיין פופציקער! דאָס איז אַוודאי אַ פאַרדריסלעכער טעות פונעם מעטריקע־בוך, און מען דאַרף דעם טעות וואָס גיכער פאַרריכטן. איך פיל בפירוש, אַז איך האָב נאָך נישט דערגרייכט דרייסיק, אַז איך וועל אַלט ווערן 28 צי 29 סוף נאָוועמבער צי שפּעטער. טאָ וואָס זשע האָט מען זיך אויף מיר פאַרלייגט?

אַ בולטער באַוויז פאַר מיין טענה איז דער אויסגעצייכנטער מצב פון מיין געזונט, וואָס שטייט אין אַ שאַרפער סתירה מיט די פּאַפּירענע יאָרן, וואָס די מעטריקע האָט מיר צוגעטשעפּעט. פונקט ווי יינגלווייז גיי איך, שטיי איך, זיץ איך; די נאָז און ביידע אויערן זענען נאָך ביי מיר די אייגענע און אויפן זעלביקן אָרט, ווי תמיד — פאַר וואָס זשע פאַרדרייט מען מיר דעם קאָפּ מיט אַזאַ כאַפּטע יאָרן? אויב דאָס צי יענץ האָט זיך פאַרט אַ ביסעלע געביטן, מיינט עס דאָך נישט קיין ממשותדיקע שינויים, ווייס איך וואָס! אָט, למשל, לויף איך שוין נישט ווי אַ מאָל נאָך אַ טעקסי אין גאַס, נאָר איך שריי צום שאָפער. און דאָס וואָס דאָס קעסטעלע מיט כל המינים רפואות האַלט ביי מיר אין איין וואַקסן, קער זיך דער עיקרשט אָן מיט די באַדינגונגען אין די היגע קאַנטן. אַ מאָל — דערמאָן איך זיך — בין איך אַריבערגעשווומען אין דער אַלטער היים אין אונגאַרן די באַלאַטאָן־אָזיערע, כדי זיך צו טרעפן מיט אַ זייער אינטעליגענט מיידל, אָבער נעכטן האָט זיך מיר פאַרוואָלט פאָרן מיט די קינדער כאַפּן אַ שווים אין ים און ס'האָט מיר געפעלט כוח. יאָ, פשיט כוח.

בקיצור, ס'נעמט מיך אַרום דער אמתדיקער יאוש. צום לעצטן מאָל בין איך אַזוי פאַרצווייפלט געווען בשעת איך בין אַריין אין צוואַנציקסטן יאָר. דעמאָלט האָב איך דערפילט, אַז די עלטער איז מיך באַפאַלן און אָט־אָט רוקט אָן דער סוף.

צו די צרות האַלט מען מיך אין איין דערמאָנען דעם פריקרען מצב פון דער מעטריקע מיינער. פאַר אַ יאָרן פאַר איך אין אַן אָנגעפּראָפּטן אויטאָבוס און געפין קוים פּלאַץ וווּ צו שטיין אויף איין פוס. אויף דער באַנק לעבן מיר פאַרטשעפּן זיך די

אויגן מיינע אין עפּעס אַ פֿאַרשקוואַרט און פֿאַרזויערט מומעלע, וואָס האָט אַ מזל צו זיצן. די דאַרע פּיסלעך אירע פֿאַרקלעמען אַ קויש, אַן אָנגעלאָדענעם מיט גרינסן און אויבס. טונקל איז מיר געוואָרן אין די אויגן ווען כ׳האָב זי דערקענט: אָט דאָס איז געבליבן פֿון יענעם שיינעם מיידל, וואָס איך בין בחורווייז נאָך איר געוואָרן די כּפּרה? רבונו של עולם, האָב איך געטראַכט, זי איז דאָך נעבעך געוואָרן אַ צעבראָכענע זקנה. גראָד דעמאָלט האָט דאָס פֿאַרשקוואַרטע מומעלע מיך אויך דערקענט איז אויפֿגעשטאַנען, האָט מיר אָפּגעטראָטן דאָס אָרט אויף דער באַנק און אַ זאָג געטאָן: נישקשה, מיר איז לייכטער צו שטיין ווי אייך...

צי די מעשׂה מיט רנה, מיין זעקסיעריק טעכטערל. זיצן מיר זאַלבעדריט — רנהלע, מיין ווייב און איך — אַנומלט אין אַ קינאָ און שעפּן נחת פֿונעם פֿילם בן־חור, ווו עס שוויבלט מיט רוימישע זעלנער און מיט אַלטפֿרענקישע ערשטע קריסטן. טוט דאָס טעכטערל אַ פֿרעג אין דער פֿינצטער: מאַמעשי, דער טאַטעשי איז אויך דאָרט געווען?...

נו יאָ, די מעטריקע מיינע איז טאַקע אָנזעעוודיק, אָבער אַ מכּה פֿירט זי די גרענ־דע, סיידן איבער דער נשמה. אָט, למשל, איז ביי מיר דער זכרון שטאַרק געשלאָגן אויב איך כאַפּ נישט תּיכּף פֿאַרשרייבן אַ געדאַנק, ווערט ער ווי אויסגעטריקנט און די שפּעטערע דורות ווערן אָן אַן אוצר. אַפֿילו דעם דאָזיקן זאָג האָב איך נעכטן גיך פֿאַרשריבן, אַנדערש וואָלט איך דאָס פֿאַרגעסן איצט צו דערמאָנען. אַז ס׳איז ביי מיר אַ טבע אַלץ צו פֿאַרגעסן!

מער פֿאַר אַלץ פֿאַרגעס איך פּנימער. אַלטע גוטע ברידער און סתּם היימישע מענטשן קומען מיר אַנטקעגן אין גאַס און איך באַוויז נישט בשום אופֿן זיך צו דערמאָנען, ווי אַזוי זיי הייסן און פֿון וואַנען איך קען זיי. אויף זייער גרוס ענטפֿער איך טאַקע וואַרעם ביז גאָר, אָבער מענטשן דערקענען, אַז דער זכרון איז ביי מיר אַ ווייסטע קאַליקע. בלייבן זיי שטיין אָפּגעשמיסענע און גיבן מיר אָנצוהערן אויפֿן ווינק: „זומער 1955״, „ברינדיזי, נו?״. ווערט מיר ליכטיק אין די אויגן און איך פֿאַרכלינע זיך אויפֿן קול: „אַ שאלה עפּעס, צי איך דערמאָן זיך! איז, וואָס זשע טוסטו עפּעס, טייערער?״. צו אַלדי רוחות, ווער איז עס פֿאָרט, אָ־דער פֿאַרשוין? וואָס פֿאַר אַ ברינדיזי אויף אים?... גלייבט מיר יאָ, צי גלייבט מיר נישט, אַפֿילו די שׂונאים מיינע זענען ביי מיר אַרויסגעפֿלויגן פֿונעם זכרון. זיי נאַרן זיך אַליין אָפּ און האַלטן, אַז כ׳בין געוואָרן אויסגעאיידלט אויף דער עלטער. יאָ, דאָס איז דער אָנהייב פֿונעם סוף...

פֿון פֿאַרגעסן נעמען איז דאָך שוין אָפּגעשמועסט. יעדער יונגער באַקאַנטע רוף איך מיטן זעלביקן נאָמען „קעצעלע״, כּדי אַרויסצורופֿן אַ רושם פֿון אַ חברה־מאַן אין די בעסטע יאָרן. וואָס שייך ליטעראַטור און קונסט, קריכט מיר גאָרנישט אין מוח אַריין. אַ קיימא־לן פֿון אַ קיילעכדיק יאָר האַלט איך אין לייענען די ערשטע פֿינף זייטלעך פֿון סאָלזשעניצינס ראָמאַן „אַ טאָג פֿון איוואַן דעניסאָוויטשס לעבן״. ווען איך דערגרייך די שורה: „גאָלובטשיק, האָט אַ זאָג געטאָן וולאַדימיר פּראָש־טשענקאָ צו פּאַוועל פּעטראָסיליאַ טשופּטשיקן, וואָס האָט זיך געסודעט לעבן פּלויט מיט פּיאָטר ניקאָלייעוויטש קאָסטאַלאָווסקין...״ — פֿאַרהאַק איך זיך און בין נישט

מסוגל ווייטער צו שפּאַנען. דער מוח קאָן זיך נישט אויספּלאָנטערן ווער ס׳איז וואָס.

זעט איר, עפּעס האָט דווקא יאָ זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון אויף אייביק, עלעהיי איינגעקאַרבט אין מערמעלשטיין: די נעמען פון די אונגאַרישע פוטבאָל־סטאַרן, וואָס האָבן געשמט אין די דרייסיקער יאָרן. דאָ בין איך זיך נישט טועה, אַפילו ווען איר וועט מיך אויפוועקן אין מיטן נאַכט. שאַראָני, טאָלדי, קאָהוט, טשע־מאָטי, און פאַרשטייט זיך טאַריי דער צווייטער, וואָס האָט געהאַלטן אַ שאַרף אויג אויף שינדעלאַרן, דעם מיטלסטן שטורעמער פון דער עסטרייכישער נאַציאָנאַלער מאַנשאַפט בעתן רעוואַנזש־פאַרמעסט דעם 11טן פעברואַר 1938.

אויסער דעם — אַ געדיכטער נעפּל, הגם אַז איר קוקט מיך אָן, וועט איר גאָר נישט דערקענען. ווער וועט עס זיך כאַפּן, אַז איך בין עלטער פון 47 יאָר, און אויב איר שפּאַרט זיך איין, זאָל זיין 48 און אַ האַלב? דאָס אַלץ אַ דאַנק דעם, וואָס איך טראָג טעניס־שיך. נעכטן האָב איך אַ זאָג געטאָן צו אַ יונגער פרוי, וואָס האָט גע־פּרוווט מיך טרייסטן: „טייערינקער, מיר וואָלט ליבער געווען, אַלט צו זיין 25 מיט אַ פּנים פון 52, איידער פאַרקערט!״

מענטשן האָבן אַ טבע צו דערגיין די יאָרן. איינער אָן אידיאָט האָט פאַרטראַכט אַ מסוכנע טעאָריע, ווען זיינע זענען האָר שוין ווייס געוואָרן, אַז יעדער איז אַלט אַזוי פיל, וויפל ער פילט אַליין. שקר וכזב! מען איז אַלט אַזוי פיל, וויפל יאָרן מען שלעפּט אויף די פּלייצעס. ווילסטו וויסן, ווי אַלט דו ביסט, ביסטו גאָר נישט מחויב עפּעס צו פילן. כאַפּ אַ קוק אין פּאַספּאָרט, און דאָרט וועסטו דערגיין דעם סוד.

וואָס אָן אמת, באַשענקט די עלטער מיט רו און מיט לעבנס־חכמה. אָט, קוקט מיך אָן — קיינעם בין איך מער נישט מקנא, אַלץ אין דער וועלט איז פאַר מיר רעכט. בלויז איין זאַך ברענגט מיך אַרויס פון די כלים: אַז איך באַגעגן עמעצן אין מיינע יאָרן, וואָס זעט אויס ייִנגער פאַר מיר. אָט, למשל, יענער חוצפּהדיקער אַגענט, וואָס איז עלטער פון מיר לכל הפּחות מיט צוויי חדשים, און קיין איינציקע האָר איז ביי אים נישט ווייס, בעת מיין קאָפּ איז שיין איינגעהילט אין זילבער. טו איך אַנומלט אַ פרעג אָט דעם מענטש:

— ווי קומט עס, וואָס ביי אייך איז נאָך נישט פאַראַן קיין איינציקע ווייסע האָר אין קאָפּ?

צעלאַכט ער זיך, דער אַגענט, מיט גאווה:

— דיסציפּלין, אַדוני, דיסציפּלין! אַריבער די פערציק — טאָר מען זיך נישט אונטערגעבן דער עלטער. ביזן היינטיקן טאָג שטיי איך אויף זעקס אַ זייגער אין דער פרי, נעם אַ קאַלטן דוש און רייב דעם גאַנצן גוף מיט אַ דראָטן בערשטל אַז בלוט זאָל שפּריצן. דערנאָך לויף איך דריי קילאָמעטער לענג־אויס דעם ים־ברעג, כאַפּ אַ פינישע שוויצבאָד, עס אויף אַ באַרג מיט פרוכטן און יאָגורט, רייט אויף אַ פערד, קויף דעם „פּלייבוי־מאַגאַזין״ — בקיצור, איך האַלט אָן דעם ריטעם פון לעבן מיט אַלע רמ״ח־איברים.

איך בין געשטאַנען אַ געפּלעפטער, מיט אָן אָפן מויל.

— און חוץ דעם — האָט דער ממזר פאַרענדיקט — פאַרב איך יעדע וואָך די האָר...

# דער לייענער

זיץ איך זיך אַזוי אין דער באַנסטאַנציע, אין וואַרטזאַל, און וואַרט. בשעת מעשׂה בלאָנדזשעט דער בליק מיינער — אַ צוגעשפּיצטער בליק פון אַ געבוירענעם שרייבער — צווישן טומלדיקן עולם אַרום מיר. דער עיקרשט שטעל איך אָן די אויגן אויף אַ בכבודיקן פּאַרשוין. ער זיצט אַנטקעגן מיר און לייענט דעם „מעריב”. אין דער אמתן קוק איך בלויז אויף אים. ער לייענט דעם שבת־נומער, ווו ס'האָט זיך געדרוקט, דוכט זיך, יענע אומפּאַרגעסלעכע הומאָרעסקע, די פרוכט פון מיין פּען. דאָס מאָל בין איך טאַקע נייגעריק חוץ לדרך הטבע. יעדע איינע שורה אין דאָזיקן נומער שטייט מיר אַ לעבעדיקע פאַר די אויגן, און איך שפּיר נאָך מיט אַן אָנגעצויגן געמיט, ווי אָ־דער אומבאַקאַנטער לייענער בלעטערט די צייטונג. ווערדליק דעם וואָס ער וועט אויסקלייבן צו לייענען צו אַלעם ערשטן, וועל איך מסוגל זיין אָפּצושאַצן זיין אינטעלעקט, זיין פּאָליטישן באַנעם, און אַפילו אין אַ באַשטימטער מאָס — די ביאָלאָגישע פּראָבלעמען זיינע. פאַראַן לייענערס, וואָס הייבן אָן מיט די נייעסן, געוויסע טוען זיך אַ כאַפּ צו דער פילמקריטיק, אַנדערע זוכן קודם־כל די זעלבסט־מאָרד־רובריק, אַ לייענער איז פאַר מיר אַן אָפן בוך.

אָט האָט דער אַדון מיינער דערגרייכט צו דער הומאָרעסקע. ער מישט ווייטער. דער פּאַרשוין, למשל, איז אַן אידיאָט. איך דערוואַרט נישט, חלילה, פון אים, ער זאָל לייענען מיין פעליעטאָן. בנאמנות, ווי ער איז נישט מחוייב עס צו טאָן. פאַראַן מענטשן, וואָס זענען געבענטשט מיט אַ געזונטן חוש פאַר הומאָר, אַנדערע ווידער ווערן נעבעך געבוירן דעפעקטיוו, ווי דער דאָזיקער נפש. זאָל ער נישט לייענען — זאָל ער מיר נישט טאָן קיין טובה! איך בין שוין העט ווייט פון אַזוינע נאַרישקייטן. איינער אַ לייענער איז צוריקגעשטאַנען — טאָ, וואָס אַרט עס מיך! הגם ער האָט געמעגט אַ קוק טאָן אין דער אומפאַרגעסלעכער פאַרצייכענונג מיינער, צי לכל־הפּחות איבערלייענען דאָס חריפותדיקע קעפל. מיר איז שווער צו באַפרייען זיך פון דעם אומעטיקן רושם, אַז דאָ זיצט אַן אויבערפלאַכיקע און פוסטע בריאה, וועמענס גייסטיקע השׂגות זענען ווי ביי אַ דריי־יעריק קינד. מסתמא איז ער אַ נעבעכדיק קרעמערל, צי ערגעץ ווו אַ נישטיקער באַאַמטער. כ'לעבן, אַ רחמנות אויף אים.

איצט בלעטערט ער אין דער צייטונג צוריקצוועגס. גלייך, גלייך צו מיין פעליעטאָן. נו, איז וואָס? זאָל איך זיך דערפאַר אָפּזאָגן פונעם אָפּשאַץ מיינעם? נישט שוין זשע ווייל ער טוט אַ טובה און שענקט אָט דער קלאַסישער שאַפונג אַ טראָפּן אויפמערקזאַמקייט? פאַר אַזוינעם האַלט מען מיך? ניין, רבותי! אין מיינע אויגן בלייבט ער דער זעלביקער אַנטיפּאַטישער טיפּ ווי פריִער. איך ווער נישט

נתפעל פון זיין אינטעלעקט, נישט פון זיין שיינער אויסערלעכקייט, נישט פון זיינע קלוגע אויגן. פאַרשטייט זיך, אַז איך בין נישט, חלילה, אויסן צו זיין שטאַרק ברוגז אויף אים. וואָס האָט ער בעצם געטאָן פאַר אַן עוולה? קודם האָט ער געכאַפּט אַ גיכן קוק אויף דער גאַנצער צייטונג. גלייך דערנאָך אָבער האָט ער זיך אומגעקערט צו דעם סאַמע בעסטן. נישטאָ מיט וואָס זיך צו שעמען, אַדרבה. דאָס באַווייזט בולט, אַז די מחשבות ביי אים זענען אויסגעסדרטע, אַז ער פאַרמאָגט אַן אויסגעצייכנטן אופן פון טראַכטן. קלאָר, אַז דער דאָזיקער מענטש באַלאַנגט נישט צו די כאַפּ־לאַפּ־מענטשן. אַוודאי איז ער אַ פּילעוודיקע פערזענלעכקייט, הגם ער האָט שוין לאַנג געמעגט אַ שמייכל טאָן. ביי דער צענטער שורה בערך טוט דאָך אַ שיין יענער וווּנדערלעכער וואָרטשפּיל — האָט ער דאָך געדאַרפט לכל־הפּחות דאָרט אַרויסווייזן אַ סימן פון אַ שמייכל. ניין, ער זיצט זיך מיטן גרויסן, פּליכעוואַטן קאָפּ זיינעם, עלעהיי ער קומט פון אַ לוויה. מסתמא עפּעס אַ מעקלערל פון דער ליליענבלום־גאַס. איין זאַך אינטערעסירט אים: געלט, געלט, געלט! עס שלאָגט ממש צו דער גאַל. איך וואָלט נישט געטרויט קיין גראָשן אין זיינע האַריקע לאַפּעס אַריין. כ'בעט אייך, אָט געגנעצט ער גאָר! צוליב אַזוינע אויסוווּרפן וועט אויסברעכן אַן אינפלאַציע אין דער מדינה. און די מלוכה קוקט זיך צו מיט פאַרלייגטע הענט. אויך מיר אַ מדינה.

ער האָט געשמייכלט!

איך זאָג אייך נישט קיין ליגן, ער האָט געשמייכלט! כ'האָב אַליין געזען, ווי דער לינקער ברעג פון דער אייבערשטער ליפּ האָט זיך ביי אים פאַרצויגן אַרויף. דוכט זיך, אַז די דאָזיקע אַריסטאָקראַטן באַווייזן אויסנעמלעך גובר צו זיין די אינסטינקטן. ער פאַרמאָגט באַשיימפּערלעך אַן אומגעוויינלעכן כוח זיך צו באַהערשן. פון דעסטוועגן האָט ער געמוזט זיך אונטערגעבן דעם כישוף פון צעשמעטערנדיקן הומאָר און ער האָט געלאַכט. אויפן פּנים פון דעם ייִד זענען צעגאָסן חשיבות און איידלקייט. ער ווייסט אַ סך, אַ סך.

ניין, איך דערקען ערשט איצט, אַז ער האָט נישט געלאַכט, נאָר גאָר מיט די ברודיקע נעגל זיינע געדלובעט אין די ציין. רבונו של עולם, אַזאַ בהמישע געפּאַלנקייט, אַ קצב! אַוודאי איז ער אַ קצב. אין דער פינצטערער יאַטקע, אַרומגערינגלט מיט לונג־און־לעבערס און קישקעס, דאָרט איז עס דיין מקום, מנוול איינער! לאָז געמאַך די פּעליטעאָנען מיינע, טו מיר אַ טובה און פאַרפּאַסקודע זיי נישט מיטן נמאסן קוק דיינעם!

ווער ווייסט, צי ער קען גאָר לייענען! אפשר מאַכט ער אַן אָנשטעל, אַז ער לייענט. ס'קאָן גריילעך געמאָלט זיין, אַז אַלץ איז נישט מער ווי אַ כיטרע מיטל און אַז ער טראַכט גאָר אָפּצוטאָן עפּעס אַ שווינדערלעכע מעשה. קוקט אים נאָר אָן, כ'בעט אייך: אויגן ווי ביי אַ רויבפויגל, אַ נאָז פון אַ וויבערניק, אויערן, וואָס עס שטאַרצט פון זיי אַכזריות, אַ פעטער טרעלבוך וואָס האַלט אין פוילן. וואָס וואַרט ער אויף דער דאָזיקער באַנסטאַנציע? סאַראַ שמד־שטיק האָט פאַרטראַכט דער מוח זיינער? אפשר גאָר אַ שפּיאָן? עס לייגט זיך שטאַרק אויפן שכל. ווער ס'איז מסוגל צו לייענען מיין פעליטאָן מיט אַזאַ אָנגעכמורעט פּנים, דער איז אַוודאי נישט קיין ייִד.

דו האָסט זיך גאַנץ פיין פאַרשטעלט, מיין ליבער, אָבער די אינסטינקטן מיינע האָסטו נישט איבערגעכיטרעוועט. עס וואָלט כדאי געווען צו לאָזן וויסן דער פּאָליציי: איינער, עפּעס אַ פאַרדעכטיקער פאַרשוין, כאָליעט אין וואַרטזאַל און שמייכלט נישט, בעת ער לייענט די הומאָרעסקע מיינע. שיקט תיכף אַ פּאָליציי־אויטאָ...

האָפּ! ער האָט געלאַכט!

מיטן פולן מויל לאַכט ער, סוף־כל־סוף האָט ער תופס געווען דאָס פּינטעלע. אפשר האָט ער זיך פריִער נישט געגנוג איינגעלעבט. מען איז דאָך נישט מער ווי אַ בשׂר־ודם, ניין? אַוודאי עפּעס אַ צעטראָגענער פּראָפעסאָר און דער קאָפּ איז ביי אים אָנגעשפּיקעוועט מיט אַטאָמישע רעיונות. הגם, אין אמתן איז דאָס פּנים זיינס נישט ווי ביי אַ פּראָפעסאָר — שוין גיכער ווי ביי אַ הויכן ריכטער, אַן אַדמיראַל וכדומה. סיי ווי אָבער, ער מעג זיין ווער ער איז — עמעצער, וואָס לאַכט אַזוי געשמאַק בעת ער לייענט אַזאַ געראָטענע שאַפונג, דער איז אַ לייטישער בירגער פון קאָפּ ביז פיס.

ערשט איצט זע איך איין, אַז דער ערשטער איינדרוק פאַרפירט. ווו זעט מען נאָך אַזאַ קלאַסישע, אויסגעאיידלטע צורה, אַזוינע קלוגע אויגן, וואָס שטראַלן מיט מענטשלעכער פאַרשטענדעניש, אַזוינע געלבלעכע ציין, וואָס בלישטשען האַרציק אונטער דער ווינטערדיקער זון! נישט אַנדערש, ער איז אַ דיכטער, אַ מענטש מיט אַ וואַרעם האַרץ און מיט איידעלע געפילן, וואָס האָט שוין לאַנג אָפּגעטרייסלט פון זיך די מענטשלעכע שוואַכקייטן.

ס׳האָט זיך מיר שטאַרק געגלוסט אים אַ קוש צו געבן אינעם הויכן שטערן. ער איז מיר זייער צום האַרצן, דער מענטש. איך בין פּשוט פאַרליבט אין זיין פאַרכאַפּנדיקן געלעכטער. ער איז זיכער נישט קיין אַבי־ווער. ווייל דער מדינה, וואָס פאַרמאָגט אַזעלכע זין ווי איך און ער!

מיין חשובער פריינד, דערלויבט מיר, איך זאָל אייך רופן פאָטער! כדאי צו שרייבן פאַר אַזוינע לייענערס, ווי כ׳בין אַ ייד! ווייניק זענען פאַראַן אינטעלעקטואַלן פונעם דאָזיקן שניט, וואָס טיילן צו דעם שרייבער כבוד פון אַ מלך. אָט דער מענטש פאַרשטייט ווי אָפּצושאַצן הומאָר, מיין ליבער. ער קען די הומאָרעסקעס מיינע אויסנווייניק. ער איז מסוגל פונאַנדערצושיידן אייביקע ווערטן פון פאַרגענגלעכע. עס קאָן אַפילו געמאָלט זיין, אַז אין דער היים שניידט ער אַרויס פון דער צייטונג מיינע אַרבעטן און היט זיי, כדי ער זאָל זיי אַ מאָל אַרויסלאָזן אין דרוק פאַר שפּעטערדיקע דורות.

היי!

דער פּעליעטאָן ענדיקט זיך אויף דער אַנדערער זייט! דאָס איז נאָך נישט דער סוף! וואָס טוט ער, דער פאַרשוין? כ׳לעבן, ער איז משוגע געוואָרן! ער... ער קנייטשט צונויף די צייטונג... ער הילט אין איר איין עפּעס אַ וואָלוול שונדביכל, מיט אַ קאָלירטן רוצח אויפן טאָוול... אַ שמאַטע אַזאַ...

סאַדיסט...

# מען הערט נישט אויס

ד אָ נישט לאַנג האָב איך צופעליק אַנטפּלעקט, אַז מענטשן האָבן אַ טבע פון נישט אויסהערן. ווי זאָל איך אייך מסביר זיין דעם ענין? געשען איז די מעשׂה אַזוי: איך און די צעצווייגטע משפחה מיינע זענען מיר געזעסן צוזאַמען אין נייעם רעס־טאָראַן, וואָס מאַרטין און ציון האָבן אַנומלט געעפנט, און די הענט אונדזערע, באַוואָפנטע מיט שטומפּיקע מעסערס, האָבן זיך געראַנגלט מיט האַרטע סטייקס. ציון האָט געקיניגט איבער דער קיך, און דער צווייטער באַלעבאָס, מאַרטין, עלעגאַנט אויסגעפּוצט, האָט אַרומגעשוועבט אויף די שפּיץ פינגער צווישן די טישלעך און אַריינגעשושקעט יעדן גאַסט חניפותדיקע ווערטער. ווי נאָר ער האָט זיך גענענט צו אונדזער טישל, האָט זיך מאַרטין זייער היימיש צו מיר צוגעבויגן און געשעפּטשעט:

— איך האָף אַז איר זענט צופרידן, רבותי. ווי געפעלט אייך אונדזער סטייק?

— אַ גרויל! — האָב איך געענטפערט.

— עס טוט מיר הנאה דאָס צו הערן — האָט דער באַלעבאָס זיך איידל פאַרבויגן מיט אַ צופרידענעם שמייכל און אַוועקגעטענצלט צום שכנותדיקן טישל.

כ'האָב לכתחילה געטראַכט, אַז ס'איז נישט מער ווי אַ טשיקאַווער יוצא־מן־הכלל, אַ פאַל אַזאַ פון צעטראָגנקייט און שווערהעריקייט, ביז וואַנען כ'האָב דער־גרייכט צו אַ צווייטער סטאַנציע — די רעדאַקציע פון אונדזער צייטונג. בעת איך בין אַהין אַריינגעקומען איז גראָד אָנגעגאַנגען אַ הייסער וויכוח וועגן בענציס משפחה־פּראָבלעמען. ווי נאָר זיגי, דער וויצע־רעדאַקטאָר, האָט מיך דערבליקט, האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן צו מיר און געפרעגט אין דער היץ פון דער דיסקוסיע:

— צי האָב איך דיר נישט געזאָגט, אַז ער וועט זיך אומקערן צום ווייב זיינעם נאָך איידער דריי חדשים וועלן אַוועק? יאָ צי ניין?

— ניין, דו האָסט מיר נישט געזאָגט.

— נו! — האָט זיגי פריידיק אויסגעשריגן, עלעהיי ער וואָלט אויסגענומען דאָס גרויסע געווינס — אָט האָט איר אַליין געהערט!

מענטשן האַלטן נישט פון אויסהערן איינער דעם אַנדערן. דאָס הייסט: הערן הערט מען יאָ, אָבער צו די אויערן קלעפּט זיך ביי זיי צו בלויז דאָס, וואָס זיי האָבן לכתחילה מיט זיך אָפּגעמאַכט, אַז עס דאַרף זיך צוקלעפּן. אָט איז אַ חברישער דיאַלאָג, וואָס באַווייזט בולט, אַז עס קלעפּט זיך נישט:

— וואָס מאַכסטו עפּעס?

— ביטער ווי גאַל.

— ווויל! און דיין הויזגעזינד?

— קריכט מיר פונעם האַלדז אַרויס.

— נו, דאָס איז דאָך דער סאַמע עיקר. כאַפּ זיך אַ מאָל צו אונדז אַריבער! קיינער איז נישט גרייט אויסצוהערן. האָט איר געלייענט דעם נייעסטן אינטער־וויו מיטן פינאַנץ־מיניסטער?

— אַדוני מיניסטער — ווענדט זיך צו אים דער רעפּאָרטער — ווי טייטשט איר אויס דעם טשיקאַווען פאַקט, וואָס פון דעסטוועגן צאַלט דער ישׂראלישער בירגער די שטייערן פּינקטלעך און אָן תּרעומת?

— איך האַלט דאָס דאָזיקע פּראָבלעם אויפן אויג — ענטפערט דער מיניסטער — אָבער כּל־זמן עס הויערט אויף אונדזערע פּלייצעס די משׂא פון ריזיקע הוצאות פאַר פאַרטיידיקונג קאָן קיין רייד נישט זיין וועגן ענדערן דעם מצב.

די מענטשלעכע דיבורים רוקן זיך אַ פּנים אויף פאַרזשאַווערטע רעלסן, עלעהיי אַ פּאָפּוגיי פּלאַפּלט, צי אַ מאַגנעטאָפאָן דרשנט. יעדער פון אונדז שטעלט מיט זיך פאַר אַ קאַסעטע בצורת מענטש — טוט אַ קוועטש אויפן קנאָפּ, און זי וועט אייך אָפּשפּילן דעם פּזמון. וואָס־זשע איז דער חידוש, אַז מען הערט נישט אויס און מען ענטפערט נישט צו דער זאַך? מיט אַ וואָך צוריק בין איך אַריינגעקומען צום פאַר־וואַלטער פון אונדזער צייטונג און האָב אים געבעטן, אַז ער זאָל אויך מיר, גראָד ווי ער האָט עס געטאָן לגבי די אַנדערע קאָלעגן מיינע, העכערן דעם צוגאָב פאַרן אויסהאַלטן דעם אויטאָ. דער פאַרוואַלטער האָט, גלייך גאָרנישט, ווייטער געבלע־טערט אין אַ שטויס צייטונגען אויפן טיש און שפּעטער מיך געפרעגט מיט אַ האַלב מויל:

— וואָסערע זענען עס די מאָטיוון אייערע?

— די אַסעקוראַציע איז טייערער געוואָרן — האָב איך זיך אָנגערופן — און חוץ דעם האָבן מיינע קאָלעגן שוין באַקומען...

— דער פינאַנץ־מיניסטער וועט נישט מסכּים זיין — האָט מיין פאַרוואַלטער דערווידערט — דערלויבט מיר, איך זאָל באַטראַכטן דעם ענין. קומט אַריין אין דער צווייטער העלפט מאַי...

בקיצור, מען הערט נישט. גלייבט מיר, אַז עס וואָלט געווען אַ פאַרווײַלנדיקע שפּיל אויסצופּרוּוון פון צייט צו צייט די פעיִקייט פון אויסהערן אַ צווייטן. אָט, אַ שטייגער, באַגעגנט איר אין גאַס דעם באַרימטסטן טעאַטער־קריטיקער פון דער מדינה. איר כאַפּט אים אָן פאַרן לאַץ און גיט אים צו פאַרשטיין מיט אַ יוגנטלעכן ברען:

— נישטאָ קיין געזעצן פאַר דער בינע, אַדוני. איינע בראָקן אַריין אַ פאַרמעגן אין אַ פּיעסע, אַנגאַזשירן באַרימטע אַקטיאָרן, בויען אויס ריזיקע דעקאָראַציעס, און צום סוף ווערט געבוירן אַ נעבעכדיקער ספּעקטאַקל, אַז עס רייסט ביים האַרצן, און אין דער זעלביקער צייט יאַוען זיך אייניקע יונגע לייט, באָרגן אַ ביסל מזומן ביי קרובים, קלייבן צונויף אַקטיאָרן פון דער גאַס, שטעלן אַ פּיעסע אָן דעקאָראַציעס, אָן מוזיק, אָן לייב און לעבן, און דווקא אָט די פאַרשטעלונג נעמט איין וועלטן.

— אָט אין דעם גייט עס טאַקע — צעהיצט זיך דער גאונישער קריטיקער — טאַלאַנט איז דער עיקר. פון דעסטוועגן...

מענטשן האָבן אָנגעוווירן די פעיִקייט פון אויסהערן מיט קאָפּ. אויב דער לייענער גלייבט אונדז נישט, זאָל ער מוחל זיין און מאַכן אַ פּרווו מיט דער פרוי זיינער און איר זאָגן חניפותדיק אין דער אָוונט־דעמערונג: „איך בין היינט אַהיימ־געקומען אין גאַנצן אָן אַפּעטיט, טייבעלע, אָבער ווי נאָר איך האָב טועם געווען די טשאָרבע־זופּ, וואָס דו האָסט מיר צוגעגרייט, האָב איך בשום אופן נישט געקאָנט ענדיקן די מאָלצייט". „אויב אַזוי, בין איך גרייט — ווערט דאָס ווייבל, אַ צעשטראַלטע פון נחת, זיך פאַררויטלען און שעפּטשען — צו קאָכן טשאָרבע יעדן טאָג!"

נישט די ווערטער זענען דער עיקר, נאָר די מוזיק.

— ווי איז דיר געפעלן דער פילם?

— פון אָנהייב האָט ער מיך אַ ביסל געלאַנגווייליקט, אָבער שפּעטער, פון דער מיט אָן, איז ער לגמרי אַראָפּ.

— אויב אַזוי, וועל איך טאַקע זיך צוויילן אים צו זען.

מענטשן האָבן בטבע פיינט אויסצוהערן. אָט וועט איר עס בולט תופס זיין פון יענעם קלאַסישן אַרויסזאָג מיינעם, וואָס כ'האָב אים מיט אַ וואָך צוריק געלאָזט הערן אין די אויערן פון איינער אַ חוצפּהדיקער קינדער־גערטנערין, בעת זי האָט געהאָט אַרויסגעוויזן ביטול לגבי אונדזער מוזינקעלע רננה.

— חשובע מאַדאַם! — האָב איך אָנגעשריגן אויף איר — איין שמייכעלע אויף מיין מיידעלעס ליפּעלעך וועגט ביי מיר אַריבער אַלע אָנשיקענישן.

די קינדער־גערטנערין איז שטאַרק נתפּעל געוואָרן פון די דאָזיקע ווערטער. ערב יום־טוב האָב איך אין דער פּאָסט עמעצן אָנגעטראָטן אויפן פוס.

— אַנטשולדיקט — האָב איך געזאָגט — איך האָב עס געטאָן בכיוון.

— עס מאַכט נישט אויס, עס טרעפט זיך! — האָט יענער געענטפערט. מען הערט נישט וואָס יענער זאָגט.



# אַ פּאַטער ווערט געבוירן

**א**ין יענעם קאַיאַר האָט די פרוי מיינע זיך אויפגעהויבן אין בעט, זיך אַרומ־געקוקט אַ ווײַלע אין דער טויבער פינצטערניש און דערנאָך מיך געטאָן אַ טאַרע:

— ס׳האָט זיך אָנגעהויבן — האָט זי אָנגעזאָגט די בשורה — באַשטעל אַ טאַקסי.

מיר זענען אַראָפּ פונעם בעט און האָבן געלאָזן זיך אָנגעטאָן, איך האָב גע־מורמלט אייניקע באַרויִקנדיקע ווערטער, הגם ס׳איז געווען לגמרי איבעריק. מיר זענען דאָך ביידע אויפגעקלערטע מענטשן, פון אַ הויכן אינטעלעקטועלן ניוואָ, און ווייסן ווויל, אַז צו קינד גיין איז אַ ביאָלאָגישער און פּאָזיטיווער מוז.

— ווילסטו אפשר מיטנעמען זשורנאַלן, טייערינקע? — האָב איך געפרעגט — עס וואָלט כדאי געווען, כדי דו זאָלסט זיך נישט דאָרט לאַנגווײַליקן.

אַלץ איז געגאַנגען לויטן פּלאַן. דער טויער־היטער פונעם שפּיטאָל האָט פאַר־שריבן מיין ווייבס פּרטים און זי געשיקט געלעגן ווערן. איך האָב געפּרוווט שפּרייזן הינטער איר, אָבער דער שומר האָט מיר פאַרהאַקט פאַר דער נאָז דאָס אײַזערנע אַריינגאַנג־טירל און אַ זאָג געטאָן:

— איר, אַדוני, בלײַבט אין דרויסן! מען נייטיקט זיך נישט אין אייך...

כ׳האָב איינגעזען, אַז דער פאַרשוין איז גערעכט. אַז עס האָלט שוין דערביי, איז דער מאַנצביל נישט מער ווי אַ קלאָפּאָט. די קליינע האָט זיך אויך אַרויסגעזאָגט אינעם זעלבן גייסט:

— גיי אַהיים אַרבעטן ווי תמיד — האָט זי געמאַכט — און נאָך מיטאָג וועסטו זיך אַריינכאַפּן אין אַ קינאָ.

מיר האָבן זיך געדריקט די הענט, איך האָב איר דערלאַנגט אַ קוש אויפן שטערן און זיך מיט איר געזעגנט. אָט דאָס איז עס.

ס׳קאָן געמאָלט זיין, אַז דער חשובער לייענער וועט מיך האַלטן פאַר עפּעס אַ בריאה מיט אַ קאַלטן לונג־און־לעבער, אָן מענטשלעכע געפילן, אָבער אַזאַ בין איך עס און פאַרפאַלן: אַ רויִקער און באַדאַכטער — אַ מאַנספּאַרשוין. ווי נאָר מיין פרוי איז נעלם געוואָרן פון יענער זייט טיר, האָב איך זיך אַ לאָז געטאָן וואַרפן אַ קוק אויפן אַרום. אויף דער באַנק פאַרן טויער־וועכטערס בודקע זענען געזעסן בערך אַ טוץ בלייכע פּאַטער־קאַנדידאַטן. זיי האָבן געפּיפּקעט אָן אָן איבעררייס כל המינים פּאַפּיראָסן, עלעהיי דאָס איינגעשפּאַרטע זיצן זייערס ביים טויער פונעם בנין וואָלט משפּיע געווען אויף דעם, וואָס עס קומט פאָר אינעווייניק.

חוץ דעם האָט זיך געיאָוועט יעדע רגע אַ נייער מאַנצביל, וואָס האָט פרייכנדיק געשטעלט די גורלדיקע פראַגע: נו? דער וועכטער מיטן פאַרשלאָסענעם פּנים

טוט אַ קוק אין אַ פּאַפּירל, דלובעט אַ ווײַלע די צײַן, טוט אַ לאַנגן געפעץ, און צום סוף פּאַנפּעט ער אַרויס: „אַ מיידל, צוויי ניינציק״. דער טאַטע טוט זיך אַ וואָרף מיר אויפן האַלדז און שרייט: „צוויי ניינציק! צוויי ניינציק!״ אַזאַ אידיאָט! וועמען גייט דען אָן, וויפל דאָס מיידל זיינס וועגט? פון מיינעטוועגן מעג זי וועגן צען קילאָ.

איך האָב באַשלאָסן תיכף אַהיימגיין, נישט צעטרענצלען קיין צייט און אָנגיין מיט מיין אַרבעט, ווי תמיד. איידער איך בין אַוועק, איז מיר איינגעפאַלן, אַז עס וואָלט געווען אַ יושר איבערצורעדן מיטן דאָקטער, טאָמער קאָן איך אים מיט עפּעס העלפן וכדומה. איך האָב פאַרלאַנגט אים צו זען, און זיך פאַר אים פאַרגעשטעלט.

— פון פינף נאָך מיטאָג, בשום אופן נישט פריִער, קאָן מען זיך נאָכפרעגן — האָט דער דאָקטער שאַרף געזאָגט.

הכלל, איך בין אַוועק אַהיים און געזעצט זיך שרייבן, אָבער זייער גיך האָב איך זיך געכאַפּט, אַז דער מוח אַרבעט נישט ביי מיר ווי ס'געהער צו זיין — אַ זאַך וואָס טרעפט זיך זייער זעלטן. וואָס קאָן עס זיין די סיבה? אפשר נישט גענוג זיך אויסגעשלאָפן? אפשר איז שולדיק דער פאַרכמאַרעטער אינדרויסן? האָט עס גאָר אַ שייכות מיט מיין ווייבס צוקינדגיין? אַוודאי, דאָס טאַקע לייגט זיך אויפן שׂכל. בעצם, וואָר מעג עס זיין אַזוי זיכער? ווי נישט איז, גייט עס דאָך אין אַ וואַזשנעם ענין, וואָס קער זיך עפּעס אָן מיט מיר.

איך וואָלט געשווירן, אַז ס'וועט זיין אַ געזונט, רירעווודיק און אפשר אַפילו אַ שקאָצעוואַטע קינד. אַ קינד, ווי אַלע סאַברעלעך. עס וועט ענדיקן גימנאַזיע, און דערנאָך אַוועקשענקען דעם טאַלאַנט דער דיפּלאָמאַטישער דינסט. ווי עס וועט הייסן? דניאל? שמעון? ניין, דווקא אַ נאָמען, וואָס גויִים וועלן אים פאַרשטיין, אַ שטייגער רפאל, וואָס איז פאַר צייטנס געווען — קינד און קייט ווייסן עס — אַ מאָלער אַ שם־דבר אין האָלאַנד. אַ מאָל וועט דאָך מסתמא דאָס יאַטל זיין אויסערן־מיניסטער, געשיקט זיך דאָך נישט, אַז מען זאָל ביי די פאַראייניקטע נאַציעס זיך צעברעכן די ציין מיטן נאָמען זיינעם. נו יאָ, מען איז מחויב אויך צו באַשיצן די אינטערעסן פון דער אומה! איך וועל נישט דערלאָזן, אַז ער זאָל יונג חתונה האָבן. ניין, דאָס נישט! שוין גלייכער, ער זאָל זיך פאַרנעמען מיט ספּאָרט — זיך באַטייליקן ביי אָלימפּיאַדעס, שפּרינגען אין דער הייך, פעכטן, הייבן געוויכטער. פאַרשטייט זיך, אַז רפי וועט זיין באַהאַוונט אין אַלע לשונות און שטאַרק אין אַטאָמישער פיזיק. איך וועל נישט פּרוּוון אים זאָגן אַ דעה וואָס צו לערנען: גלוסט זיך דיר אַעראָדינאַמיק — געזונטערהייט!

און טאָמער וועט ער גאָר זיין אַ מיידל? באמת שוין צייט נאָכצופרעגן. איך הייב אויף פּאַמעלעך דאָס טרייבל:

— נאָך גאָרנישט! — זאָגט דער טויער־וועכטער — ווער רעדט עס?

זיין קול האָט מיר אויסגעוויזן אַ ביסל הייזעריק, עלעהיי ער וואָלט אויסן געווען עפּעס פון מיר צו פאַרהוילן. איך האָב זיך גענומען מישן זשורנאַלן, כדי איינצושטילן די צערודערטקייט מיינע. „אין ווענעצועלאַ איז געבוירן געוואָרן אַ קאַזע מיט צוויי קעפּ״ — פאַטשקעט עפּעס איינער אַ צעדרייטער אויף צוויי שפּאַלטן. כ'לעבן, זיי פאַרדינען די תליה, אַלע צייטונג־שרייבערס. צווישן יאָ און ניין האָב איך זיך אַרויפ־

געכאַפּט אויף קורטן (אַזוי רופט זיך דער מאַטאַציקל מיינער, אַן אַ פּאַרוואָס) און געיאָגט גלייך אין שפּיטאָל אַריין, כדי צו שמועסן מיטן דאָקטער וואָס שייך דעם קאָזולע פון ווענעצועלאַ. דאָס מזל האָט מיר צוגעשפּילט, כ׳האָב זיך אַריינגע־פּלאָנטערט אין אַ כאַפּטע ברית־מילה־געסט און אַזוי אַרום זיך אַריינגעגנבעט אינעווייניק.

— וואָס טוט איר דאָ? וואָס דרייט איר זיך דאָ אַרום? — האָט דער דאָקטער אויף מיר אַ ברום געטאָן אין קאָרידאָר.

— איך בין גראָד געווען אין דער געגנט.

— כ׳האָב דאָך אייך בפירוש געזאָגט, אַז איר זאָלט זיך נישט ווייזן פאַר פינף! און אַפילו דעמאָלט מעגט איר בלייבן אין דער היים.

— זייט מיר טויזנט מאָל מוחל, דאָקטער. טאַקע דאָס האָב איך געוואָלט קלאָר מאַכן.

קיין שום ספק נישט — דער דאָקטער איז גערעכט. סאַראַ טעם האָט עס זיך דאָ אַרומצודרייען! אָט זיצן זיי נאָך אויף די בענק, די פּאַריאושטע קאַנדידאַטן. איך האָב זיך אויך באַזעצט לעבן זיי, נישט מער, נאָר צו באַטראַכטן דאָס אויסטערלישע התנהגות זייערס פונעם פּסיכאָלאָגישן קוקווינקל. מיין באַנק־שכן האָט זיך פאַר מיר געגרייסט, אַז ער וואַרט אַצינד אויפן דריטן נפשל, וואָרעם ער פאַרמאָגט שוין ברוך השם אַ יינגעלע און אַ מיידעלע (2.15 און 2.70 קילאָ). אַנדערע האָבן מיר דערלאַנגט כלערליי פאָטאָגראַפיעס. איך האָב זיי געוויזן דאָס רענטגענבילד פון מיין פרוי אין ניינטן חודש.

— פּרעכטיק! האָבן די קאָלעגן געגאַפט — ס׳מאַכט אַן אויסגעצייכנטן רושם!

צוויי מאָל איז מיר שוין אויסגעקומען צו קויפן פּאַפּיראָסן, און כסדר האָט זיך מיר געדוכט, אַז כ׳האָב עפּעס פאַרגעסן. איך האָב געפרעגט דעם טויער־וועכטער, וואָס הערט זיך, און ער האָט געפּאַנפּעט עפּעס ווי צ־צ־צ־צ.

גוט, לאָמיר זיך אַריינכאַפּן אין קינאָ. מען האָט דאָרט געוויזן עפּעס אַ וואַזשנעם פילם מיט דזשעימס דין. אַלץ האָט זיך געדרייט אַרום אַ יונגן בחור, וואָס איז געווען דעם פאָטערס אַ דם־שונא. פּע, סאַראַ אידיאָטישע פילמען מען ווייזט עס איצט! סיי ווי וועט עס דאָך זיין ביי מיר אַ מיידל. דער אונטערבאַוווסטזיין מיינער פילט עס באַשיימפּערלעך. הייסן וועט זי „חמוטל״ אָדער „קיריה״, וואָרעם זי ווערט דאָך געבוירן אין דער קיריה. פון מיינעטוועגן מעג זי זיין אַן אַרכעאָלאָגין. דער עיקר: זי זאָל נישט חתונה האָבן מיט קיין פּליער! דאָס וועל איך בשום אופן נישט דערלאָזן — נאָר נישט קיין פּליער! רבונו של עולם, באַלד וועל איך שוין זיין אַ זיידע! אוי, ווי די צייט לויפט! אָבער, וואָס פּלוצעם איז פינצטער געוואָרן? ווו בין איך עס? אַהאַ, זיך דערמאָנט, דער פילם! ווער זשע פאַרמאָגט עס געדולד צו גלאָצן אויף אַזאַ שטות? נו, וועל איך אַרויסגיין כאַפּן פרישע לופט. אפשר גאָר גיין אין שפּיטאָל אַריין? כ׳האָב געקויפט אַ ריזיקן בלומען־בוקעט, מחמת שליחים פון בלומען־קלייטן לאָזט מען פריי אַריין אין שפּיטאָל. „צימער 24״ האָב איך אייליק אַ זאָג געטאָן דעם וועכטער און בין שנעל אַריין, באַשיצט פון דער אוונט־טונקלקייט.

דער דאָקטער האָט זיך צעפלאַמט ווי צונטער, ווי נאָר ער האָט מיך דערבליקט:

— וואָס זוכט איר דאָ מיט די בלומען? — האָט ער געררעוועט — נאָך גאָרנישט! פאַרשווינדט פון דאַנען, אַדוני, אויב נישט, וועל איך נעמען רעדן מיט אייך אויף אַן אַנדער אויפן.

איך האָב דעם דאָקטער געגעבן צו פאַרשטיין, אַז די בלומען זענען נישט מער ווי אַן אָנשטעל. איך ווייס גאַנץ גוט, אַז ס'איז נאָך גאָרנישט, אָבער כ'האָב געטראַכט. טאָמער איז שוין יאָ עפּעס פאַראַן. דער דאָקטער האָט עפּעס געוואָרטשעט אויף רוסיש און איז אַוועק. פאַרן טויער האָב איך זיך דערמאָנט, וואָס איך האָב די גאַנצע צייט געהאַט פאַרגעסן: זינט אַ קיילעכיקן מעת־לעת האָב איך גאָרנישט טועם געווען.

נו, האָב איך זיך געאיילט אַהיים, עפּעס נעמען אין מויל אַריין. און היות וואָס אין דער אמתן איז מיר לחלוטין אָפּגעגאַנגען דער אַפּעטיט, האָב איך בלויז אויסגעזופּט פיר צי פינף גלעזער קאַלט וואַסער און אָנגעטאָן אַ פּיזשאַמע, כדי צו כאַפּן אַ קורצן דרעמל. דאָס איז זייער געזונט און שטילט איין די נערוון. יאָ, אָבער פאַר וואָס גייט עס אַזוי פּאַמעלעך? פאַר וואָס קומט עס שוין נישט, דאָס יאָטל? אַהאַ מסתמא אַ צווילינג, קיין שום ספק נישט! ווויל ווי די וועלט, צוויי מיט אַ מאָל! ווי אַזוי זיי רופן? „דין וחשבון", „משא ומתן" — פאַראַן גענוג לשון־קודשע נעמען פאַר צווילינגען. איך וועל זיי אויסכאַוועך אויף אַ פּראַקטישן אויפן. איך וועל פון זיי מאַכן שניטקרעמערס, כדי זיי זאָלן נישט וויסן קיין מאָל פון קיין נויט. יאָ, אָבער וואָס טוט מען, אַז עס זאָל מיר נישט אַזוי זשומען אין די אויערן? אין שטוב איז עפּעס אַלץ אַזוי פאַרנעפּלט, און פילקאָלירקע רעדלעך טאַנצן פאַר די אויגן.

איך האָב געקלונגען צום טויער־וועכטער. נאָך אַלץ גאָרנישט. אַ מיתה משונה אויף דיר, אויסוווּרף איינער! זאָל נאָר מיין טעכטערל געבוירן ווערן, וועל איך דיך שוין געדענקען — פאַרלאָז זיך אויף מיר! שוין ווידער אויסגעגאַנגען די פּאַפּיראָסן. ווו זשע קען מען אַזוי שפּעט קריגן עפּעס צו רויכערן? אפשר ערגעץ ווו אין דער שפּיטאָל־געגנט? איך לאָז זיך לויפן אַהינצו, אָבער אַ שכן יאָגט מיר נאָך: „זייט מוחל, איר האָט פאַרגעסן אָנצוטון די הויזן!" טשיקאַווע ביז גאָר. עס כאַפּט מיך אָן אַ געלעכטער, וואָס איך באַוויז נישט אָפּצושטעלן ביז נאָענט צום שפּיטאָל. וואָסערע הונדערט טריט פאַרן טויער בליצט עפּעס ראַפּטעם אויף ביי מיר אין מוח: ג אָ ט. על פי רוב האָב איך נישט קיין טבע צו דאַווענען, צוליב פּרינציפּ, אָבער אין איצטיקן מצב מוז איך זיך אונטערגעבן. האַר פון דער וועלט, שטיי מיר היינט ביי, אַז מיין טעכטערל זאָל זיין, אויף ווי ווייט מעגלעך, אַ געראָטן יינגעלע, ווי ביי לייטן, מיט אַן איין און איינציק קעפּל, מחמת וואָס טויג איר מער? נישט פאַר מיינעטוועגן געגען איך צו דיר מיט דער דאָזיקער תפילה, נייערט צוליב דיין פאָלק ישראל וואָס נייטיקט זיך אין זין מיט געזונטע איברים און מיט געזונטע נשמות.

פאַרבייגייערס וואָרענען מיך, אַז ס'איז גלייכער נישט צו קניען אויפן טראָטואַר, מחמת איך קאָן זיך, חלילה, פאַרקילן. דער וועכטער וואָרנט מיך פון דער ווייטנס: צ־צ־צ־צ. ט ר אַ ך! איך האָב צעטראַסקעט דעם שלאָס פונעם טויער מיט די פויסטן און אַריינגעשטורעמט ווי אַ וויכער אינעווייניק. דער רשע שרייט און געוואַלדעוועט הינטער מיינע פּלייצעס. ווער צעזעצט שרייענדיק, ממזר איינער! ווער ס'וועט וואַגן

אַצינד מיך אָפּצושטעלן, דעם וועל איך ממיתן.

— דאָקטער! — מרוקע איך לויפנדיק איבער די פּוסטע קאָרידאָרן — דאָקטער!

— הערט, אַדוני! — באַוויזט זיך דער דאָקטער, רויט ווי אַ בוראַק — אויב איר וועט זיך יאָוּוען דאָ נאָך אַ מאָל, וועל איך רופן פּאָליציי. וואָס זענט איר עס עפּעס? אַ היסטערישע מויד?

איך היסטעריש? אַזוי גאָר, איך היסטעריש! ווען איך זאָל האָבן אין קעשענע אַ מעסערל, וואָלט איך עס אַריינגעזעצט אין האַרץ פון דעם־אָ דיפּלאָמירטן באַנדיט. דאָס זענען דאָקטוירים? נישט מער ווי פּיפּערנאָטערס אין ווייסע כאַלאַטן זענען זיי. דאָס זאָג איך אייך, אַדוני! מאָרגן שוין זעץ איך זיך אַוועק און שרייב אָן אַ בריוו צו בן־גוריון, אַז ער וועט מיך האָבן צו געדענקען ווי לאַנג ער וועט לעבן.

גאָר נאָענט צום טויער באַזעץ איך זיך אויף אַ באַנק. פון דאַנען ריר איך זיך נישט, ביז וואַנען מיין זון וועט קומען און מיר געבן אַ קוש. ווער האָט אַ פּאַפּיראָס, רבותי? דער טויער־וועכטער כאַפּט אַ נערווון־אָנפאַל צוליב מיר. וואָס איז? איז דען אַ בזיון, צו זיין אַ ביסעלע צערודערט און איבערצופרעגן פון צייט צו צייט? היינט פאַלט דאָך אויס מיין זונס געבוירן־טאָג, יאָ צי ניין? שוין האַלב צוועלף ביי נאַכט, און גאָרנישט! סאַראַ מזל מיין ווייב איז באַשערט, וואָס זי דאַרף נישט זיצן דאָ אין דרויסן און זיך מאַטערן! גאָטעניו, גאָטעניו! אפשר האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי איז בכלל נישט שוואַנגער, נאָר אַז דער בויך האָט זיך ביי איר אָנגעבלאָזן פון געבאַקענע קוקורוז. אַזוינע זשוליקעס! איך נעם אויף זיך אַ נדר: אויב ס׳וועט פּאָרט זיין אַ יינגל, שיק איך אים אין אַ קיבוץ! אויך איך וועל מאָרגן אַריין אין אַ קיבוץ.

נאָך איין פּאַפּיראָס, ביטע, דעם לעצטן, אויף מיין וואָרט! דאָס פּלענום פון די פאַראייניקטע נאַציעס האָט ווידער אָפּגעלייגט דאָס באַהאַנדלען דעם פּראָבלעם פון געבורטן אַן ווייען. גאָט, גאָט, גרויסער גאָט, כ׳האָב אַ טאַטן אַן אידיאָט. כ׳וועל קויפן דער פרוי אַ פוטער. פּוסטע נאַרישקייטן. עפּעס אַ מוראדיקע זאַך האָט זיך געטראָפן אין דאָזיקן בנין. יאָ, איך האָב זיך אָנגעשטויסן די גאַנצע צייט. דער טייוולאָנישער אינסטינקט רוימט מיר כסדר איין, אַז... די האָר שטעלן זיך קאַפּויער! יאָ, יאָ, די שפּיל איז אויס, גראַף מאָנטע קריסטאָ, אויס! מען קריכט אויף אַלע פיר צום וועכטערס בודקע. ווער קאָן עס נאָך אַ וואָרט אַרויסרעדן? מען פּינטלט בלויז מיט די אויגן:

— יאָ — דערמאָנט זיך דער וועכטער און גענעצט — אַ ייִנגל.

— וואָס? — היקע איך — ווו, וואָס?

— אַ ייִנגל — חזרט דער וועכטער איבער — דריי מיט אַ האַלבן קילאָ.

— פאַר וואָס? זינט ווען?

— הערט, אַדוני, איר זענט עס מר קישון?

— איך ווייס נישט, אפשר... אַ רגע... — איך שלעפּ אַרויס פון קעשענע די לעגיטימאַציע מיינע — איר זענט גערעכט, דאָס בין איך עס, קישון, טאַקע קישון אַליין. נו, איז וואָס?

— ס׳איז ביי אייך געבוירן געוואָרן אַ ייִנגל — שרייט דער וועכטער — דריי

מיט אַ האַלבן קילאָ. אַ ייִנגל. איר פאַרשטייט מיך נישט?

איך פאַל אַרויף אויף אים און וויל אים קושן. ער ווערט זיך. אַ שטיל געראַנגל. איך לויף אין דער נאַכט אַריין. דווקא איצט זעט מען נישט קיין לעבעדיקן נפש אין דער סביבה. ווער האָט עס אויסגעטראַכט, אַז איך בין נישט מסוגל צו טאַנצן פאַרויס און הינטערווייַלעכץ? אַ פּאָליציאַנט באַווייזט זיך און וואָרנט מיך. ער כאַפּט פון מיר אַריין אַ קוש אויפן שטערן.

— דריי מיט אַ האַלבן קילאָ — שריי איך אים אַריין אין אויער — דריי מיט אַ האַלבן קילאָ!

— מזל טוב! — זאָגט דער פּאָליציאַנט און ציט אַרויס פונעם טייסטער זיין טעכטערלס פאָטאָ.



# אַלץ ווערט געפאַרבט

יעדער פאַרוואָס האָט זיך זיין פאַרדאָס, און איצטיק מאָל איז דער ווינט עס געווען דער פאַרדאָס. קלאָרער גערעדט: אין באָדצימער האָבן מיר אַן אַלטן, אויסגעפּרווּוטן וואַסער־קעסל, וואָס מען הייצט אים מיט נאַפט. זיין איינציקער חסרון איז, וואָס ווי נאָר עס נעמט שטורעמען אין דרויסן צוליב די מעטעאָראָלאָגן, כאַפּט זיך אַריין דער ווינט אין די רערן און שטופּט אַרויס דעם רויך אין באָדצימער אַריין, ווו ער — דער רויך — מאַכט אַלץ שוואַרץ. דאָס איז געשען אויך אַנומלט. מיין ווייבל, חוה, האָט זיך אָפּט פאַר מיר באַקלאָגט, אַז דער קעסל האָט אָנגעווירן זיין פריִערדיקן זילבער־קאָליר, און איז נעבעך געוואָרן פאַרשוואַרצט. דערפאַר האָב איך באַשלאָסן איבערראַשן די פרוי און אָפּפאַרבן דעם קעסל לכבוד פּסח.

פאַרשטייט זיך, אַז כ׳האָב נישט אָנגעטרויט, חלילה, די דאָזיקע אַרבעט אַ מאַלער, אַ בעל־מלאכה, מחמת אַזאַ גזלן איז מסוגל צו פאַרלאַנגען צוויי פונט פאַר אָפּשמירן דעם באַשיידענעם קעסל. בין איך אַריין אין דער געהעריקער קראָם און האָב דאָרט איינגעהאַנדלט אַ ריזיקע פּושקע „אַלומיניום־פאַרב", וואָס איז פייער־אויסהאַלטיק און ווערט אויסגעאַרבעט אין קיבוץ גבעת־תושיה, און אויך אַ ברייטן פּענדזל מיט אַ באַקוועם הענטל.

אין איינעם אַ פרימאָרגן — ווי נאָר די קליינע איז אַוועק צו דער אַרבעט כדי צו פאַרדינען אויף שטייערן — האָב איך געעפנט די פּושקע, גוט אַדורכגעמישט די פאַרב וואָס האָט שעמערירט ווי אַ שפּיגל, און זיך גענומען אָפּפאַרבן די רויך־רערן ביים קעסל. דער פּועל־יוצא איז געווען ממש צו שטוינען — אַ גלאַנצנדיקער שיכט אָן דעם מינדסטן שפּרענקעלע האָט צוגעדעקט אַלע פריִערדיקע חרפּות, וואָס בעסער קאָן שוין נישט זיין. ס׳איז נישט מיין טבע צו פּוצן זיך אין פרעמדע פעדערן, און דעריבער לאָמיר מודה זיין, אַז יעדער מענטש מיט מיטעלער בילדונג איז אין שטאַנד דאָס צו טאָן אין זכות פון דער אַלומיניום־פאַרב, וואָס שמירט זיך ממש פון זיך אַליין. אַלע מיינע גוטע־ברידער עצה איך צו מאַכן אַ פּרווו, און דערנאָך וועלן זיי אָנווערן דעם חשק אָנצורירן אַן אַנדערע פאַרב, און בכלל צו פאַרבן.

דאָס פאַרבן האָט מיר פאַרשאַפט אַזוי פיל תענוג, אַז כ׳האָב נישט באַוויזן צו שטיין מיט פאַרלייגטע הענט ביז וואַנען „דער ערשטער שיכט טריקנט זיך לגמרי אויס", ווי עס פלאַפּלען די קיבוצישע פּראָדוצענטן אויף אַ זייט פון דער פּושקע, נאָר באַלד האָב איך אָנגעשמירט אַ צווייטן און אַ דריטן שיכט אויפן קעסל. וואָס זיכער איז זיכער. דאַן האָב איך דערזען, אַז די קראַנען זענען שוין אויך נישקשה אָפּגעבלאַקירט, האָט מיין פּענדזל זיי באַשאָנקען מיט פרישער יוגנט.

נאָך דער אַרבעט האָב איך געטאָן אַ טראַכט: די הענט זענען־ביי מיר שוין סיי ווי פֿאַרשמירט מיט פֿאַרב און די פּושקע שטייט אָפֿן, צי וואָלט נישט געווען אַ סברה אויסצונוצן דעם שעת־הכושר און צו פֿאַרריכטן אַלץ אין דער דירה, וואָס בעט זיך ממש אַן אָפּפֿרישונג. געטראַכט און געטאָן! מיניה וביה האָב איך זיך אַ לאָז געטאָן איבער די צימערן און אָפּגעפֿאַרבט מיט דער זילבערנער פֿאַרב צוויי אָפּגעריבענע טיר־קליאַמקעס, אַלע קראַנען אין קיך, דריי גרויסע מילכטעפּ פֿון אַלומיניום (נאָך דעם אָפּפֿאַרבן האָבן זיי אויסגעזען כמעט ווי נײַ), דעם קאַקטוס־וואַזאָן אויף אַ פֿענצטער־ברעטל און די קאַקטוס־שפּראָצן, דערנאָך אַנדערע קלייניקייטן, ווי אַ שטייגער אַ שיך־לעפֿל, אַן אַשבעכער, צוויי קיכבענקעלעך און דעם קיכטיש.

דעמאָלט האָב איך שוין באמת געקלערט, אַז ס'איז גענוג, וואָרעם איך האָב געשפּירט, אַז אָט־אָט וועט די תּאווה נאָך זילבער — די גרייזגראָע קללה פֿון אַלע בשׂר־ודמס — מיך אין גאַנצן באַהערשן. אָבער האָב איך עס געקאָנט אָפּזאָגן דעם ד״ר קורט קאַלטנברונער, וואָס האָט פּשוט געחלשט נאָך אַ שמיר פֿונעם פּענדזל. דערפֿאַר האָב איך אַרײַנגעשלעפּט דעם מאָטאָציקל מײַנעם (ער איז עס דער דאָקטער) אויפֿן באַלקאָן, און דאָרט האָב איך אים אָפּגעזילבערט ווי גרויס ער איז, און אַפֿילו די קייט זײַנע. אַגב, וואָס שייך דער קייט, האָט מען געקאָנט חושד זײַן, אַז אין שאַרבן ביי מיר איז עפּעס נישט פֿויגלדיק... ס'האָט אָבער שוין געהאַלטן אַזוי ווײַט, אַז כ'האָב לגמרי אָנגעווירן די שליטה איבער די בייזע אינסטינקטן. היות פֿונעם דאָקטער האָבן שוין במילא אַראָפּגעקאַפּעט זילבערנע טראָפּנס אויפֿן דיל פֿונעם באַלקאָן, האָט מיך גענומען מאַטערן דער געדאַנק, אַז ס'וואָלט געווען אַ יושר אָפּצו־פּרישן די מוטנע פֿאָדלאָגע־טאָפּליעס און זיי איבערפֿאַרבן לויטן מאָדעל פֿון אַ שאַכמאַטברעט. אַ קלייניקייט עפּעס, די קיניגליכע שפּיל!



געזאָגט און געטאָן. אַצינד איז אויף אַן אמת גענוג, האָב איך געטענהט צו זיך אַליין. ווי נאָר אָבער איך בין אַרײַן אין באָדצימער, כדי אָנצושמירן דעם קעסל מיט אַ פֿערטן שיכט, איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז ס'האָט קיין שום זין נישט אָפּצופֿאַרבן בלויז צוויי טיר־קליאַמקעס. און אויב אַזוי האָב איך געטאָן דאָס זעלבע מיט אַ שפּאָר ביסל ראַמען פֿון בילדער, און פֿאַר איין וועגס פֿאַרריכט די רעפּראָדוקציע פֿון „מאָנאַ ליזאַ״ דאַדורך, וואָס כ'האָב זי אָנגעטאָן אין אַ זילבערנעם אָוונטקלייד — אַ מלבוש וואָס פּאַסט זיך גיכער צו איר סודותפֿולן שמייכל ווי די שמאַטעס פֿונעם אָריגינאַל.

אלא וואָס, בעת כ'האָב געשמירט די זײַטנווענטלעך פֿונעם ראַדיאָ־קעסטל, האָב איך זיך געכאַפּט, אַז די שיך זענען ביי מיר דאָ און דאָרט באַפּינטלט מיט זילבערנע שפּרענקעלעך, און כדי אָפּצווישן די חרפּה, האָב איך זיי אָפּגעפֿאַרבט איינס און צוויי. זייער אויסזען האָט זיך כהרף עין געביטן פּלאַי־פּלאים, און איך וועל זיך נישט חידושן, אויב פּיפּיקע פֿאַבריקאַנטן וועלן גאָר אין גיכן, מיט דער הילף פֿון אַמערי־קאַנער מזומן, זיך נעמען אויסאַרבעטן אַלומיניום־שיך (ווי אָנגעמאָסטן פֿאַר שוואַרצע קאָסטיומען).

אַז איך בין אין אַ גוטער שעה פֿאַרטיק געוואָרן מיט די לעדערנע רוקנס פֿון די

ענציקלאָפּעדיעס, האָב איך בדעה געהאַט איין פּאָר אַלע מאָל צו פאַרמאַכן די זילבער־פּושקע, אָבער גראָד אין יענער רגע האָט צי מיר אַ ווונק געגעבן דער קאַנדעלאַבער, וואָס הענגט אַראָפּ פון סופיט. פאַרשטייט זיך, אַז כ׳האָב געברענגט אַ לייטער (איר וואָלט געשווירן, אַז ס׳איז אַן אַלומיניום־לייטער, און פּאָרט אַ הילצערנע!), בין אַרויפגעקראָכן צום שפּיץ און זיך געפּאָרעט סיי מיטן קאַנדעלאַבער און סיי מיט די עלעקטרישע לעמפּלעך. בעת כ׳האָב געשוועבט אין דער הייך, האָט זיך אויסגעגאָסן אַ ביסל פּאַרב אויפן פּערסישן דיוואַן. איך בין געווען אָנגענעם איבערראַשט, וואָס דאָס געוועב פונעם טעפּעך זאַפּט וווּנדערבאַר אַריין די זילבערפּאַרב — אַ מעלה, וואָס זאָגט עדות אויפן הויכן שטאַפּל פון דער קיבוץ־אינדוסטריע.



בשעת כ׳האָב דערגרייכט די דאָזיקע פאַזע פון קעסל־רעמאָנט, האָבן זיך ביי מיר גענומען יאַווען סימנים פון אינפלאַציע — איך האָב צעטרענצלט היפּשלעך זילבער אויך אויף דער גרויסער קליידער־שאַפע, יאָ, כ׳האָב אַפילו געעפנט די טירלעך און אָפּגעזילבערט מיין פרויס אַלע ניילאָן־טאַשן (סיי־ווי חלשן זיי נאָך זילבער) און אַ שפּאָר ביסל קראַוואַטן. צום סוף איז מיין שווערס פוקסענער פוטער מגולגל געוואָרן אין אַ זילבערפוקסענעם פוטער. דאַן האָב איך זיך אַריינגעריסן אין גערטנדל, און אויף דער גיך אָפּגעזילבערט דעם פּלויט, די ביימער מיט די בלעטער און אויך די רויזן.

בעת כ׳האָב אָנגעשמירט דעם צווייטן שיכט אויף די לאָדנס, האָט זיך גראָד באַוויזן דער בריוועטראָגער. קלאָר, אַז כ׳האָב אים אַ ביסל באַזילבערט די טשופּרינע, וואָרעם דאָס אויסזען זיינס האָט מיר אויסגעוויזן נישט גענוג בכבודיק. דער פאַרשוין האָט אָבער נישט תופס געווען די כוונה מיינע און האָט געמאַכט פּיס, רעווענדיק מיט אַ הייזעריק קול.

מיטאָגצייט, ווען כ׳האָב גראָד אָנגעהויבן צוצופּאַסן די ווענט צום קאָליר פון דער גאַנצער דירה, עפנט זיך די טיר, און מיין פרוי, חוה, באַווייזט זיך.

— אַנטשולדיקט, אַדוני! — האָט זי געזאָגט — איך האָב געמיינט אַז דאָס איז מיין דירה.

זי האָט שוין געהאַלטן ביי אויסדרייען זיך צו דער טיר, אָבער איך האָב זי אָפּגעשטעלט און איר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דאָס בין א י ך עס, דער מאַן אירער, און אַז אַלץ, וואָס זי זעט, איז נישט מער ווי אַן איבערראַשונג לכבוד פּסח. פון דעסטוועגן איז חוה נישט נתפּעל געוואָרן פונעם אויפטו מיינעם. זי האָט זיך אַ לאָז געטאָן איינפּאַקן אירע זאַכן, כדי זיך אַריבערצוקלייבן אין אַ האָטעל, ביז וואַנען דער ראַבינאַט וועט דורכפירן דעם גט.

אויף מיין מזל האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי קאָן זיך נישט איינפּאַקן, מחמת אַלע רענצלעך זענען אָפּגעזילבערט. חוה האָט זיך צעכליפּעט, און איך האָב איר בשעת מעשׂה, שטיל און מיט טאַקט, אָפּגעזילבערט די נעגל.

# אין דער לענג און אין דער ברייט

מסתמא האָט איר שוין געהערט, אַז בדרך־כלל האָב איך אַ טבע מיטאָגצייט אַרויפצוקריכן אויפן מאַטאַציקל (מיר רופן אים ד״ר קורט קאַלטנברונער, ווייס פאַר וואָס!) און זיך אַ לאָז טאָן צום ים־ברעג, אין יענער געגנט ווו דער מיטללענדישער ים גיסט זיך אַריין אין דער גאָרדאָן־גאַס. דעם דאָזיקן מנהג היט איך אָפּ צוליב דעם, וואָס דאָס געזונט איז ביי מיר בילכער אַפילו פון אַרבעט, פון שרייבן און פון טיי. ס'איז פאַר מיר, חלילה, נישט קיין סוד, אַז דער ים איז אין שטורעמדיקע טעג קויטיק, און אַז כלעריי קולטור־פסולתן שווימען דעמאָלט אַרום אויפן אויבערפלאַך, אָבער דער שׂכל־הישר פרעגט: צי נייט מען דען עמעצן אַראָפּצונידערן אין ים אַריין? צי איז דען נישט איבער גענוג אויסצולייגן זיך אויף אַ ליגשטול ביים ברעג, פאַרדעקן די אויגן מיט אַן אילוסטרירטן זשורנאַל, ליגן שאַ־שטיל אונטער די איידעלע שטראַלן פונעם גאָלדענעם קיילעך, שעפּן נחת פון דער מחיהדיקער פוסטעפּאַסטקייט און לחלוטין נישט טראַכטן? כ'מיין כמעט נישט טראַכטן, סיידן פון נישטיקע שמאַנצעס, למשל: אַז דינסטיק מוז מען דערלאַנגען אַ פעליעטאָן דעם רעדאַקטאָר; אַז דער בריוווטרעגער האָט היינט געבערנגט אַ דערמאָנונג פונעם באַלעבאָס פון מס־הכנסה; אַז מען דאַרף אָנקלינגען זולצבוימען, ער זאָל רעדן מיטן שוואָגער זיינעם מכוח יענעם ענין; אַז מען טאָר נישט פאַרגעסן אַהיימצוּוועגס אָפּצונעמען די וועש פון דער וועשעריי; אַז אָט־אָט רופט מען צו מילואים (רעזערוו־דינסט אין דער ישׂראל־אַרמיי); אַז אַ גנב האָט שוין ווידער אַרויסגעלקחנט די פולפעדער פון קעשענע; אַז די מצריים האָבן געקראָגן אַ גאַנצן פלאָט בתורת מתנה; אַז חוץ די דאָזיקע קלייניקייטן שטעכט עפּעס אינעווייניק אין לינקן אויער שוין עטלעכע טעג. וואָס קאָן דאָס זיין?

אָט אַזוי גיסט עס זיך דער מענטש צונויף מיט דער נאַטור, בעת די נערוון זיינע רוען זיך אָפּ. נישט פאַראַן פאַר אים הימל און ערד. בלויז ער און די זון. און דער באַלעם, וואָס טרעפט אָפּט דעם שאַרבן זיינעם מצד די פינג־פאָנג שפּילערס. און דער סקריפּענדיקער זאַמד. און די פליגן. און יאַטלעך מיט קוויטשענדיקע קולעכלעך. און אַ לייכטער קאָפּשווינדל. און וואָס נישט!

קומט אויס, אַז קיין גרעסערער תענוג איז גאָרנישט בנמצא, ווי צו ליגן ביים ים־ברעג בשעת עס סמאַליעט אומברחמנותדיק דער קאַלכאויוון. פאַראַן פון דעסטוועגן איין חסרון: ווי נאָר איר צעשטרעקט זיך אין ליגשטול, מישט זיך אַריין דער שלימזל. עפּעס איינער פון דער חברה יונגוואַרג אַרום דערנענטערט זיך, שלעפּט אַראָפּ דעם אילוסטרירטן זשורנאַל פון די אויגן און טוט אַ זאָג:

— מעג מען לעזן די קרייץ־רעטעניש?

די שאלה פאַרדריסט מיך. נישט גענוג מען ראַבעוועט ביי מיר דעם צודעק

פון די אויגן, ווײל מען אויך נישט דערלאָזן, אַז דער מוח מײנער זאָל זיך אַנטשפּאַנען בײם באַשײדן די רעטעניש. אַזאַ חוצפּה! ווער ווײסט עס נישט, אַז באַשײדן אַ קרײץ־רעטעניש איז נישט בלויז אַ צײט־פאַרברענג, נאָר, דער עיקרשט, עפּעס וואָס שלײפט דעם מענטשנס שׂכל אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. פאַר וואָס טאָקע פאַרנעם איך זיך נישט מיט לעזן קרײץ־רעטענישן שוין זינט עטלעכע און צוואַנציק יאָר?

— לאָז געמאַך די רעטעניש! — זאָג איך אויפן הויכן טאָן, דרײ זיך אום אויף דער צווײטער זײט און דרעמל װײטער אין ליגשטול. עס נעמט אָבער נישט מער װי צװײ־דרײ מינוט, וועקט מיך פון ס'נײ אויף אַן אויסגעשרײ:

— פיר אותיות, צי ביסטו טויב!

הײסט עס, אַז די חברה האַלט פאַרט אין לעזן די רעטעניש, אָן מײן הסכּמה. אַזאַ יוגנט וואַקסט עס בײ אונדז אונטער, און די מלוכה קוקט זיך צו מיט פאַרלײגטע הענט!

— אַ חיה מיט געשפּאַלטענע קאָפּיטעס, פאַרמאָגט אויפן קאָפּ צװײ הערנער, שפּרינגט און לויפט גיך — פיר אותיות! — חזרט איבער אַ בחור מיט אַ פלאַטשיקער נאָז, וואָס פירט די גרענדע איבער דער קרײץ־רעטעניש, און די חברה אַרום אים זיפצן פון דער שווערער מוח־אַרבעט.

— פון אָנהײב האָט עס דווקא אויסגעזען לײכט, און צום סוף איז עס געוואָרן שרעקלעך שווער — באַקלאָגט זיך אַ מײדל און ענדיקט מיט אַ פאַריאושטן געמורמל — פיר אותיות מיט הערנער! צבי, וואָס קאָן עס זײן?

— איך ווײס נישט — ענטפערט צבי מיט אַראָפּגעלאָזטע אויפן, און דאָס יונג־וואַרג קנײטשט ווײטער די שטערנס, ביז וואַנען אײנער רופט זיך אָן:

— אַהאַ! דערטאַפּט! אַ ג ע ר!

כּהרף־עין האָט מען דעם אָגער אַרײנגעכמאַליעט אין די קוואַדראַטן, און די געמיטער האָבן זיך אַ ביסל אײנגעשטילט. די קומענדיקע שאלה איז געווען גאָר אַ לײכטע: ס'איז קײַלעכיק און מען טראָגט עס אויפן פינגער, פינף אותיות פון אויבן אַראָפּ. דער בחור מיט דער פלאַטשיקער נאָז איז תיכף אויפגעשפּרונגען מיט אַן אויסגעשרײ „ר י נ ג ל!", און אײניקע האָבן זיך צעזונגען אין כאָר „רינגל, רינגל, רײע...". דאַקעגן זשע האָט 3 אין דער ברײט דערלאַנגט אַן אומגעריכטן קלאַפּ:

— העלד פון דאָסטאָיעווסקיס אַ ראָמאַן. בקרוב וועט מען עס אויפפירן אין „הבימה". 12 אותיות, הײבט זיך אָן מיט אַן אלף.

— העדאַ גאַבלער — האָט אײנע אַ פרײלין געיובלט, אָבער מען האָט זי כּהרף־עין אָפּגעקילט, מחמת איר געדאַנק פאַרמאָגט בלויז 10 אותיות. במשך פון עטלעכע מינוט האָבן די יונגע קעפּלעך שווער געפּראַצעוועט, אָבער אַ נעכטיקער טאָג. פון דער נאָענט האָט מען געקאָנט ממש דערהערן דאָס געזשום פון די אָנגע־שטרענגטע מוחות.

— מאַקבעט?

— גולם אײנער! דאָס הײבט זיך אָן מיט אַן אלף?

— נו, אפשר פּיקאַסאָ?

— ער איז דען אַ רוס?

— אין דער „הבימה״ אפשר...

— אַהאַ! קאַסאַנאָוואַ!

— שוטה! דאָס גייט דאָך אין קאַמערי־טעאַטער!

כ׳האָב פּשוט נישט באַוויזן לענגער אויסצוהאַלטן די וואַקכאַנאַליע פון פּינצ־טערער עם־הארצות. ס׳איז איבעריק צו זאָגן, אַז איך, וואָס האָב פאַרענדיקט אַ הומאַניסטישע גימנאַזיע, און זינט די מאַמע האָט מיך געהאַט בין איך אַן אייראָ־פּייער — איך האָב פון דער ערשטער רגע אָן געוווּסט, אַז די רעטעניש איז אויסן דעם העלד פונעם ראָמאַן „פאַרברעכן און שטראָף״, דעם סטודענט ראַסקאָלניקאָוו, וואָס פאַרמאָגט אַקוראַט 12 אותיות. ביטע, איר מעגט איבערציילן. הכלל, איך האָב זיך אַ וווּנד געטאָן צו די רעטעניש־חכמים און אין פּנים אַריין זיי געשליידערט: „ראַסקאָלניקאָוו״ מיט אַ מינע פון רחמנות געמישט מיט ביטול. די חבֿרה איז אַנטשוויגן געוואָרן פון אָנערקענונג, אָבער אין אַ רגע אַרום האָבן זיי אויסגעשאָסן מיט חוזק־געלעכטער:

— ס׳הייבט זיך דאָך אָן מיט אַן אַלף, אדוני! מיט אַן אַלף!

כ׳האָב מיניה־וביה געפילט, אַז דער כּבֿוד פון אייראָפּע, די מאַמע פון דער קולטור, הוידעט זיך אויף ז׳ער וואַגשאָל. אויב ס׳וועט זיך מיר נישט איינגעבן צו באַווייזן אָט דער אַזיאַטישער כאַליאַסטרע די העכערע אינטעליגענץ מיינע, איז ווי מעג איך וואַגן אָפּצוחוזקן פון די הי־געבוירענע?

— אַנו, צוציקלעך, דערלאַנגט מיר די קרייץ־רעטעניש, — האָב איך זיך אָנגערופן מיט אַ דין שמייכעלע — און לאָמיר אַליין זען, וואָס עפּעס אַן אַלף.

אַוודאי, דאָס האָב איך דאָך געוווּסט! די שלימזלדיקע אַלף נעמט זיך פון 5 אין דער ברייט: די הויפּטשטאָט פון אַ דרום־אַמעריקאַנישער מדינה, 4 אותיות. די חכמים מיינע האָבן אַריינגעשריבן „**אַרעס**״ צוליב קרובהשאַפט מיט **בוענאָס**.

— נו, חבֿרה! — האָב איך געמאַכט — מירן דעם טעות תיכף פאַרריכטן.

כ׳האָב פאַרביטן **אַרעס** אויף **רימאַ** (די ריש נייטיקט זיך פאַר **ראַסקאָל־ניקאָוון**). רימאַ איז די הויפּטשטאָט פון פּערו — האָב איך מסביר געווען — דאָס ווייסט ביי אונדז אין אייראָפּע אַפילו אַ קימפּעטקינד.

— נישט לימאַ? — האָט צבֿי געפרעגט אומזיכער, אָבער דעמאָלט איז מען אים באַפאַלן פון אַלע זייטן און מען האָט געוואַלדעוועט: לאָז געמאַך דעם אַדון, ער ווייסט טויזנט מאָל מערער פון דיר.

אויב אַזוי, האָב איך זיך אַ נעם געטאָן באַקוקן דעם מצב, וואָס האָט געקראָגן לגמרי אַ ניי פּנים צוליב דעם פאַרבייט פון **אַרעס** אויף **רימאַ**. אָט למשל, ביי 7 אין דער ברייט, וואָס פאָדערט אַן עמער אויף ענגליש, איז אַרויסגעקומען דער באַשייד **פּיבעל**.

— פּיבעל? — האָט זיך געחידושט דער יונגערמאַנטשיק מיט דער פלאַ־טשיקער נאָז — זענט איר דערינען זיכער?

— פאַרדריי אים נישט דעם קאָפּ! — האָבן זיך אַריינגעמישט די מיידלעך — ער איז געווען אין ענגלאַנד, צי דו?

איך האָב איידל געשמייכלט. כ׳לעבן, ס׳וואָלט טאַקע כדאַי געווען אַ מאָל זיך

אַהינצו אַריבערצוכאַפּן. 8 אין דער ברייט האָט פּאַרלאַנגט: „דער הויכפּונקט אין איינזאַפּן פּליסיקייטן". אַ דאַנק **רימאַ** איז אַרויס **יאַסל**. נאָכן דאַזיקן באַשייד — לאָמיר מודה זיין — זענען די פּיס ביי מיר מער נישט געשטאַנען אויף קיין פעסטן באָדן. מיין אוניווערסיטעט־בילדונג האָט זיך אַפילו גענומען אַ ביסעלע שאָקלען, בפרט נאָך 13 פון אויבן אַראָפּ, וווּ עס פרעגט זיך: „אַ מין שיף מיט אַ מים צום סוף". דער באַשייד מיינער האָט זיך געלייענט **לאַלאַ** (?).

אין יענע רגעס בין איך שוין געווען גרייט אָפּצושטעלן די קרייץ־שפּיל, אָבער מיין פּערזענלעכע גאווה האָט מיך אַראָפּגעשטויסן אין פינצטערן אָפּגרונט...

— אַ רויבפויגל, 5 אותיות! — האָט צבי אויסגערופן הינטער מיינע פּלייצעס — איינע פון די לעצטע, נישט געלייזטע שורות. אַלעמענס אויגן האָבן זיך אַריינגעשפּיזט אין מיינע ליפּן. „הייבט זיך אָן מיט אַ קוף, לאָזט זיך אויס מיט אַ פיי".

— **קאַל... קאַליב... קאַליפ**... האָב איך צו וויסן געגעבן, און די ווערטער מיינע האָבן זיך געטונקען אין אַ טייך מיט התלהבותדיקע אַפּלאָדיסמענטן. איך האָב אָן שהיות אַריינגעשריבן דעם **קאַליפּ**. אויב אַזוי, קומט אַרויס 18 פון אויבן אַראָפּ „אַט אַזוי טוט אַן אַדוואָקאַט": **מיקעט**. למאי זאָל איך לייקענען, אַ ביסל נישט גלאַטיק, אָבער כ'האָב פאַרביסן די ליפּן (וואָס פלוצעם גראַד אַן אַדוואָקאַט?).

דאַן האָט זיך געפרעגט 11 אין דער ברייט: אַ בלייפעדער אויף לאַטייניש. דריי אותיות. באַלד האָב איך געפונען: **אוף**. ווייטער איז מיר שוין געגאַנגען דורך טיר און טויער. ראַפּטעם איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז דאָס איינרעדעניש בנוגע דער העכערקייט פונעם שׂכל איבערן כוח איז היינט צו טאָג ווערט אַ ציבעלע־שאָלעכץ. דווקא מיטן כוח פונעם כוח וועט איר לייכט לייזן קרייץ־רעטענישן. אויב דער איידעלער רצון העלפט נישט, טאָ פּרווט בגוואַלט!

אָט, למשל, עטלעכע מוסטערן פאַר לייזונגען, וואָס כ'האָב פאַרגוואַלטיקט צווישן יאָ און ניין: אַ יוגאָסלאַווישער אינדזל אין אַדריאַטישן ים — **בלומאַב**; די ראשי־תבות פון עליו־השלום — **פוף**; מיניסטער, צוריקצווועגס געלייענט — **כינקע**; דער גרעסטער רוסישער פּאָעט — **בומקין**! און אַזוי ווייטער, בלויז מיט כוח פונעם קולאַק.

ווי נאָר כ'האָב אָנגעפילט אַלע קעסטעלעך, איז די גאַנצע ייִדישע יוגנט געפאַלן פאַר מיר אויף די קני און האָט מיך דערטרונקען אין אַ ים מיט כבוד, עלעהיי איך וואָלט געווען אחד־העם, אָדער גלאַזער (אַ פּאָפּולערער פוטבאָליסט אין ישׂראל). זינט יענער שעה דערוועגט זיך שוין קיינער נישט, פאַזע דעם גאַנצן ים־ברעג, אָפּצופרעגן מיין גאונישע געניטקייט — פון די נאַקעטע פעלדזן אין יפו ביז צו די וואַסערן פונעם „השרון"־האָטעל.

טאָמער גאַרט עמעצער מיך צו זען מיטאָגצייט אין דער סביבה פונעם גאָרדאָן־איינגאָס, דאַרף ער בלויז מוחל זיין אַ פרעג טאָן ביי די, וואָס סמאַליען זיך אין די זאַמדן: ווו איז אַצינד די צוויפיסיקע ענציקלאָפּעדיע? תיכף וועט מען אים אָנטייטלען אַהינצו, וווּ איך ליג צעשטרעקט אין אַ ליגשטול און פאַרנעם זיך הורטעם מיט לייזן קרייץ־רעטענישן, פינף ביז זעקס אין אַ שעה. כוח איז ביי מיר פאַראַן, ברוך השם, און ס'איז נאָך נישט געבוירן געוואָרן די קרייץ־פאַרזעעניש, וואָס זאָל קאָנעןביישטיין מיין נייעם מעטאָד.

# ביקור חולים

— פֿרעגט איר, הייסט עס, ווי אַזוי כ׳האָב געבראָכן דעם דאָקטוירים־סטרייק? מאַכטייסע, היינט מעג מען שוין אויסזאָגן דעם סוד. אָנגעהויבן האָט זיך די מעשׂה מיט דער מומע עלקע. אין איינעם אַ שיינעם טאָג האָט די מומע זיך אַראָפּגעלאָזן אויף די קני, כּדי צו שייערן דעם דיל. פּלוצעם האָט זי געשריגן געוואַלט און נישט באַוויזן אויפצושטיין, מחמת אינעווייניק אין דער דיך האָט זיך ביי איר עפּעס צעריסן דער מיניסקוס צי דער מיקוניס (נאָמען פון אַ קאָמוניסטישן דעפּוטאַט אין ישׂראל) — גיי דערמאָן זיך! בקיצור, מען האָט די מומע אַריבערגעפירט אין שפּיטאָל, זי׳ אָוועקגעלייגט אין דער פּאַלאַטע נומער 14 און צוגעגרייט צו דער אָפּעראַציע.

ווי נאָר זי האָט זיך איינגעאָרדנט אויפן בעטל, האָט זי זיך פֿאַרבונדן מיט אונדז דורך אַ קראַנקן־שוועסטער און פֿאַרלאַנגט, מען זאָל זי מבקר חולה זיין וואָס גיכער און למען־השם ברענגען אַ סענדוויטש מיט קעז, וואָרעם די דאָזיקע פּאַטראָווע קריגן דאָרט בלויז מסוכנע האָרץ־חולים. דער עולם מיינער האָט דווקא מיך אויסגעקליבן צו גיין דער ערשטער אין פֿייער אַריין, מחמת איך בין נאָך דערוויל יונג, שטאַרק און רעד נישקשה דאָס דייטשע לשון. איך האָב אַריינגעפּאַקט אין אַ צייטונג אַ ביסל סענדוויטשן מיט קעז, אַריינגעקוועטשט דאָס פּעקל אין קעשענע און זיך אַוועקגעלאָזן מיט דער מתּנה צום שפּיטאָל.

אָפּגעפֿאָרן אַ קימאַ־לן פֿון צוויי שעה, האָב איך זיך דערשלאָגן ממש ביז צום טויער פֿונעם שפּיטאָל, וואָס איז געווען פֿאַרהאַקט מיט אייזערנע ריגלען ווי אַ זעלנערישער קרימינאַל אין מלחמה־צייט. איך האָב איידל געקלאַפּט אָן אייזערנעם טויער, און אָט איז אַרויס פֿון דער וועכטער־בודקע אַ יונג מיט ביינער און האָט זיך צו מיר געווענדט מיט אַ שמייכעלע בזה הלשון:

— קראַנקע מעג מען באַזוכן בלויז זונטיק און דאָנערשטיק פֿון 2.45 ביז 3.30 אַ זייגער.

— גוט — האָב איך זיך אָנגערופֿן — אָבער היות איך בין שוין דאָ...

— ליבער פֿריינד — שמייכלט דער וועכטער — גלייבט אונדז, אַז אָ־די תּקנה איז איינגעשטעלט געוואָרן לטובת די חולים גופֿא, ווייל די וויזיטן שאַטן זיי צום געזונט־ווערן.

— איך זאָל טאַקע אַזוי לעבן, ווי איר זענט גערעכט! — האָב איך געזאָגט — אָבער לאָזט מיך פֿאַרט איצט אַריין אויף איין איינציקער רגע.

— ניין, חשובֿער הער! — האָט זיך דער פֿאַרשוין אַיינגעשפּאַרט — צוויי אַ זייגער וועט מיך פֿאַרבייטן אַן אַנדערער וועכטער, און אפֿשר וועט ע ר אייך יאָ אַריינלאָזן. א י ך — בשום אופֿן נישט...

כ׳האָב איינגעזען, אַז כ׳האָב צו טאָן מיט אַ פאַנאַטיקער, וואָס פאַרמאָגט נישט קיין פונק פון ייִדישקייט, און כ׳בין אָפּגעזעסן פונעם דאָזיקן נפש. „זאָל דיר אַ רוח אין דיין פאָטערס זון אַריין, ביוראָקראַט איינער! — האָב איך צו זיך געמורמלט — דיר אויף צעפּיקעניש ווועל איך יאָ אַריין צו עלקען״.

פול מיט קוראַזש האָב איך זיך אומגעקערט צום טויער נאָך צוויי אַ זייגער, אָבער דאָס מאָל האָב איך אויסגעמיטן דעם פריִערדיקן טעות.

— רעפּאָרטער פון „מעריב״ — האָב איך צוגעוואָרפן דעם נייעם וועכטער — אין שייכות מיטן דאָקטוירים־סטרייק.

— איין מינוט! — האָט דער וועכטער געענטפערט — אָט רוף איך דעם דאָקטער קאָהוטעק.

ד״ר קאָהוטעק איז געווען דער דיזשורנע דאָקטער, וואָס האָט זיך מתעסק געווען מיט די ענינים פונעם שפּיטאָל במשך פונעם סטרייק. ער האָט מיך פיין אויפגענומען און געזאָגט, אַז ס׳וועט פאַר אים זיין אַ גרויסער כבוד מיך אַרומצופירן איבער די פּאַלאַטעס. איך האָב זיך אָנגערופן: „ניין, טייערער ד״ר קאָהוטעק! ד אָ ס בשום אופן נישט. איך וויל אַרומשפּאַצירן אָן אַ באַגלייטער, מחמת דער מאָדערנער אופן פון רעפּאָרטאַזש פאַרלאַנגט פרייע איינדרוקן, אָן שום פרעמדער השפעה״.

— ניין! — האָט ד״ר קאָהוטעק זיך פאַרעקשנט און פאַרפלאָכטן דעם אָרעם זיינעם אין מיינעם — איר דאַרפט קריגן די אינפאָרמאַציע פונעם ערשטן קוואַל. ווי איר זעט אַליין, הערשט אַ מוסטערדיקע אָרדענונג אין דער אינסטיטוציע, די דיזשורנע דאָקטוירים און שוועסטער טוען די איבערגעגעבענע אַרבעט אָן איבער־רייס, נישט געקוקט אויף די באַדינגונגען, מיט וועלכע אַ קולטורעל פאָלק וואָלט זיך געשעמט.

— זייער אינטערעסאַנט! — האָב איך מסכים געווען, בעת די הענט מיינע האָבן באַטאַפּט אין דער קעשענע די קעז־סענדוויטשן — אָבער אפשר וואָלט פאַרט גלייכער געווען, איך זאָל אייך נישט ווייטער מטריח זיין, ד״ר קאָהוטעק?

דער דאָקטער, אַ ייִד אַן עקשן, האָט מיך אַרומגעשלעפּט אין די פּאַלאַטעס, און בשעת מעשׂה האָט ער מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז די פרייע פרעסע פילט אויס אַ וויכטיקע ראָל ביים געשטאַלטיקן די עפנטלעכע מיינונג לטובת דער צוקונפט פון אונדזער פאָלק. „און וואָס ווייטער״? — האָב איך געטראַכט, אַרויסגעצויגן דאָס נאָטיצביכל פון קעשענע און דריי מאָל פאַרצייכנט „ע, בע, ציגעלע מע״ און איין מאָל „איגעלע, מיגעלע, כאַפּ אַ פליגעלע״. דרך אגב, אין די פּאַלאַטעס האָט טאַקע געהערשט אַ מוסטערדיקע אָרדענונג, אַלא וואָס — ס׳האָט געשווויבלט מיט געסט, און לעבן יעדן בעטל זענען געשטאַנען צי געזעסן עטלעכע ייִדישע משפּחות.

— בעצם, איז היינט נישט דערלויבט צו באַזוכן קראַנקע — האָט ד״ר קאָהוטעק זיך ווי פאַרענטפערט — און איך האָב באמת נישט קיין אַנונג, ווי אַזוי ז י י קריגן זיך פאַרט אַריין.

— ס׳מאַכט נישט אויס, דאָקטער! — האָב איך אים איינגעשטילט, און מיר האָבן זאַלבעצווייט ווייטער געשפּרייזט, ביז וואַנען אין איינער אַ פּאַלאַטע האָט אַן אַל־טיטשקע זיך אָנגעשפּאַרט אויף די עלנבויגנס, אויפגעזעצט אין בעט און זיך צו אונדז

געוועגדט בזה הלשון:

— שלום, אפרים! האָסטו געבּרענגט די סענדוויטשן?

אַ פּריקרער מצב, ממש נישט צום אַריבּערטראָגן. ד״ר קאָהוטעק האָט אַ צאַפּל געטאָן און זיך פאַררויטלט.

— שלום, מומע עלקע! — האָב איך אויסגערופן — סאָראַ וווּנדערלעכע איבּער־ראַשונג!

— וואָס רעדסטו? צי האָב איך דען נישט געקלינגען צו אייך? אַנו, דערלאַנג מיר שוין דעם קעז!

איך האָב דער מומען דערלאַנגט דאָס פּעקל און געפּרווּווט דערקלערן דעם דאָק־טער, אַז אין דער קעשענע ביי מיר געפינט זיך תמיד אַ ביסל קעז, מען זאָל עס נישט באַדאַרפן. דער דאָקטער האָט אָבער געמורמלט מיט ביטערניש, אַז אַלע פּירן מיר זיך אויף ווי קינדער. (אַ שטות! דווקא קינדער קומען דאָך נישט מבקר חולה זיין!). דאַן האָט ער מיך געלאָזט אויף הפקר מיט דער מומען. עלקע האָט שנעל איינגע־שלונגען די סענדוויטשן און מיך געבעטן, אַז איך זאָל מאָרגן ווידער קומען, אין איינעם מיט די מחותנים (זי מיינט מיט מיצי און מיט בערנאַרד), און אַז איך זאָל איר ברענגען מענטע־צוקערקעס. איך האָב איר געענטפערט, אַז וויזיטן זענען פאַרווערט, און זי האָט עס אָפּגעלייקנט: „ס׳הייבט זיך נישט אָן!״ דערמיט האָט זיך דער שמועס אונדזערער פאַרענדיקט.

אין דער היים האָבן מיר זיך אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט. מיצי האָט גענייט ווייסע יאַרמולקעס און אויף זיי אויסגעהאָפטן מיט גרינעם פאָדעם „רויטער מגן־דוד״, מיין ווייב חוה האָט געבאַרגט ווייסע כאַלאַטן ביים פריזיער פונעם הויז נומער 8, בעת מיר מאַנצבילן האָבן אויסגעמייסטרעוועט פון בעזעם־שטעקנס אַ טראָגבעטל. ביז נאָענט צום טויער זענען מיר געפאָרן מיט אַ טאַקסי, און דאָרט האָבן מיר זיך איבערגעטאָן. חוה איז געגאַנגען פאָרויס אויף אויסשפּיר און צו וויסן געגעבן, אַז דער שמייכלדיקער ועכטער פאַרשפאַרט ווידער דעם אַריינגאַנג. איך האָב זיך געלייגט אויפן טראָגבעטל און מען האָט מיך צוגעדעקט מיט אַ ליילעך. מיצי און בערנאַרד האָבן מיך געטראָגן מיט אימפעט, און די קראַנקן־שוועסטער חוה האָט געשפּרייזט לעבן דעם טראָגבעטל, און מיר באַנעצט פון צייט צו צייט מיט אַ פייכט נאָזטיכל די פאַרשמאַכטע ליפּן.

דער דעסאַנט איז געראָטן וואָס בעסער קאָן שוין נישט זיין. דער טויער־וועכטער, דער אידיאָט, האָט זיך געלאָזט אונטערפירן און פאַר אונדז ברייט אויפגעפּראַלט דעם טויער. מיר זענען זאַלבעפערט בשלום אַריין אין בנין, פאַרזיכטיק זיך געשלייכט פאַזע די פּאַלאַטעס, ביז וואַנען מיר האָבן אין אַ גוטער שעה דערגרייכט די פאַלאַטע נומער 14. ערשט איך דערפיל, ווי עמעצער הייבט אויף דאָס ליילעך.

— איר האָט זיך שוין ווידער געיאַוועט? — האָט ד״ר קאָהוטעק זיך געבייזערט

— וואָס טוט זיך דאָ?

— ניין, דאָקטער! — האָב איך געשעפּטשעט — אַצינד איז סכנת נפשות. איך האַלט ביים אויסגיין.

— וואָס איז?

— אַ שלאַנג האָט מיך געביסן.

פונעם דאָקטערס מויל האָט זיך אַרויסגעריסן אַ דערשראָקענער „אוי!" און ער האָט מיך אַריינגעטראָגן אויף די אָרעמס אין זיין קאַבינעט. איך האָב נאָך באַוויזן אַריינצושטעקן אין בערנאַרדס הענט דאָס בייטעלע מיט מענטע־צוקערקעס און אים איינצורוימען: אַנטשולדיק מיך ביי דער מומע עלקע!

דאָס הויזגעזינד מיינס איז נעלם געוואָרן אין דער פּאַלאַטע נומער 14, בעת איך בין אַריינגעפאַלן אין ד"ר קאָהוטעקס לאַפּעס. דער דאָקטער האָט אין איילעניש צוגעגרייט אַ ריזיקע איינשפּריץ־נאָדל און מיר אָנגעזאָגט, אַז באַלד וועט ער מיר אַריינשפּריצן אין די אָדערן אַ פּאָרציע שלאַנגענגיפט, וואָרעם בלויז איין טויטגיפט איז מסוגל צו ממיתן אַ צווייטן טויטגיפט. מיט אַ מאָל האָב איך אָנגעוווירן דעם חשק צו זען די מומע עלקע. וואָס בין איך עס מחויב זיך צו פּאַרסמען? ווייל איר האָט זיך פאַרגלוסט מענטע־צוקערקעס? איך האָב זיך אַראָפּגעגליטשט פונעם בעטל, אַרויסגעריסן זיך אין דרויסן און אַרויפגעכאַפּט זיך אויף איינער פון די עלעקטרישע וואַגאָנעטקעס, וואָס קורסירן צווישן די פּאַלאַטעס.

— פּאָר! — האָב איך אַ געשריי געטאָן צום טרייבער — פּאָר וווהין די אויגן טראָגן דיך!

נאָך אַ ווײַלע בין איך אַראָפּגעשפּרונגען פון דער וואַגאָנעטקע און כ'האָב אַרויס־געכוואַליעט פון יענער זייט טויער אין איינעם מיטן געדיכטן המון געסט. ערשט אָוונטצייט איז די משפּחה מיינע אַהיימגעקומען אַ פאַרמוטשעטע און אַן אויסגעהאָ־רעוועטע. די מומע עלקע פילט זיך גוט, איז אַ קאַפּעלע ברוגז אויף מיר, למאי איך בין צו איר נישט אַריינגעקומען, און בעט, אַז איך זאָל איר מאָרגן פאַר דער אָפּעראַציע ברענגען שווייצאַרישע זשורנאַלן.

מיצי האָט אַרויסגעבראַכט אַ געדאַנק, אַז מיר זאָלן גראָבן אַ טונעל אונטערן אַריינגאַנג־טויער צום שפּיטאָל, גראָד ווי מיסטער מערידאָר טוט עס אינעם ראָמאַן „לאַנג איז דער וועג צו פרייהייט". ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דאָס דאָזיקע שטיקל אַרבעט מוז נעמען אַ קימאַ־לן פון דריי מעת־לעת, און ווי קאָן מען לאָזן אַזוי לאַנג די מומע עלקע אָן געסט? סוף־כל־סוף האָבן מיר באַשלאָסן, אויסצופירן אַ קאָמאַנדאָ־איבערפאַל. איך האָב אָנגעטאָן דעם פריזיערס כאַלאַט פאַרדרייט, מיט די קנעפּ אויף דער פּלייצע, אַרויפגעזעצט זיך ברילן אויף דער שפּיץ נאָז, און אַ ניי ווייס מיצל האָב איך דערטאַפּט אין אַ צוקער־בעקעריי. ווי נאָר איך בין אַרויס פון דער טאַקסי, האָב איך דערזען דעם שמייכלדיקן, וואָס האָט געלויערט לעבן טויער. כהרף־עין האָב איך אַרומגעבונדן דאָס פּנים מיינס מיט אַ ווייס נאָזטיכל און בין אַריינגעדרונגען אין דער פעסטונג מיט פעסטע טריט, ווי אַ געבוירענער יעקע. דער וועכטער האָט הכנעהדיק סאַלוטירט, און איך האָב געפּאָנפּעט „יאַוואָל!", יאָגנדיק זיך פּאַזע די פּאַלאַטעס 11 און 12, עלעהיי איך קום אויף אַן אומגעריכטער אינ־ספּעקציע. דערגרייכנדיק די פּאַלאַטע 13 פּיל איך, ווי אַ מאַנצבילישע האַנט כאַפּט מיך אָן פאַרן אָרעם:

— סוף־כל־סוף זענט איר דאָ, פּראָפעסאָר! קומט און וואַשט גיך די הענט, אַלץ איז שוין גרייט.

— איך באַדויער, דאָקטער קאָהוטעק — האָב איך געלאָזט הערן מיט אַ פּאָר־שטעלטן קול פון אונטער דעם נאָזטיכל — ס׳איז דאָך אַ סטרייק? יאָ צי ניין?

— ביי אַ האַרבן פאַל איז נישט גילטיק קיין סטרייק! — מאַכט דער דאָקטער און שלעפּט מיך אַריין אין אָפּעראַציע־זאַל. תיכף האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו מיר די שוועסטער, מיר אָפּגעוואַשן און אָפּגעריבן די הענט און מיך אַוועקגעשטעלט אונטער די נעאָן־לאָמפּן. און אָט שטופּט מען אַריין דאָס וועגעלע מיט דער קאַנדי־דאַטקע. איך כאַפּ אַ קוק אויף איר. די קראַנקע עפּנט די אויגן און זאָגט:

— שלום, אפרים! האָסטו מיר געבראַכט די שווייצאַרישע צייטונגען?

— זי רעדט פונעם נאַרקאָז — רופט זיך אָן ד״ר קאָהוטעק — הגם איך האָב בפירוש באַפוילן, אַז מען זאָל זי וואָס פריִער איינשלעפערן.

לאָמיך נישט זאָגן קיין ליגן — כ׳האָב זיך נישט געשפּירט אַזוי פויגלדיק. ווי לאַנג איך לעב האָב איך נישט אָפּערירט קיין מיקוניס ביי אַ מומע. די שוועסטער האָבן מיך כסדר דערקוטשעט. צי דאַרף איך אַ קליינעם סקאַלפּל צי אַ גרויסן, אָבער איך האָב זיך געווענדט צו ד״ר קאָהוטעק און אים מכבד געווען מיט דער אָפּעראַציע. דעם דאָקטער האָבן אַזש זיך געביטן די קאָלירן פאַר שׂמחה, מחמת צום ערשטן מאָל האָט ער דערלעבט, אַז אַ פּראָפעסאָר זאָל אים צושאַנצן אַ גאַנצע אָפּעראַציע. ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן מיט אימפּעט שאַטקעווען דער מומעס דיך. מיך האָט געכאַפּט אַ קאָפּשווינדל. אַזוינע קונצן קאָן איך אַפילו ביי געשאָכטענע עופות נישט צוקוקן, כאָטש איך האָב דווקא יאָ הנאה פון די פולקעס זייערע מיט זויערע אוגערקעס.

— אַנטשולדיקט! — האָב איך געקרעכצט און בין אַרויס אויף פרישער לופט. אין דרויסן האָב איך אַראָפּגעריסן דאָס נאָזטיכל און טיף אָפּגעאָטעמט. דער וועכטער מיטן שמייכעלע דערנענטערט זיך צו מיר, קלאַפּט מיר גוטברודעריש אויף דער פּלייצע און טוט אַ זאָג:

— נו, אַצינד זעט איר, אַז מען קאָן מבקר־חולה זיין אין די דערלויבטע וויזיט־שעהען!

דאָס הייסט, כ׳האָב געהאַט לגמרי פאַרגעסן, אַז ס׳איז גראָד זונטיק, צווישן 2.45 און 3.30 נאָך מיטאָג, הגם כ׳האָב זיך געמעגט, בעצם, אַליין אָנשטויסן, מחמת מען האָט נישט געזען כמעט קיין ביקור־חולימניקעס אין גאַנצן שפּיטאָל.

איך האָב שוין נישט געוואַרט אויפן סוף פון מ י י ן אָפּעראַציע און בין אַוועק אַהיים. מאָרגן האָב איך בדעה צו קומען דורך די קאַנאַליזאַציע־רערן.



# ציגן, קלעזמאָרים און אַמעריקע

**א** טאָג איז דעמאָלט געווען גראָד ווי די איבעריקע טעג פונעם לויפנדיקן יאָר. דער דרויסן איז טיילווייז פאַרוואָלקנט ביז שיין, דער מיטלענדישער ים כוואַליעט זיך געלאַסן, אַלץ פירט זיך לויטן איינגעשטעלטן סדר. און אָט, פון דער העלער הויט, פאַרהאַלט זיך, אַרום מיטאָגצייט, לעבן אונדזער דירה אַ לאַסטאויטאָ, און פון דעם שאָפערס קאַבינע קריכט אַרויס מאָריס, אַ פעטער פון מיין ווייבס צד:

— כ'האָב זיך דערוווּסט, אַז איר האָט זיך אַריבערגעקליבן אין אַ נייער דירה, האָב איך געבראַכט אַ מתנה — אַן איילבילד.

ביי די ווערטער האָט דער פעטער געטאָן אַ ווונק צו צוויי ברייטפּלייציקע טרעגערס, זיי זאָלן אַריינטראָגן צו אונדז דאָס געשאַנק. דער אַלטיטשקער מאָריס שטעלט מיט זיך פאָר דאָס שיינדל פון מיין פּרויס משפּחה, ער שמט פאַר אַ גביר און פאַר אַן איינגייער אין די הויכע פענצטער. אמת, ער האָט זיך אַ שפּאָר ביסל פאַרשפּעטיקט מיטן פּרעזענט, אָבער שוין דער וויזיט זיינער גופא האָט אונדז אָנגעטאָן גרויס כבוד.

דאָס בילד האָט זיך צעשפּרייט אויף אַ קימאַ־לן פון אַ פיר קוואַדראַט־מעטער, איז געווען אַרומגענומען מיט אַן אָפּגעגילטן ראַם לויטן גאָטיש־באַראָקישן סטיל און האָט אָפּגעשפּיגלט דעם יידישן לעבנסשטייגער. אויף רעכטס האָט זיך געזען אַ יידיש שטעטל, עררגעץ ווו אין גלות צי אין אַ וויסטן חלום, איינגעטונקען אין אַ שעמערירנ־דיקן אַרום, מיט אַן אַ שיעור וואַסער, הימל און וואָלקנס; אויבן די זון — אין נאַ־טירלעכער גרייס; אונטן — ציגן און קי (2 אויף 2 מעטער); אויפן שליאַך שפּרייזט אַ רבי מיט צוויי ספר־תורהס אויף די אָרעמס, באַגלייט פון ישיבה־בחורים, אַ כאָפּטע עילויים און אַ דערוואַקסן בחורל וואָס גרייט זיך צו בר־מצווה; און פאַר אַ צולאָג — אַ ווינטמיל, קלעזמאָרים, לבנה, אַ חתונה, און ווייבער וואָס שווענקען וועש אין אַ טייך. אויף לינקס האָט געכוואַליעט דער ים, באַצירט מיט אַ פישערנעץ און מיט אַ זעגלשיף; אויפן פּאָן — פייגל און אַמעריקע. זינט מיר לעבן, האָבן מיר נאָך אַזאַ קאָנצענטרירטן גרויל נישט באַגעגנט. דאָס אַלץ איז געווען קוואַדראַטנע, אין אַ ניי־פּרימיטיוון סטיל, און מיט גרילצנדיקע קאָלירן, אַזש אויף טויב צו ווערן.

— פּלאַי־פּלאַים! — האָבן מיר אַ זאָג געטאָן מאָריסן מיט התפּעלות — אָבער איר האָט באמת שוין אַריבערגעכאַפּט די מאָס.

— נאַרישקייטן! — מאַכט מאָריס — איך בין שוין נישט קיין יונגערמאַן און וועל מסתמא נישט באַווייזן מיטצונעמען אַ ה י ן די גאַנצע קאָלעקציע מיינע.

ווי נאָר דער פעטער מאָריס האָט זיך אָפּגעטראָגן האָבן מיר זיך אַוועקגעזעצט אין צווייען קעגן דעם אומגעלומפּערטן קונסט־פּגר און ס'איז אונדז באַפאַלן די

מרה־שחורה פון דער יידישער טראַגעדיע, עלעהיי די גאַנצע דירה וואָלט פּלוצעם גענומען שווינבלען מיט ציגן, וואָלקנס און קליינינקע ישיבה־בחורימלעך. מיר האָבן געפּרוּווט אויסגעפינען דעם בעל־עברהניקס נאָמען ביים דנאָ פונעם געמעל, אָבער די צניעותדיקע חתימה איז שוין געווען אָפּגעריבן. איך האָב אַרויסגעזאָגט אַ געדאַנק, מען זאָל דעם קוואַדראַטנע גרויל פאַרברענען אָן שום שהיות, אָבער מיין קליינע פרוי האָט אָנגעטייט אויף דער זעלטענער פּילעוודיקייט פון די אַלטע קרובים און געזאָגט: „מאָריס וועט אונדז קיין מאָל נישט מוחל זיין אַזאַ בזיון". פון דעסטוועגן האָבן מיר זאַלבעצווייט מסכים געווען, אַז קיין מענטשלעך אויג טאָר נישט דערבליקן דאָס געמעל, און דעריבער האָב איך עס אַרויסגעשלעפּט אויפן באַלקאָן און אַוועקגעשטעלט מיט דער אָנגעשמירטער זייט צו דער וואַנט...

✶

נאָך אַ שפּאָר ביסל צייט האָבן מיר די גאַנצע מעשׂה פאַרגעסן, ווי ס'איז שוין די טבע ביי מענטשן. אין דער אמתן איז דאָס בילד נישט געווען אַזוי שרעקלעך אויף דער לינקער זייט. מיר האָבן זיך פאַמעלעך צוגעוווינט צו דעם גלאַנציק נאַקעטן רוקן פון ריזיקן לייוונט אויפן באַלקאָן. חוץ דעם האָט די קריכנדיקע פלאַנץ אינסטינקטיוו אָנגעהויבן צו פאַרדעקן דאָס בילד. פון דעסטוועגן פלעג די קליינע פון צייט צו צייט זיך ביי נאַכט אויפזעצן אין בעט און מיר איינרוימען:

— און טאָמער וועט מאָריס ווען עס איז אַריינפאַלן צו אונדז אויף אַ וויזיט?

— ער וועט נישט אַריינפאַלן — פלעג איך ענטפערן אין האַלבשלאָף — וואָס פּלוצעם זאָל ער עס אַריינפאַלן?

✶

ער איז י'אָ אַריינגעפאַלן!

די דאָזיקע מיטאָגצייט וועט אונדז בלייבן איינגעקריצט אין זכרון אויף אַלע אייביקייטן. ווי נאָר מיר זענען פאַרטיק געוואָרן מיטן מאָלצייט צעקלינגט זיך דאָס גלעקל ביי דער טיר. איך בין אַרויס אין קאָרידאָר און האָב געעפנט. מאָריס איז אַריינגעקומען. דאָס געמעל האָט געדרעמלט אויפן באַלקאָן, מיטן פּנים צו דער וואַנט. די פרוי זיצט אינעווייניק און עסט פּודינג, און מאָריס איז דאָ.

— וואָס מאַכט איר עפּעס גוטס? — פרעגט לייטזעליק מיין ווייבס פעטער און שפּרייזט ווייטער אויף גאַטס באַראַט. אין אַ געוויסן מאָמענט — מען דאַרף אויך מיך פאַרשטיין — האָט זיך מיר שטאַרק געגלוסט צו מאַכן אַ ויברח דורך דער אויפגעפּראַלטער טיר און נעלם צו ווערן אין געדיכטן נעפּל. גראַד אין יענער רגע באַווייזט זיך מיין פרוי בלייך פּנים אין דער טיר פון צימער און זי גיט אַ זאָג:

— זייט מיר מוחל, איך מוז אַ ביסעלע אויפרוימען. איר ביידע כאַפּט דערווייל אַ שמועס...

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן קאָרידאָר און געכאַפּט אַ שמועס. פון אינעווייניק האָבן זיך געהערט שווערע טריט. דערנאָך האָט די פרוי אַדורכגעשוועבט אין קאָרידאָר, שלעפּנדיק דעם לייטער פונעם באָדצימער (קיין מאָל וועל איך דעם

בליק אירן נישט פאַרגעסן...). עס זענען אַוועק געציילטע מינוטן, און אָט רייסט זיך אַרויס פון אינעווייניק אַ גרוילעכער טראַך, עלעהיי די סטעליע וואָלט איינגעפאַלן (2 מאָל 2!) דאַן גרייכט אַ דין שטימעלע פונעם שלאַכטפעלד:

— ביטע, מען קאָן שוין אַריינקומען!

מיר זענען אַריינגעקומען. די פרוי איז געלעגן אויפן דיוואַן ווי אַ דערהרגעטע. דעם פעטערס מתנה האָט געהאָנגען אין דער הייך אויף עפּעס אַ גאַרניש. דאָס בילד האָט צוגעדעקט אַ האַלב פענצטער, פון דעסטוועגן האָט עס אויסגעזען שטאַרק פּלאַסטיש, וואָרעם דערונטער זענען נאָך געבליבן צוויי קליינע בילדער און אַ קוקאַווקע־זייגער, וואָס האָט אַרויסגעשטאַרצט דורך דער לייוונט איבער די בערג. דאָס געמעל האָט זיך נאָך אַ קאָפּעלע געהוידעט.

*

דער פעטער איז געווען אָנגענעם איבערראַשט דערפון, וואָס מען פאַרנעמט זיך אַזוי אויפמערקזאַם מיט דעם געשאַנק זיינעם. הגם ער האָט אַ זאָג געטאָן, אַז דער פּלאַץ איז צו טונקל. מיר האָבן אים געבעטן, אַז להבא זאָל ער אונדז קודם מודיע זיין איידער ער קומט, מחמת מיר ווילן פאַר אים צוגרייטן אַ פּאַסיקן קבלת־פּנים.

— נאַרישקייטן! — האָט מאָריס דערווידערט — וואָס דאַרף מען עס שוין צוגרייטן פאַר אַזאַ יונגערמאַנטשיק ווי איך בין! אַ גלעזל טיי און אַ קיכל...

*

זינט דעם דאָזיקן געשעעניש האָבן מיר געלעבט אין כסדרדיקער וואַכזאַמקייט. פון צייט צו צייט האָבן מיר אָפּגעהאַלטן פּרווו־אַלאַרמען. מיר ליגן אין בעט, און פּלוצעם צעשרייט זיך די פרוי: „מ אָ ר י ס!". איך יאָג צום באַלקאָן, דאָס וויבל קערט אָפּ מיט אַ פּלעדערוויש די וואַנט... שלעפּט אַרויס די נויטלייטער פון אונטערן בעט... און היי־האָ, היי־האָפּ!... די דאָזיקע מעשים אונדזערע האָבן מיר אָנגערופן „המן־אַקציע" (צוליב דער תליה...). נאָך צוויי וואָכן אויסמאַטערנדיקע אַלאַרמען האָבן מיר זיך דערשלאָגן צו נישקשהדיקע רעזולטאַטן. דאָס אויפהענגען פונעם פאַרזעעניש, אין איינעם מיטן פאַרווישן אַלע סימנים — דריטהאַלבן מינוט! אַ גאַר וואַזשנע ספּאָרטלער־קינסטלערישער דערגרייך!

*

וואָס זשע איז שוין דער חידוש, אַז מיר האָבן לייכט אָפּגעאָטעמט אין יענעם שלימזלדיקן שבת, בעת מאָריס האָט געקלונגען ביי דער טיר. מיין פרויס פעטער האָט באַצייטנס צו וויסן געגעבן, אַז ער וויל קומען צו גאַסט נאָך מיטאָג, אויב ס'איז אונדז ניחא. ס'האָט אונדז נישט געפעלט קיין צייט אַלץ געלאַסן צוצוגרייטן און מיר האָבן דאָס מאָל איינגעאָרדנט ממש אַ פאַרשטעלונג. איך האָב גענומען צוויי שטיי־לאָמפּן, זיי באַצירט אַרום און אַרום מיט רויטע, גרינע און געלע סטענגעס, ווי אין טעאַטער, און זיי אַוועקגעשטעלט ביי ביידע זייטן פונעם געמעל, כדי דער פעטער זאָל מיט די אייגענע אויגן זען דעם כבוד, וואָס מיר טיילן צו דער מתנה זיינער.

אויב שוין חזיר, זאָל רינען איבערן מויל. די פרוי האָט צעשפּרייט שמעקעדיקע בלומען אַרום דער אָפּגעגילטער ראָם. זאַלבעצווייט האָבן מיר געשעפּט נחת פונעם בילד: אַזאַ חלשותדיקע מיאוסקייט האָבן מיר קיין מאָל נישט באַגעגנט.

אַרום זעקס קלינגט דאָס גלעקל. די פרוי האָט האָפערדיק אַרויסגעטענצלט מקבל פּנים זיין דעם פעטער. מיט אַ קונדסישן שמייכל אויף די ליפּן האָב איך נאָך אויף דער גיך צוגעלייגט דאָס לעצטע קנייטל צו דער דעקאָראַציע: כ׳האָב אָנגע־שטעלט די פּראָזשעקטאָרן זיי זאָלן גלייך באַשטראַלן די ציגן און די וועשינס. און אָט עפנט זיך די טיר און עס שפּאַצירט אַריין ד״ר פּערלמוטער, דער גענעראַל־דירעקטאָר פונעם בילדונגס־מיניסטעריום, באַגלייט פון דער פרוי זיינער.

איך בין גראָד געשטאַנען אונטערן געמעל, וואָס איז געווען פאַרגאָסן מיט אַ ים פון ליכט. מיין פרוי, הינטער די חשובע געסט, איז ווי אין גאַנצן אויסגערונען געוואָרן, און בלויז אירע אויגן האָבן געבלאָנדזשעט אין חלל. ד״ר פּערלמוטער געהער צום קרייז פון אונדזערע מיוחסדיקע פריינד — אַ געבילדעטער מענטש מיט אַ פיינעם חוש פאַר עסטעטיק. זיין פרוי פירט אָן מיט אַ קונסט־גאַלעריע. ווי נאָר זיי האָבן אַריבערגעטראָטן דעם שוועל, זענען זיי ביידע פאַרציטערט געוואָרן, און אַ קורצע ווילע האָט זיך געדוכט, אַז אָט־אָט וועט ד״ר פּערלמוטער זיך איינברעכן. וואָס שייך מיר, האָב איך זיך געסטאַרעט אַזוי צו שטיין, אַז איך זאָל פאַרשטעלן די ציגן.

— סאַראַ אָנגענעמע איבערראַשונג! — האָט עמעצער געשעפּטשעט פונעם גאָרגל מיינעם — זיצט!

ד״ר פּערלמוטער האָט אויסגעווישט די ברילן און נישט באַוויזן אַרויסצולאָזן אַ וואָרט פונעם מויל. די בלומען! געוואַלט, נעכיי וואָלטן די בלומען כאָטש נישט געלעגן אַרום דעם ראָם!

— אַ שיינע דירה ביי אייך — האָט מאַדאַם פּערלמוטער געמורמלט — כלערליי... בילדער...

איך האָב בפירוש געשפּירט, ווי די ישיבה־בחורים האָפּקען חסידישע טענץ הינטער די פּלייצעס מיינע. אייניקע מינוטן זענען מיר געזעסן ווי אויף שפּילקעס. בעת די געסט האָבן נישט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג פונעם פּאַרזעניש. מיין ווייבל האָט, ווי אומגערן, אַרויסגעצויגן מיטן פיס דעם גאָפּל פונעם עלעקטרישן קאָנטאַקט, און די שטיי־לאָמפּן האָבן זיך אויסגעלאָשן. דאָך איז דאָס געמעל, פונעם רבינס אַקסל אַראָפּ, פאַרבליבן איינגעטונקען אין ליכט. ד״ר פּערלמוטער האָט געבעטן אַ גלאָז וואַסער, ווייל דער קאָפּ האַקט אים. מיין יידענע האָט זיך אומגעקערט פון דער קיך און מיר אונטערגערוקט בגנבה אַ צעטעלע: „אפרים, באַוויז דיין חכמה!”

— אַנטשולדיקט, וואָס מיר זענען אַריינגעפאַלן אומגעריכט — האָט מאַדאַם פּערלמוטער זיך סוף־כל־סוף אָנגערופן — מיין מאַן האָט געוואָלט רעדן מיט אייך דרינגלעך וועגן אַ לעקציע־טור קיין אַמעריקע.

— יאָ! — האָב איך אויסגערופן — ווען?

— נישט וויכטיק! — האָט זיך ד״ר פּערלמוטער אויפגעהויבן — עס ברענט שוין נישט, בעצם.

כ׳האָב איינגעזען, אַז איך מוז ווי עס איז קלאָר מאַכן דעם ענין, וואָרעם אַנדערש

בלייבן מיר לדור־דורות אויסגעוואָרצלטע פונעם קולטור־לעבן. מיין פּלוניתטע האָט זיך אָנגעגורט די לענדן:

— ס'איז ביי אייך מסתמא אַ חידוש, ווי אַזוי דאָס דאָזיקע געמעל איז צו אונדז מגולגל געוואָרן?

די געסט האָבן זיך אָפּגעשטעלט:

— נו, באמת, טאַקע ווי אַזוי?

דעמאָלט איז דער פּעטער מאָריס אָנגעקומען. מיר האָבן אים באַקאַנט געמאַכט מיט די געסט און תיכף דערשפּירט, אַז ער געפעלט זיי.

— איר האָט עפּעס געוואָלט זאָגן אין שייכות מיטן בילד — האָט ד"ר פּערל־מוטער דערמאָנט דאָס ווייבל מיינס.

— יאָ — האָט די קליינע געשעפּטשעט — אפרים, רעד!

מיין צעשרויפטער בליק האָט אַדורכגעשפּיזט די פּרוי, די דעזערטירקע, דאָס פאַרגליווערטע פּערלמוטערנע פּאָרפאָלק, די ישיבה־בחורימלעך אין שאָטן פון דער ווינטמיל, און דעם פּעטער מאָריס, וואָס האָט זיך געשמאָלצן אין נחת:

— אַ שיין בילד! — האָב איך געמורמלט מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן — לופט־טיקייט... אַן אויסדרוקפולע פּאַלעטע... אַ גוזמא מיט זון... אייל... אגב, מיר האָבן עס געקראָגן פונעם פּעטער.

— דער הער זאַמלט געמעלן? — האָט מאַדאַם פּערלמוטער אַ פרעג געטאָן.

— נישט אַזוינע! — האָט מאָריס געענטפערט, מיט אַ פאַרגעבערישן שמייכל — וואָס שייך מיך, האָב איך ליב מיניאַטורן, אלא מאַי — פּילט זיך נישט געטראָפן, קינדער, אויב איך רעד אָפענע דיבורים! — פון לכתחילה האָב איך געוווסט, אַז ביים היינטיקן יונגוואַרג מיטן קאַליע געשמאַק וועט זיין מער אָנגעלייגט אַזאַ גרויסער קיטש...

— דווקא נישט געטראָפן! — האָב איך זיך אַריינגעמישט אין פּעטערס רייד און פאַר איין וועגס אַרויסגענומען אַ שער פונעם שופלאַד — מיר שאַצן אין אַ געוויסן מאָס אויך בילדער־מיניאַטורן.

צווישן יאָ און ניין האָב איך אַריינגעשטאָכן די שער אין די ברעגעס פונעם טייך און אַרויסגעשוירן דריי קי און אַ ביסל וואָלקנס. דערנאָך האָב איך אַרויסגע־שניטן די שיף מיט צוויי קלעזמאָרים ביי דער זייט.... אַ פרייד האָט מיך אַדורכגע־נומען, און אַ ווילדער יוגנט־כוח האָט זיך צעכוואַליעט אין מיינע איברים. מיט אַ הילכיקן געלעכטער האָב איך אַריינגעשטויסן די שאַרפע קלינגען אין דער פּישער־נעץ, און דער רבי איז אַרויסגעפאַלן. די ווינטמיל האָב איך צונויפגעפּאַרט מיט אַן עילוי, די ציגן זענען אַוועק צו דער בר־מצווה, די לבנה האָט זיך באַהאָפטן מיט דער וועש.

בעת כ'האָב פאַרענדיקט די אַרבעט, אַ פאַרשיכורטער פון קינסטלערישן ברען, זענען מיר שוין געווען אַליין אין דער דירה. דאָס ווייבל האָט אויסגעסדרט די ווערק מיינע, אַ ביסל אַ צעשראָקענע, אָבער קענטלעך מיט אַ גרינגער געמיט. במשך פון אַ פערטל שעה האָט זי צונויפגעקליבן אַ קיימא־לן פון 32 בילדער־מיניאַטורן.

מיר האָבן בדעה אין גיכן אויפצומאַכן אַ גאַלעריע.

# אַן אַדוואָקאַט קומט צו נוץ

אַנומלט, אין דער פרי, באַווייזט זיך אַ פּאָליציאַנט אויפן שוועל פון מיין דירה און דערלאַנגט מיר אַ פאַרבעטונג פון דער פּאָליציי אויף מאָרגן, 8 אַ זייגער אין דער פרי. די פלוניתטע מיינע האָט אַ קוק געטאָן אין צעטל און איז פאַרציטערט געוואָרן. נישט, חלילה, מחמת ס׳איז געווען אַ סיבה, זיך צו דערשרעקן — נאַריש־קייטן! — אָבער פון דעסטוועגן...

— וואָס עפּעס רופט מען דיך אַרויס שוין אויף מאָרגן? — פרעגט די קליינע

— און וואָס עפּעס אַזוי פרי? ביסט אפשר אַ שטיקל מחותן מיט דער פּאָליציי?

— איך? — האָב איך זיך געחידושט — וואָס פּלוצעם?

— אפרים!

— נו, בנאמנות, כ׳ווייס נישט, וואָס זיי ווילן פון מיר.

די קליינע האָט מיך גוט אָנגעקוקט און אַ פרעג געטאָן, צי האָט עס נישט קיין שייכות מיט י ע נ ע ם ענין. איך האָב דערווידערט, אַז דערפון קאָן קיין רייד נישט זיין.

— פון דעסטוועגן — האָט די פרוי געפסקנט — וועסטו נישט גיין אַהין איינער אַליין. וועסט נעמען אַן אַדוואָקאַט.

— צו וואָס?

— כ׳ווייס נישט צו וואָס. איך וויל, אַז עמעצער זאָל שטיין לעבן דיר, כדי דו זאָלסט זיך נישט פאַרפּלאָפּלען.

אירע רייד האָבן מיך אַ ביסל צערודערט. נאָך מיטאָג האָב איך זיך געזעגן מיטן אַדוואָקאַט שי־שיינבערגער, וואָס שמט פאַר איינעם פון די סאַמע בעסטע אַדוואָקאַטן און פון די חריפותדיקע קעפּלעך אין דער מדינה. שי־שיינבערגער האָט מיט ישוב־הדעת אויסגעהערט די גאַנצע מעשׂה, זיך טיף פאַרטראַכט און דאַן מיר מודיע געווען, אַז ער איז גרייט אָנצונעמען די פאַרטיידיקונג. אַ שטיין איז מיר אַראָפּ פונעם האַרצן. איך האָב געחתמעט אַ נאָטאַרישע פולמאַכט גילטיק פון דער דאָזיקער רגע.

צו מאָרגנס גאַנץ פרי האָב איך זיך געזעגנט פון מיין פרוי מיט אַ באַהערשטער צערודערטקייט און זיך געלאָזט אין וועג אַריין צו דער פּאָליציי־סטאַנציע, באַגלייט פונעם פאַרטיידיקער. דאָרטן האָבן מיר געטראָפן דעם דיזשורנעם פּאָליציאַנט, אַ יונגער מאַן אַ שווער־באַוואָנסטער. ווי נאָר דער אַדוואָקאַט שי־שיינבערגער האָט אים דערלאַנגט די פאַרבעטונג, האָט דער פּאָליציאַנט אויסגעשטרעקט די האַנט צום שופלאָד און פון דאָרט אַרויסגעצויגן אַ טעקע, וואָס כ׳האָב זי געהאַט פאַרלוירן מיט אייניקע חדשים צוריק.

— מיר האָבן געפונען די טעקע אייערע, אַדוני — מאַכט דער פּאָליציאַנט מיט

אַן איידעלן שמייכל — נעמט זי אַהיים!

איך האָב זיך דערפרייט, מחמת די טעקע האָט געהאַט פאַר מיר אויך אַן עמאָציאָנעלן באַטייט — מיין שוואָגערס אַ מתנה.

— אַ האַרציקן דאַנק! — האָב איך געזאָגט צום פּאַליציאַנט — באמת שיין וואָס שענער קאָן ניט זיין.

איך האָב גענומען די טעקע און זיך געקליבן זי אַהיימצוטראָגן אין בעסטן געמיט. גראָד אין יענער רגע האָט זיך מיין אַדוואָקאַט אַריינגעמישט:

— זייער שיין — רופט ער זיך אָן — אָבער צי מעג איך פרעגן, פון וואַנען ווייסט עס דער חשובער דיזשורנע פּאַליציאַנט, אַז די דאָזיקע טעקע געהער טאַקע דעם קליענט מיינעם?

— סאַראַ שאלה! — שמייכלט דער פּאַליציאַנט — אָט איז דאָך אויף איר אָנגעשריבן ביי דער זייט מיט ראשי־תבות: **א.ק.!**

— אדוני דיזשורנע פּאַליציאַנט! — דערווידערט שי־שיינבערגער שוין אויף אַ העכער קול — מיטן גאַנצן כבוד צום אָפּשאַץ אייערן, אָבער לויט דעם סימן קאָן דאָך די טעקע געהערן צו אורי קיסרי!...

— ניין, ס'איז טאַקע מיין טעקע! — האָב איך איינגעשטילט דעם אַדוואָקאַט — איך האָב זי תיכף דערקענט אויפן סמך פונעם יאָגורט־פלעק אויף דער צווייטער זייט.

— זייט מוחל און מישט זיך נישט אַריין בשעת דער דאָזיקער פּאַזע! — ווענד זיך צו מיר שי־שיינבערגער, איידל אָבער ענערגיש — אַדוני דיזשורנע פּאַליציאַנט, איך פאַרלאַנג, אַז איר זאָלט אָנשרייבן אַ פּראָטאָקאָל.

— וואָס פּלוצעם אַ פּראָטאָקאָל? נעמט די טעקע און גייט געזונטערהייט!

— נו, טאַקע באמת — האָב איך צוגעגעבן — וואָס איז פאַראַן דאָ צו דערגיין?

מיין פאַרטיידיקער האָט זיך אָפּגערוקט אַ טראָט, אַ קוק געטאָן דורכן פענצטער, זיך אויסגעדרייט און געציילט די ווערטער מיט טיפן ערנסט:

— אָט וועל איך אייך זאָגן, וואָס ס'איז נאָך פאַראַן צו דערגיין. אפשר דאַרף מען גאָר געווויר ווערן, וואָס עס ליגט אינעווייניק אין דער טעקע?

שאַ־שטיל. דאָס איז מיר טאַקע נישט איינגעפאַלן. דערצו פּאַדערט זיך די דערפאַרונג פון אַן אַדוואָקאַט.

— מילא — האָט דער פּאַליציאַנט געברומט און געוואָלט עפענען די טעקע — אין וואָס גייט עס בעצם?

— ניין! — האָט דעם אַדוואָקאַטס קול געסווישטשעט ווי אַ בייטש — איך בין דערקעגן! איך פאַרלאַנג, אַז אַ מלוכישער עדות זאָל זיין בשעת מען עפנט דעם קעגנשטאַנד.

דער פּאַליציאַנט האָט זיך נערוועז געדרייט די וואָנסעס, איז אַרויס פונעם ביוראָ און באַלד צוריקגעקומען אין איינעם מיטן סערזשאַנט זיינעם. דאָס פּנים איז בייביידע געווען צעפּלאָמט.

— אַדוני — ווענדט זיך צו מיר מיין אַדוואָקאַט — אַצינד זייט מוחל און גיט אָפּ אַ דעקלאַראַציע בנוגע די זאַכן וואָס געפינען זיך, לויט אייער מיינונג, אינעווייניק אין דער טעקע!

— ביטע — האָב איך געענטפערט — אָבער איך געדענק נישט.

— נו, איז דאָך נישט פאַראַן איבער וואָס זיך צו אַמפּערן — רופט זיך אָן דער סערזשאַנט און נעמט זיך עפּענען דעם קעגנשטאַנד, אָבער דער פאַרטיידיקער טוט זיך אַ לאָז צו אים און האַלט אים אָפּ בגעוואַלט:

— אמת, מיין קליִענט זאָגט טאַקע, אַז ער דערמאָנט זיך נישט אַקוראַט, וואָס עס ליגט אינעווייניק אין דער טעקע — טענהט ער — אָבער דאָס הייסט נאָך נישט קיין הסכמה מצד דעם קליִענט, אַז בעתן פאַרלירן די טעקע זענען נישט געלעגן אין איר קיין ווערטיקע זאַכן.

די פּאָליציאַנטן האָבן אויף אונדז געגלאָצט מיט פאַרפּלאָמטע פּנימער. דער אַדוואָקאַט שי־שיינבערגער האָט מיך אָוועקגעצויגן אויף אַ זייט:

— איר זאָלט קיין וואָרט נישט אַרויסרעדן, איידער איר וועט זיך נישט באַראַטן מיט מיר. לאָזט מ י ך מיט זיי רעדן!

ער אַליין האָט דיקטירט דעם פּראָטאָקאָל, אויף אַ טרוקענעם, אָבער אויס־געקעכנטן נוסח: „מיין קליִענט טענהט, אָן שום פאַרמינערונג פון זיינע דעקלאַרירטע רעכט בתורת דעם איינציקן אייגנטימער פון דער טעקע, אַז ער איז נישט אין שטאַנד, צוליב אַ נאַטירלעכער נישט־דערמאָנונג, צו געדענקען, אויב די טעקע וואָס איז געלעגן בשעתן חתמענען דעם דאָזיקן פּראָטאָקאָל אין דער פּאָליציי־סטאַנציע, וואָס דער פאַרטרעטער פון דער פּאָליציי טענהט, אַז ס'איז מיין קליִענטס טעקע, וואָס מען האָט זי געפונען מיט עטלעכע טעג צוריק...” — ווו האָט מען זי געפונען?

— וואָס איז די נפקא־מינה ווו? געפונען און גענוג! — האָט זיך דער סערזשאַנט געבייזערט — וואָס עפּעס פּלוצעם דער גאַנצער באַלאַגאַן?

לאָמיר מודה זיין, אַז אויך איך האָב דאָס אייגענע פון אָנהייב אָן געטראַכט, אָבער איך האָב נישט געוווסט דאָס מויל צו עפענען, טאָמער וועל איך, חלילה, עפּעס קאַליע מאַכן. איך האָב דאָך געטראָגן די אַחריות לגבי דעם פאַרטיידיקער מיינעם. איין און איינציק איבעריק וואָרט איז דאָך מסוגל צו פאַרקערעווען דעם אויספאָרש אין אַ נישט געוווּנטשענער ריכטונג. טאָ האָב איך ליבער געשוויגן. דער אַדוואָקאַט האָט זיך אָנגענומען מיין קריוודע אַנטקעגן דעם סערזשאַנט:

— אַדוני סערזשאַנט — האָט ער געקאָכט — איך פאַרלאַנג מיין אומבאַרירלעך רעכט פאַר יורידישער פאַרטיידיקונג פונעם קליִענט מיינעם אָן שום פּראָצעדוראַלע שטערונגען. זייט מוחל און דערגאַנצט דעם פּראָטאָקאָל:

— „...מיין קליִענטס טעקע האָט מען געפונען מיט אייניקע טעג צוריק אויף אַ פּלאַץ ערגעץ ווו, און דער קליִענט מיינער האַלט פאַר מעגלעך, אַז בעת ער האָט פאַרלוירן די דערמאָנטע טעקע זענען אינעווייניק אין איר געלעגן ווערטיקע זאַכן, פערזענלעכע קלייניקייטן וכדומה”...

— אַ רגע! — האָט אים דער סערזשאַנט איבערגעשלאָגן די רייד און גערופן אַן אָפיציר פונעם שכנותדיקן צימער. דער אָפיציר איז אַריינגעקומען מיט אַ גע־קנייטשטן שטערן, און נאָך איידער ער האָט באַוויזן אַרויסצוזאָגן אַ וואָרט, האָט זיך פאַר אים פאַרגעשטעלט דער אַדוואָקאַט שי־שיינבערגער און געפאָדערט אַ לייטישע באַהאַנדלונג פון אָ־דעם ענין. די אַטמאָספער איז געוואָרן אָנגעצויגן.

— אַדוני — האָט זיך צו מיר געוואָנדן דער פּאַרטיידיקער — ס׳איז מיין חוב אייך צו וואָרענען, אַז פון איצט אָן איז יעדעס וואָרט פון אייער מויל אין געפאַר אויסגענוצט צו ווערן ביים פּראָצעס ווי אָנקלאָג־מאַטעריאַל.

איך האָב געפרעגט, צי בין איך מחויב צו שווערן, אָבער שי־שיינבערגער האָט מיך באַרויִקט, אַז לעת־עתה האַלט עס נאָך נישט אַזוי וויט. למאי זאָל איך לייקענען, אַ קאַלטער שווייס האָט מיך באַגאָסן ווי גרויס איך בין. אַ קליניקייט עפּעס — צום ערשטן מאָל אין לעבן שטיי איך פאַר אַזאַ נסיון. כ׳האָב ממש געשפּירט, ווי די שטריק אַרום מיין האַלדז ציט זיך צונויף. מיר האָבן געחתמעט דעם פּראָטאָ־קאָל, און שי־שיינבערגער האָט פייערלעך אויסגערופן:

— מיין קליִענט איז מער נישט דערקעגן, אַז מען זאָל עפענען די טעקע.

דער אָפיציר האָט אַריינגעשטעקט די האַנט אין דער טעקע און אַרויסגעצויגן פון דאָרטן אַ בלייער. אַן אָנגעצויגענע שטילקייט האָט אַראָפּגענידערט אויפן צימער.

— אַדוני — האָט דער פּאַרטיידיקער געציילט פּערל — איז דער בלייער אייערער אַ בלייער?

כ׳האָב באַקוקט דעם בלייער, אַ נעבעכדיק רעשטל פון אַן אויסגעדינטן בלייער, נו פאַרט אַ בלייער.

— כ׳ווייס? איך געדענק נישט — האָב איך געענטפערט.

דער אַדוואָקאַט שי־שיינבערגער האָט זיך אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער גרייס, בעת אין די אויגן ביי אים האָבן זיך צעפלאַקערט די פאַקלען פון דער גערעכטיקייט:

— רבותי — האָט ער זיך געהיצט — דער גאַנצער ענין נעמט זיך אַלץ מער און מער פאַרפּלאָנטערן. לאָמיר נישט אַרויס פון די כלים! הייסט עס, אַדוני, אַז איר געדענקט נישט, צי דער דאָזיקער קליינינקער קעגנשטאַנד באַלאַנגט צו אייער שרייבגעצייג?

— כ׳האָב געזאָגט, אַז...

— אויב אַזוי, פאַרלאַנג איך, מען זאָל רופן דעם קאָמאַנדיר פון דער געגנט־פּאָליציי.

— דעם קאָמאַנדיר? — האָט דער אָפיציר געזאָטן — צו אַלדי רוחות, וואָס פּלוצעם?

— אַדוני אָפיציר — האָט אַדוואָקאַט שי־שיינבערגער זיך צעשריגן — איר זענט מחויב צו פאַרלייכטערן די אַרבעט מיינע און נישט זי שווער צו מאַכן. איך וויל לענגער נישט פאַרהוילן דעם ערנסט פונעם מצב.

— אין וואָס גייט עס?

— אַדוני אָפיציר, גראָד ווי דער „ערלעכער געפינער״, וועמענס נאָמען מיר ווייסן נאָך נישט לעת־עתה, האָט אַריינגעלייגט אַ בלייער אין דער פאַרלוירענער טעקע, פונקט אַזוי — מעג מען זיך משער זיין — איז ער געווען ביכולת אַרויס־צונעמען חפצים פון אינעווייניק.

דער קאָמאַנדיר פון דער קוואַרטאַל־פּאָליציי איז דערווייל אָנגעקומען און האָט אומגעדולדיק געזשמורעט מיט די אויגן:

— וואָס איז געשען? — פרעגט ער — וואָס איז שוין ווידער, שיינבערגער?

מיין פּאַרטיידיקער האָט געשפּרייזט אַ ווײַלע אַהין און צוריק אין קליינעם צימער, דערנאָך האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אַנטקעגן דעם קאָמאַנדיר און גערעדט מיט איבערגענומענקייט:

— דערלויבט מיר צו וויסן צו געבן אין נאָמען פון מיין קליענט, אַז ער וויל אַריינטראָגן אַ פּערזענלעכע שטראָף־אָנקלאַגע קעגן דעם געפינער פון אָט דער טעקע און אים באַשולדיקן: א) אין אומגעזעצלעכן באַנוץ פון זיין פּאַרמעג; ב) אין ראַבעווען חפצים פונעם דאָזיקן פּאַרמעג.

— אַ רגע! — האָט דער קאָמאַנדיר געשטאָמלט — איר זענט אויסן אַ גנבה?

— יאָ, מיט אייער דערלויבעניש! מיין קליענט טענהט, אַז ס'איז געשען אַן אומבאַשטימטע גנבה, אין אַ מאָס פון מעגלעכקייט, וואָס גייט אַריבער די גרענעצן פון אַ ספק וואָס לייגט זיך אויפן שׂכל.

— גוט! — האָט דער קאָמאַנדיר געקרעכצט — ווער האָט געפונען די טעקע?

דער סערזשאַנט האָט אַריינגעקוקט אין פּאַפּירן:

— דער פּאַטראָל־פּאָליציאַנט האָט זי געפונען.

— איר באַשולדיקט, הייסט עס — האָט זיך דער קאָמאַנדיר צו מיר געווענדט — דעם פּאָליציאַנט אין גנבה?

— נישט ענטפערן! — איז שי־שיינבערגער אויפגעשפּרונגען — קיין איינציק וואָרט נישט! ז י י פּרוּוון אייך אונטערשטעלן אַ פוס. די פּוילע שטיק זענען מיר וואויל באַקאַנט. אַדוני קאָמאַנדיר — האָט מיין אַדוואָקאַט פלאַמיק דערקלערט — מיר זענען נישט גרייט אַצינד וויטער צו רעדן, קיין איינציק וואָרט, סיידן פאַרן קאָמפּעטענטן געריכט.

— ווי איר ווילט! — האָט דער קאָמאַנדיר געזאָגט — איך האָף, אַז איר ווייסט דעם באַטייט פון באַליידיקן אַ מלוכישן פונקציאָנאַר.

— איך פּראָטעסטיר! — האָט דער אַדוואָקאַט שי־שיינבערגער אויסגעשריגן — דאָס מיינט שאַנטאַזש!

— אַזוי! — האָט דער קאָמאַנדיר געענטפערט אויך אויף אַ הויכן טאָן — באַליידיקן אַן אוניפאָרמירטן פּאָליציאַנט בעת עס פילט אויס זיין דינסט?! פּאַראַגראַף 18!

— איך בין קעגן! איך שטיץ זיך אויף דער אויסבעסערונג 47 פון דער רעגולאַציע בנוגע דעם געזעץ פאַר באַשיצן די רעכט פון אַ פּאָליציאַנט, וואָס איז פאַרעפנטלעכט אין געזעצן־העפט 371.

— ד אָ ס וועט שוין דער ריכטער אַנטשיידן! — האָט דער קאָמאַנדיר אַ זאָג געטאָן און זיך צו מיר געווענדט — זייט וויסן, אַז א י ר בלייבט דאָ אין אַרעסט.

מיין פּאַרטיידיקער האָט מיך באַגלייט ביז צום טירל פונעם קאַמער.

— שרעקט זיך נישט! — האָט ער מיך אויפן וועג אויפגעמונטערט — ז י י קאָנען אייך גאָרנישט טאָן. זיי פאַרמאָגן נישט קיין שום רעלעוואַנט אָנקלאָגמאַטעריאַל. מיר וועלן שוין באַווייזן דעם פּאָליציאַנטס שולד. מיר וועלן פאַרלאַנגען פונעם העכסטן געריכט אַ פּסק־דין קעגן פּאָליציי־מיניסטער, וואָס וועט אים באַפעלן מסביר צו זיין, למאי מען האָט נישט אַרעסטירט אויך דעם חשובן געפינער פון

דער אבדה. און שלאָפט רויִק. איך וועל אָנהאַלטן קאָנטאַקט מיט אייער פרוי...
איך האָב אים וואַרעם געדריקט די האַנט. אַן עלנטער אַרעסטאַנט האָט זיך ניִשט אויף ווענען צו פאַרלאָזן, סיידן אויף דער געניטשאַפט פון זיין פאַרטיידיקער. ערשט דעמאָלט האָב איך זיך באמת געפרייט, וואָס איך האָב גענומען אַזאַ געניטן אַדוואָקאַט.
איר וועט זען, אַז ס׳וועט זיך אים נאָך איינגעבן מיך אַרויסצונעמען אויף קויציע.



# פרעגן דאַרף מען קאָנען

**אַ צוגאָבלעך קאַפּיטל צו פראַנץ קאַפקאַס „דער פּראָצעס"**

ס'איז כדאי, אַז די חברים און פריינט מיינע, וואָס זעען מיך נישט און הערן נישט פון מיר שוין אַ שפּאָר ביסל צייט — אַז זיי זאָלן איצט געוווּיר ווערן דעם ריינעם אמת: איך האָב זיך פאַרפּלאָנטערט אין אַ משפט אין שייכות מיט אַן אויטאָ־אומגליק. צוליב דעם איז אַ גרויסער ספק, צי וועל איך נאָך זוכה זיין זיך צו באַווייזן פאַר זיי ווי אַ לייטישער מענטש און אַן אָפּהיטער פון געזעץ.

די אויטאָ־קאַטאַסטראָפע איז געשען אויפן שאָסיי פון תל־גיבורים בשעת איך בין אַהיימגעגאַנגען מיטאָגצייט. גראָד איז אָנגעלאָפן אַ גרויסער מלוכישער אויטאָ און האָט פאַר מיינע אויגן צעקוועטשט אויף דרויב אַ ציקליסט. דער אויטאָ האָט זיך געיאָגט מיט אַ גוזמאדיקער גיכקייט, ביי רויט ליכט און אין אַ פאַרקערטער ריכטונג. חוץ דעם איז מען שפּעטער דערגאַנגען, אַז דער שאָפער איז געווען בגילופין און האָט נישט געוווּסט, וואָס ס'טוט זיך מיט אים. היות ווי איך בין געווען דער איינציקער עד־ראיה, האָב איך צוליב געטאָן דעם פּאָליציאַנט, אַז איך זאָל אויפטרעטן אין געריכט ווי אַ באַגלייבטער עדות.

דער געריכטזאָל איז געווען אָנגעפּאַקט מיט אַ גרויסן עולם נייגעריקע, אַז ס'איז נישט געווען וווּ אַ שפּילקע צו וואַרפן, מחמת וועדליק דעם באַשולדיקונג־אַקט האָט געפירט מיט יענעם אויטאָ אַ גאָר הויכע פּערזענלעכקייט, וואָס שמט אין גאַנצן לאַנד. אָט דעם מענטש פעלט נישט קיין מזומן און ער האָט זיך פאַרגונען צו דינגען אַ געניטן אַדוואָקאַט, וואָס האָט זיך צוגעגרייט צום פּראָצעס מיט אַלע פּיטשעווקעס, ווי איר וועט באַלד הערן.

אַזוי ווי איך בין געווען דער איינציקער עדות, ווי איר געדענקט אַוודאי, האָט זיך אָנגעהויבן דער משפט מיטן אויספאַרשן מיך. ווי נאָר מען האָט פאַרשריבן מיינע פּערזענלעכע פּרטים, בין איך אַריינגעפאַלן אין די הענט פונעם אָנגעקלאָגטנס פּאַרטיידיקער. דער אַדוואָקאַט איז אויפגעשטאַנען און האָט זיך געווענדט צו די שופטים, אַז ער איז גרייט צו באַווייזן, אַז איך בין אַ מענטש אָן אחריות, אַ ליגנער, אַ פאַרברעכער מיט סטאַזש, און מיין עדות־זאָגן איז נישט ווערט קיין פּרוטה. ווי עס פירט זיך אין געריכט, האָט דער אַדוואָקאַט גענומען מיך אויספרעגן:

ד ע ר  אַ ד וו אָ ק אַ ט: צי איז אמת, מיסטער ק., אַז אַרום סוף 1953 האָט די אינטערפּאָל־פּאָליציי אייך געזוכט ווו די וועלט האָט אַן עק פאַר אַ באַוואָפנטן רויב־אָנפאַל און פאַר אַ פאַלשער שבועה?

א י ך: ס'איז נישט אמת.

ד ע ר  אַ ד וו אָ ק אַ ט: צי מיינט איר צו זאָגן דערמיט, אַז נישט פאַר די דאָזיקע פאַרברעכנס האָט אייך די אינטערפּאָל געזוכט?

איך: קיינער האָט מיך נישט געזוכט. וואָס פּלוצעם האָט עס די אינטערפּאָל־פּאָליציי מיך געדאַרפט זוכן?

דער אדוואָקאַט: אויב אַזוי וועלכע אַנדערע פּאָליציי האָט אייך געזוכט?

איך: קיין שום פּאָליציי האָט מיך נישט געזוכט.

דער אדוואָקאַט: פאַר וואָס עפּעס האָט מען אייך נישט געזוכט?

איך: פון וואַנען זאָל איך עס וויסן?

יאָ, ס׳איז קיין ספק נישט, אַז מיטן דאָזיקן ענטפער האָב איך זיך אַריינגעגליטשט אין אַ פאַסקודנער בלאָטע. וועלכער רוח האָט עס ביי מיר געפּענטעט די צונג, זי זאָל נישט ענטפערן: קיין שום פּאָליציי האָט מיך נישט געזוכט, מחמת איך האָב קיין מאָל נישט געטאָן עפּעס. וואָס איז קעגן דעם געזעץ? די נערוון זענען אָבער ביי מיר בעתן פּראָצעס געווען צעשרויפט צוליב דעם שטאַרקן צונויפלויף און דער כאַליאַסטרע פאָטאָגראַפן. וואָס ווילט איר מער: אין סאַמע ברען פונעם אויספרעג האָבן פאַרשמייעטע רעפּאָרטערס געהאַלטן אין איין לויפן צו די טעלעפאָן־קעמערלעך, כדי צו דערלאַנגען די רעדאַקציעס פרישע נייעסן וועגן מיינע ענטפערס. דער אַדוואָקאַט האָט פון צייט צו צייט זיך געסודעט מיטן אַנגעקלאָגטן און ווייטער געפירט זיין קעגן־אויספרעג.

דער אדוואָקאַט: אמת, הער ק., אַז מען האָט אייך פאַרמשפּט צו אַ יאָר מיט אַכט חדשים תפיסה פאַר אָפּטאָן אַ מיאוסע מעשה אויפן גוף פון אַ מינעריעריקן מיידעלע?

איך: ס׳איז נישט אמת.

דער אדוואָקאַט: צו וויפל צייט תפיסה האָט מען אייך יאָ פאַרמשפּט פאַר אָפּטאָן אַ מיאוסע מעשה אויפן גוף פון אַ מינעריעריקן מיידעלע?

איך: מען האָט מיך בכלל נישט פאַרמשפּט פאַר קיין מיאוסע מעשים.

דער אדוואָקאַט: טאָ, פאַר וועלכע אַנדערע מעשים האָט מען אייך יאָ פאַרמשפּט?

איך: פאַר קיין שום מעשים נישט.

דער אדוואָקאַט: טענהט איר, הייסט עס, אַז ביי אונדז אין דער מדינה פאַרשיקט מען מענטשן אין טורמע אָן אַ פאַרוואָס?

איך: קיין מאָל בין איך נישט געזעסן אין טורמע.

דער אדוואָקאַט: איך האָב נישט געזאָגט, אַז איר זענט געזעסן אין טורמע, נאָר אַז מען האָט אייך פאַרמשפּט צו תפיסה. אַ־די פוילע שטיק וועלן אייך נישט העלפן, ק., ענטפערט קלאָר: יאָ צי ניין?

איך: נישט מען האָט מיך פאַרמשפּט צו תפיסה און נישט איך בין ווען עס איז געזעסן אין תפיסה.

דער אדוואָקאַט: טאָ, וואָסער איז געווען דער פסק־דין פאַר די מיאוסע מעשים אייערע אויפן גוף פון אַ מינעריעריקן מיידעלע?

איך: ס׳איז נישט געווען קיין שום פסק־דין.

דער אדוואָקאַט: פאַר וואָס איז נישט געווען?

איך: וואָס הייסט פאַר וואָס? ווייל ס׳איז נישט געווען אַזאַ משפּט.

דער אדוואָקאַט: טאָ, וואָס פאַר אַ משפט איז יאָ געווען?

איך: פון וואַנען זאָל איך וויסן, וואָס פאַר אַ משפט?

ווידער האָב איך זיך פאַרפּלאָנטערט ביים עדות־זאָגן. אין דער אמתן בין איך דאָך לכתחילה אויסן געווען, בלויז צו געבן עדותשאַפט איבער אַלע פּרטים פונעם אויטאָ־אומגליק אויפן שאָסיי פון תל־גיבורים, און כ׳האָב זיך נישט געהאַט צוגעגרייט צו אַזאַ סאָרט אויטאָביאָגראַפישן אויספרעג. חוץ דעם האָט מיך שטאַרק דערשלאָגן די פיינטלעכע התנהגות פון דער אודיטאָריע. דער עולם האָט געהאַלטן אין איין שושקען זיך און טייטלען אויף מיר. פון צייט צו צייט האָט זיך באַוויזן אַ חוזק־שמייכל אויף דעמס און אויף יענעמס ליפּן. וואָס ווילט איר מער: בעת דער פינפטער שעה פונעם קעגן־אויספרעג האָט מען צעכאַפּט אין געריכטזאַל ווי הייסע לאָקשן די נומערן פון איינער אַ רירעוודיקער צייטונג, וואָס האָט געגרילצט איבער דער גאַנצער ברייט פון דער ערשטער זייט: „ק. האָט אָפּגעטאָן מיאוסע מעשים אויפן גוף פון אַ מינעריעריקן מיידעלע!". אונטער די דאָזיקע קידוש־לבנה־אותיות האָט זיך געלייענט מיט דריבנעם כתב: „ק. לייקנט, דער אויספרעג ציט זיך ווייטער".

אַ מאָדנע שוואַכקייט איז מיך באַפאַלן, בעת כ׳האָב דערבליקט די צייטונגען, און אין מיין שרעק איז מיין ערלעך ווייבל אויפגעשווומען ביי מיר אין דמיון. די תמימותדיקע פּרוי פאַרשטייט מסתמא נישט גענוג דעם באַטייט פון פאַרטיידיקן אַ קליענט און איז מסוגל צו טראַכטן, אַז דער ריכטער גופא האָט געלאָזט הערן די האַרבע באַשולדיקונגען לגבי מיר, וואָס זענען נישט מער ווי אַ שקר־בלבול. פון דעסטוועגן האָב איך נישט געטאָרט זיך אָפּזאָגן פון שטיין ווייטער אין קרייצ־פייער פונעם אויספרעג, לויט דער אָנגענומענער געריכט־פּראָצעדור.

דער אדוואָקאַט: ס׳איז אמת, מיסטער ק., אַז דאָס ערשטע ווייב האָט אייך אָפּגעגט נאָך דעם ווען איר זענט צום צווייטן מאָל אַנטלאָפן פון אַ משוגעים־הויז, און אַז זי האָט אייך געגנייט דורך פּאָליציי, אַז איר זאָלט איר אומקערן איר צירונג, וואָס איר האָט געהאַט פאַרקויפט אויפן מאַרק?

אין יענער רגע האָט זיך אַריינגעמישט אַ חשובער ריכטער און האָט מיר צו וויסן געגעבן, אַז איך בין נישט מחויב צו ענטפערן אויף שאלות, וואָס קערן זיך אָן מיט ענדערונגען אין משפּחה־מצב. איך האָב אַ טראַכט געטאָן און בין געקומען צום אויספיר, אַז ס׳איז טאַקע נישט גלייך אַריינצושלעפּן מיין פרוי אין דעם פּראָצעס. מכל־שכן, אַז איך האָב זיך גאָר פון איר קיין מאָל נישט געשיידט און עס גייט מיר אויס דאָס חיות נאָך איר. מיין שווייגן האָט ערשט רעכט אַרויסגערופן אַ צערודערונג אין זאַל, און איינע, אַ פעטע יידענע, וואָס איז געזעסן אינעם עק פון דער ערשטער ריי, האָט אַ שפּיי געטאָן מיט פאַראַכטונג אין מיין ריכטונג. פון דעסטוועגן האָב איך זיך אונטערגעגאַרטלט און נישט געענטפערט דעם אַדוואָקאַט אויך אויף דער שאלה צי האָב איך טאַקע דעזערטירט פון דער אַרמיי בעת דער באַפרייונג־מלחמה. איך האָב זיך אויך אָפּגעזאָגט צו דערווידערן אויף דער פראַגע, צי בינד איך צו די טעכטערלעך מיינע מיט קייטן צו די פיסלעך פונעם בעט.

דעמאָלט, ווען ס׳האָט געהאַלטן ביי די קייטן, איז זיך פאַרלאָפן אַ פאַרדריסלעך געשעעניש, וואָס האָט פאַרטונקלט דעם המשך פונעם פּראָצעס: איינער פון די

צוהערערס, וואָס אַרבעט אין אַ גאַראַזש, איז אויפגעשפּרונגען פון דער באַנק מלא־רציחה, בעת פונעם מויל האָבן זיך ביי אים געשאָטן געמיינע זידלווערטער, און ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו מיר, כדי מיר צו פּלעטן דעם שאַרבן מיט אַ גראָבן אייזערנעם שטאַנג. אויף מיין מזל האָט אַ ריכטער באַפוילן די פּאָליציאַנטן, זיי זאָלן יענעם אַרויספירן פונעם זאַל. דאָס האָט נישט פאַרריכט מיין מצב, און דערזעענדיק ביים אַדוואָקאַט אין האַנט אַ רשימה פון וויטערדיקע שאלות וואָס שייך מיינע אויסגעטראַכטע זינד, האָט מיך פאַרכאַפּט אַ מסוכנער פּחד, און כ׳האָב זיך צעשריגן. אַז די שויבן האָבן זיך געטרייסלט: „איך בין זיך מודה, איך בין עס געווען דער וואָס האָט צעריבן אויף דרויב דעם ציקליסט אויפן שאָסיי פון תל גיבורים!”.

דער חשובער ריכטער האָט מיר איבערגעשלאָגן דעם על־חטא און געפּסקנט אַז לעת־עתה בין איך נישט מער ווי אַן עדות און דער אויספרעג מוז ווייטער אָנגיין.

דער אדוואָקאַט: ס׳איז אמת, אַז פאַר אַ פּאָר יאָרן, אין חודש יולי האָט איר באַקומען פון אַ רייכן אימפּאָרטירער אין דער מדינה דריי טייערע פערסישע טעפּעכער כאַבאַר פאַן אַן ענלעך עדות־זאָגן וועגן אַן אויטאָ־אומגליק?

איך: ניין, ס׳איז נישט אמת.

דער אדוואָקאַט: איר, ק., דערוועגט זיך טענהן, אַז ביי אייך אין דער דירה זענען נישט פאַראַן קיין טעפּעכער?

איך: יאָ פאַראַן.

דער אדוואָקאַט: היגע צי פון אימפּאָרט?

איך: אימפּאָרט.

דער אדוואָקאַט: אַ דאַנק. איך האָב נישט מער וואָס צו פרעגן.

דעם אָנגעקלאָגטנס פאַרטיידיקער האָט צו וויסן געגעבן, אַז ער האָט פאַרענדיקט דעם קעגן־אויספרעג, און ער האָט זיך צוריק באַזעצט אויף דער שטול ברחבותדיק און אָנקוועלנדיק פון נחת, בעת דער עולם אין זאַל האָט געפּאַטשט בראַוואָ.

די בלעטער האָבן שוין געהאַט אַרויסגעלאָזט אַ צווייטע אויפלאַגע, מיט מיין פאָטאָגראַפיע אויף דער ערשטער זייט און מיט שפּאַגל־נייע קעפּלעך, וואָס האָבן זיך געלייענט:

## „טעפּעכער־סקאַנדאַל ווערט פונאַנדערגעוויקלט פאַרן געריכט! ק.: איך פאַרמאָג יאָ טעפּעכער, אָבער נישט פונעם אימפּאָרטירער...
## דער פאַרטיידיקער: אי אַ שקרן, אי משוגע!”

איך האָב געבעטן דערלויבעניש אַהיימצוגיין, אָבער ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דער אָנקלאָגער האָט נאָך אַ שאלה צו מיר, אין שייכות מיטן דאָזיקן אויטאָ־אומגליק. טוט טאַקע דער פּראָקוראָר מיך אַ פרעג, צי האַלט איך, אַז דער שאָפער האָט געטריבן אומפאָרזיכטיק. איך האָב געענטפערט אַז יאָ, און מען האָט מיך באַפרייט.

דער געריכט־שווייצאַר האָט מיך אַרויסגעגנבעט דורך אַ הינטערטיר, כדי מיך

אָפּצוראַטעווען פונעם צאָרן פונעם צעווילדעוועטן המון, וואָס האָט באַלאַגערט דעם געריכט־בנין, באַוואָפנט מיט שטעקנס און מיט שטיינער, נאָך דעם, ווי די צייטונגען האָבן אַרויסגעלאָזט די דריטע אויפלאַגע.

פון דעמאָלט אָן באַהאַלט איך זיך פאַר מענטשן, ווי כ׳האָב שוין דערמאָנט ביים אַריינפיר, און איך וואַרט ביז וואַנען די וועלט וועט פאַרגעסן דעם פאַר־טיידיקערס שאלות.



# אַז מען זוכט דעם נעכטיקן טאָג...

אייערנעכטן איז מיר באַשערט געווען אַ שלימזלדיקע באַגעגעניש: פאַר מיטאָג בין איך געגאַנגען אין פּיליאַל פון אַ גרויסער פלי־געזעלשאַפט און האָב דאָרט גערעדט אין בילעטן־אָפּטייל מיט איינער אַ סעקרעטאַרשע, וואָס דעם נאָמען אירן געדענק איך נישט. איך דערמאָן זיך בלויז, אַז זי האָט געהאַט אַ יונג פּנים, און אַז די גראָע האָר זענען ביי איר געווען צונויפגענומען פון הינטן. בעת כ׳האָב געהאַלטן ביים אַוועקגיין, האָט זי, שוין לעבן דער גלעזערנער טיר, געפרעגט אויף מיין אַדרעס. ס׳איז ביי מיר געבליבן אין זכרון, אַז כ׳האָב אַרויסגעצויגן פון דער קעשענע דאָס נאָטיצביכל, ווו איך האַלט עטלעכע וויזיט־קאַרטן און אויך לויזע בלעטלעך מיט פאַרשריבענע טעלעפאָן־נומערן. ערשט אין דער היים האָב איך זיך געכאַפּט, אַז אַלע בלעטלעך זענען נעלם געוואָרן. אַ פּנים אַז דאָס קלעמערל, וואָס באַהעפט די בלעטלעך מיטן נאָטיצביכל האָט זיך געעפנט. די נומערן זענען מיר געווען זייער נייטיק, און כ׳האָב אָנגעקלונגען אין דער פלי־געזעלשאַפט.

— גוט מאָרגן — פלי־געזעלשאַפט — האָט זיך דערהערט אַ ווייבעריש קול פון יענער זייט דראָט.

— גוט מאָרגן — האָב איך געענטפערט — אייערנעכטן פאַר מיטאָג בין איך געווען ביי אייך און האָב גערעדט אין בילעטן־אָפּטייל מיט אַ סעקרעטאַרשע, וועמענס נאָמען איך האָב פאַרגעסן. איך געדענק בלויז איר זייער יונג פּנים און אירע גראָע האָר, צונויפגענומענע אויף הינטן. זי האָט געבעטן מיין אַדרעס לעבן דער גלעזערנער טיר. איך דערמאָן זיך, ווי כ׳האָב אַרויסגעצויגן פון דער קעשענע מיין נאָטיצביכל. קומענדיק אַהיים האָב איך דערזען, אַז עטלעכע בלעטלעך זענען אַרויסגעפאַלן פונעם נאָטיצביכל...

— אַ רגע, אַדוני! — שלאָגט מיר די גברת איבער די רייד — איך בין בלויז די טעלעפאָניסטקע ביים סעקרעטאַריאַט. אָט וועל איך אייך אַריבערפירן צום סעקרעטאַריאַט.

— אַ שיינעם דאַנק.

— האַלאָ! — האָט זיך אין געציילטע רגעס דערהערט אַ מאַנצביליש קול — דאָ רעדט דער סעקרעטאַריאַט.

— כ׳האָב עפּעס אַן ענין, אַדוני! — האָב איך געזאָגט — נעכטן בין איך געווען אין אייער בילעטן־אָפּטייל און האָב דאָרט גערעדט מיט אַ סעקרעטאַרשע, וועמענס נאָמען איך קען נישט, אָבער זי האָט אַ זייער יונג פּנים און גראָע האָר, וואָס זענען צונויפגענומען אויף הינטן. בעת איך בין שוין געשטאַנען לעבן דער גלעזערנער טיר, האָט זי פאַרלאַנגט, אויב כ׳האָב קיין טעות נישט, דעם אַדרעס

מיינעם. איך געדענק, אַז כ׳האָב אַרויסגעצויגן פון דער קעשענע דאָס נאָטיצביכל, אָבער ערשט אין דער היים האָב איך זיך געכאַפּט, אַז בלעטלעך מיטן טעלעפאָן־נומערן זענען אַרויסגעפאַלן פונעם נאָטיצביכל. ווייזט אויס, אַז דאָס קלעמערל, וואָס האָט צונויפגעקלעמט די בלעטלעך, האָט זיך געעפנט...

— דאָס ליגט זיך אויפן שׂכל — האָט געזאָגט דער מענטש פונעם סעקרע־טאַריאַט — אָט פיר איך אייך אַריבער צום בילעטן־אָפּטייל.

גערעדט — געטאָן.

— האַלאָ! — האָט זיך געהערט אַ ווייבעריש קול פונעם טרייבל — בילעטן־אָפּטייל, שלום!

— שלום! — האָב איך געענטפערט — ס׳איז מיר נישט קלאָר, צי האָב איך עס מיט אײַך אייערנעכטן גערעדט. אין בילעטן־אָפּטייל האָב איך געשמועסט מיט אַ סעקרעטאַרשע, וואָס האָט אַ יונג פּנים און גראָע האָר צונויפגענומענע אויף הינטן. זענט איר עס געווען?

— ניין, אָבער אפשר קאָן איך אײַך פאַרט דינען.

— איך דאַנק אײַך זייער! — האָב איך געענטפערט — הכּלל, די דאָזיקע סעקרעטאַרשע האָט ביי מיר געבעטן לעבן דער גלעזערנער טיר מיין אַדרעס, און איך געדענק, ווי כ׳האָב תּיכּף אַרויסגעצויגן דאָס נאָטיצביכל פון דער קעשענע. ערשט אין דער היים האָב איך דערזען, אַז ס׳זענען אַרויסגעפאַלן פונעם נאָטיצביכל אַלע לויזע בלעטלעך.

— ווען האָט עס געטראָפן?

— אייערנעכטן, פאַר מיטאָג.

— ליידער, אַדוני, האָב איך נעכטן נישט געאַרבעט. איר דאַרפט רעדן מיט עליזען. ביטע, לייגט נישט אַוועק דאָס טרייבל.

פריער איז געווען שטיל, און דאַן האָב איך דערהערט די שטימע פון אַ פרוי:

— גוט מאָרגן!

— גוט מאָרגן, גברת! — האָב איך צו איר געזאָגט — אייערנעכטן פאַר מיטאָג בין איך געווען ביי אײַך און גערעדט מיט אַ סעקרעטאַרשע, וועמענס נאָמען כ׳האָב פאַרגעסן, אָבער זי האָט אַ זייער יונג פּנים און גראָע האָר צונויפגענומענע אויף הינטן. לעבן דער גלעזערנער טיר האָט זי געבעטן...

— אַ רגע, אַדוני! — האָט די פרוי מיר איבערגעריסן — דאָ איז ווידער די טעלעפאָניסטקע. איך האָט ערשט נישט לאַנג מיט מיר גערעדט. וועמען באַדאַרפט איר?

— איך באַדאַרף עליזען.

— תּיכּף וועט איר זי קריגן. עליזע! עמעצער זוכט דיך. רעד!

— שלום, גברת! — האָב איך אַ זאָג געטאָן צו עליזען — מען האָט מיך איבער־געשיקט צו אײַך בנוגע די לויזע בלעטלעך מיינע. כ׳מיין אייערנעכטן פאַר מיטאָג האָב איך געוויילט ביי אײַך אין אָפּטייל און גערעדט מיט איינער אַ סעקרעטאַרשע, וועמענס נאָמען כ׳האָב פאַרגעסן, אָבער דאָס פּנים איז ביי איר זייער יונג און די גראָע האָר צונויפגענומענע פון הינטן. לעבן דער גלעזערנער טיר האָט זי ביי מיר

געבעטן דעם אַדרעס מיינעם. איך דערמאָן זיך, ווי כ׳האָב אַרויסגעצויגן פון קעשענע דאָס נאָטיצביכל, און ערשט אין דער היים...

— זייט מיר מוחל, אַדוני! וועלכע עליזע זוכט איר? עליזע פון דער עקספּע־דיציע, צי עליזע פון בילעטן־אָפּטייל?

— עליזע פון די בילעטן.

— אויב אַזוי, בין איך עס נישט. אָט פיר איך אייך אַריבער צו דער צענטראַלע.

— האַלאָ! — מאַכט די טעלעפאָניסטקע פון דער צענטראַלע — שלום וברכה!

— שלום וברכה! — האָב איך געענטפערט — כ׳בעט עליזען פון די בילעטן. כ׳האָב זי געקריגן.

— גברת עליזע פונעם בילעטן־אָפּטייל?

— יאָ, דאָס בין איך.

— נו, דאַנקען גאָט! — האָב איך איר געזאָגט — כ׳האָב עפּעס אַן ענין, אָבער כ׳ווייס נישט, צי עס קער זיך אָן מיט אייך.

— דערציילט, אַדוני, וועלן מיר זען.

— האָרכט: נעכטן פאַר מיטאָג האָב איך געוויילט ביי אייך אין אָפּטייל און גערעדט מיט אַ סעקרעטאַרשע, וועמענס נאָמען ס׳איז מיר אַרויס פונעם זכרון, אָבער דאָס פּנים ביי איר איז זייער יונג און די גראָע האָר צונויפגענומענע אויף הינטן. לעבן דער גלעזערנער טיר האָט זי געבעטן ביי מיר דעם אַדרעס, און ערשט אין דער היים בין איך געוואָרן געוואָר, אַז די בלעטלעך מיט די טעלעפאָן־נומערן זענען אַרויס־געפאַלן. דאָס קלעמערל, אַ פּנים...

— ניין, — האָט מיר עליזע איבערגעשלאָגן די רייד — איך זע שוין, אַז דאָס קער זיך מיט מיר נישט אָן. האָט איר שוין גערעדט מיטן סעקרעטאַריאַט?

— יאָ, מיט אַ מאַנספּערשוין.

— מיט שטערן?

— כ׳ווייס נישט.

— איז, אָט פיר איך אייך אַריבער צו שטערן.

— אַ גוטן אָוונט! — זאָגט שטערן — דאָ רעדט שטערן.

— מיט אייך האָב איך עס גערעדט מיטאָגצייט, אַדוני?

— אין וואָס גייט עס?

— עס גייט דערינען, וואָס אייערנעכטן פאַר מיטאָג האָב איך געוויילט אין בילעטן־אָפּטייל און האָב דאָרט פאַרלוירן עטלעכע בלעטלעך...

— ניין, מיט מיר האָט איר נישט גערעדט, אַדוני. דערציילט, וואָס ס׳האָט געטראָפן.

— איך האָב גערעדט אין בילעטן־אָפּטייל מיט איינער אַ סעקרעטאַרשע, וועמענס נאָמען כ׳האָב פאַרגעסן, אָבער דאָס פּנים ביי איר איז גאָר יונג און די גראָע האָר צונויפגענומענע אויף הינטן. אויב כ׳האָב קיין טעות נישט, האָט זי לעבן דער גלעזערנער טיר פאַרלאַנגט...

— זייט מיר מוחל, דאָ איז אַ טומל צום טויב ווערן און מען הערט כמעט גאָר־נישט — האָט מיך שטערן איבערגעשלאָגן — אָט גיי איך אַריבער אין מיין צימער.

בלייבט אויף דער ליניע!

טאַקע באַלד האָט ער דערגרייכט זיין צימער.

— האַלאָ! — זאָגט שטערן — איצט הערט מען קלאָרער. יאָ, כ׳האָב פאַר־שטאַנען, אַז איר זענט אייערנעכטן געווען אין בילעטן־אָפּטייל.

— יאָ, פאַר מיטאָג — האָב איך געזאָגט — און כ׳האָב דאָרט גערעדט מיט אַ סעקרעטאַרשע. דעם נאָמען אירן האָב איך פאַרגעסן, אָבער זי פאַרמאָגט אַ גאָר יונג פּנים און גראָע האָר צונויפגענומענע אויף הינטן. לעבן דער גלעזערנער טיר האָט זי מיך געבעטן, איך זאָל ביי איר איבערלאָזן דעם אַדרעס מיינעם. איך געדענק, ווי כ׳האָב דעמאָלט אַרויסגעצויגן פון דער קעשענע דאָס נאָטיצביכל, און ערשט אין דער היים האָב איך דערזען, אַז די בלעטלעך זענען אַרויסגעפאַלן פונעם נאָטיצ־ביכל...

— וואָס איז געשען?

— ווייזט אויס, אַז דאָס קלעמערל, וואָס האָט באַהאַלטן די בלעטלעך, האָט זיך פון זיך אַליין געעפנט.

— מילאַ, עס טרעפט זיך — האָט שטערן מיך געטרייסט — איז, האַלט איר, אַז מסתמא געפינען זיך די בלעטלעך ערגעצוו ביי אונדז. דערלויבט אַ רגע, וועל איך פרעגן די קאָלעגן מיינע.

איך האָב געהערט פונעם טרייבל דאָס פאַרשטיקטע קול זיינס, בעת ער האָט מסביר געווען די קאָלעגן זיינע, אינעם דערבייִיקן צימער, אַז עמעצער האָט געווײַלט אייערנעכטן אין בילעטן־אָפּטייל און האָט דאָרט גערעדט מיט איינער אַ סעקרע־טאַרשע, וואָס פאַרמאָגט אַ יונג פּנים און גראָע האָר צונויפגענומענע אויף הינטן — ווייזט אויס, סטעלאַ. זי האָט ביי אים געבעטן דעם אַדרעס און ער האָט אַרויסגענומען אַ נאָטיצביכל פון דער קעשענע, און ערשט אין דער היים האָט ער זיך געכאַפּט, אַז די בלעטלעך מיט נייטיקע טעלעפאָן־נומערן זענען אַרויסגעפאַלן פונעם נאָטיצ־ביכל.

— אַ רגע — האָב איך פאַרנומען עמעצנס קול — מיר דוכט זיך, אַז דער טויער־וועכטער האָט מיר נעכטן דערמאָנט, אַז מען האָט עפּעס געפונען.

— האַלאָ! — האָט זיך שטערן צו מיר צוריקגעקערט — מען זאָגט מיר, אַז דער טויער־וועכטער זאָל האָבן נעכטן געזאָגט, אַז מען האָט עפּעס געפונען. אין געציילטע מינוטן האָט מען מיך פאַרבונדן מיטן וועכטער.

— די בלעטלעך זענען געווען פּירעקיקע, מיט אַ לעכל ביים ראַנד?

— יאָ, אַדון טויער־וועכטער! — האָב איך באַשטעטיקט — און מיט פאַר־שריבענע טעלעפאָן־נומערן.

— אויב אַזוי, האָב איך זיי נאָך נעכטן געשיקט אויפן אַדרעס אייערן. דער בריוושרעגער וואָלט זיי סייווי אייך היינט געברענגט.

— אַ גרויסן דאַנק!

— וואָס איז געשען?

— פראָסט פּשוט! — האָב איך דעם וועכטער אויפגעקלערט — אייערנעכטן פאַר מיטאָג האָב איך געווײַלט אין בילעטן־אָפּטייל און האָב דאָרטן גערעדט מיט

איינער אַ סעקרעטאַרשע, וואָס דאָס פּנים ביי איר איז זייער יונג, און די גראָע האָר אירע צונויפגענומענע אויף הינטן. זי הייסט, דוכט זיך, סטעלאַ. לעבן דער גלעזער־נער טיר האָט זי ביי מיר געבעטן מיין אַדרעס, און איך האָב אַרויסגענומען פון קעשענע דאָס נאָטיצביכל. ערשט אין דער היים האָב איך דערזען, אַז אַלע בלעטלעך זענען אַרויסגעפאַלן פונעם נאָטיצביכל. ווייזט אויס, אַז דאָס קלעמערל האָט זיך פון זיך אַליין אויפגעמאַכט...

— נו, דער עיקר איז דאָך: דער שאָדן האָט זיך געפונען. אַ גוטע נאַכט, אַדוני!

— אַ גוטע נאַכט!



# די מלוכה רעמאַנטירט מיך

**א**ין איינעם פון די דאָזיקע טעג האָב איך געקראָגן אַ בריוול פון מדינת ישראל, אָפּטייל פונעם שטייער־איינמאָנער. געווען איז עס אַ קאַזיאָנע פּאַפּירל, וואָס די וואַקלדיקע דרוק־אותיות זיינע האָבן זיך געלייענט אַזוי צו זאָגן:

„**וואָרענונג ערב סעקוועסטראַציע.** היות איר האָט זיך נישט אָפּגערופן ביז אַצינד אויף אונדזער תביעה בנוגע אייער חוב אין באַטרעף פון 20,112.11 פונט — דער לוין פאַר רעמאַנט אין פּאַרט קישון (דער טייך קישון גיסט זיך אַריין אין ים לעבן חיפה) — דעם עלפטן טאָג פונעם חודש כסלו תשכ״ח — וואָרענען מיר אייך, אַז מיר וועלן אָנווענדן דאָס געזעץ פאַר סעקוועסטרירן און פאַרליציטירן האָב־און־גוטס פון נישטצאָלערס, אויב איר וועט נישט אַריינטראָגן דעם דערמאָנטן סכום במשך פון 7 טעג״. צום סוף איז געקומען אַ מער איידעלערער זאַץ: „אויב איר האָט אין צווישן באַצאָלט דעם חוב, באַטראַכט די דאָזיקע וואָרענונג פאַר בטל״. חתימה: ס. זעליגזאָן, אָפּטייל־פאַרוואַלטער.

די דאָזיקע וואָרענונג האָט מיך אַ ביסעלע צערודערט. פון איין זייט האָט זיך בולט אַרויסגעוויזן, נאָך דעם ווי כ׳האָב געגנישטערט פון טאָוול צו טאָוול אין די ביכער מיינע, אַז קיינער האָט מיך נישט רעמאַנטירט כהוא־זה אין די לעצטע יאָרן. אָבער פון דער אַנדערער זייט, האָב איך נישט געקאָנט טענהן, אַז איך האָב יאָ געסילוקט דעם חוב, וואָס די מאַכט מאָנט ביי מיר לויט דער וואָרענונג. היות, ווי איך האַלט פון אַדורכשמועסן זיך פּנים־אל־פּנים, כדי אויסצוגלייכן סכסוכים, בין איך אַוועק צום אָפּטייל פונעם שטייער־איינמאָנער און כ׳האָב גערעדט מיטן פאַרוואַלטער ס. זעליגזאָן.

— אַט, טוט, זייט מוחל, אַ קוק — האָב איך אים דערלאַנגט מיין אידענטיפי־קאַציע־שיין — איך בין אַ שרייבער און נישט קיין טייך.

דער פאַרוואַלטער האָט מיך אַדורכגענומען מיט זיין שאַרפן בליק: — טאָ, פאַר וואָס זשע רופט איר זיך קישון?

— אַ געוווינהייט — האָב איך זיך פאַרענטפערט — אָבער איך בין אויך אפרים, בעת דער טייך איז עס נישט!

די דאָזיקע טענה האָט געהאָלפן. דער פאַרוואַלטער האָט מיך געבעטן מחילה און איז אַריין אין דערבייִיקן צימער, כדי אַרומצושמועסן דעם האַרבן ענין מיט די באַראַטערס זיינע. זיי האָבן צווישן זיך שטיל געשושקעט, פון צייט צו צייט געכאַפּט אַ קוק אַהין, וווּ איך בין געזעסן, און איין מאָל האָבן זיי מיך געהייסן זיך אויסדרייען מיט אויפגעהויבענע הענט.

סוף־כל־סוף האָבן זיי איינגעזען, אַז איך בין גערעכט, צי לכל־הפּחות טיילווייז גערעכט. דער פאַרוואַלטער זעליגזאָן האָט זיך אומגעקערט און מבטל געמאַכט די וואָרענונג, פאַרשרייבנדיק אויף מיין אַקטן־טאַש מיט אַ רויטן בלייער: „ער האָט נישט קיין פּאַרט. זעליגזאָן״. חוץ דעם האָט ער אויסגעציקלט אויפן אַקטן־טאַש פון דרויסן אַ גרויסן נול און אים אונטערגעשטראָכן. איך בין אַהיימגעגאַנגען צום הויזגעזינד מיינעם מיט אַ גרינג געמיט.

— נישט מער ווי אַ טעות — האָב איך דער פרוי מיינער אָנגעזאָגט די בשׂורה — דער שׂכל־הישר האָט פּאַרט גובר געווען.

— דו זעסט שוין — האָט זי זיך אָנגערופן — מען טאָר נישט תיכף אַריינפאַלן אין יאוש.

די ידיעה וועגן אַרויפלייגן אַ סעקוועסטער אויף מיין האָב־און־גוטס האָט מען מיר געברענגט מיטוואָך מיטאָגצייט.

„היות ווי איר האָט זיך נישט אָפּגערופן אויף דער וואָרענונג ערב סעקוועס־טראַציע און איר האָט נישט געסילוקט דעם חוב אין באַטרעף פון 20,012.11 פונט — שרייבט מיר דער פאַרוואַלטער זעליגזאָן מיט די זעלבע וואַקלדיקע דרוק־אותיות — וועל איך מוזן אָנווענדן די געזעצלעכע פאַראַגראַפן בנוגע סעקוועסטרירן שטובזאַכן אין אייער דירה און אין אייער געשעפט. אויב איר האָט אין צווישן באַצאָלט — באַטראַכט די מעלדונג פאַר בטל״.

ווי פייל אויסן בויגן האָב איך זיך געיאָגט צום אמת.

— נו יאָ — האָט מיך געטרייסט דער פאַרוואַלטער זעליגזאָן — די דאָזיקע בריוולעך שיקט דער עלעקטראָנישער קאָמפּיוטער פון ירושלים, אָבער נ י ש ט א י ך שיק זיי. ע ר טוט עס תמיד אַזוי, דער קאָמפּיוטער. נעמט זיך נישט צום האַרצן!

דאָס מיינט, אַז מיט אַ האַלב יאָר צוריק איז דער צענטער פון שטייער־איינמאַן אין ירושלים איבערגעגאַנגען צו דער שיטה פון אויטאָמאַציע, ווי עס געשיקט זיך אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. פון דעמאָלט אָן טוט דער קאָמפּיוטער אַלץ וואָס פריִער פלעגן טאָן צענער טויזנטער פונקציאָנאַרן מיט מידע אויגן. פון איין זייט האָט די רעפאָרם אויסגעוואָרצלט די ביוראָקראַטישע פאַרשלעפּעכצער, און פון דער אַנדערער זייט האָט די קלוגע מאַשין פאַרלייכטערט די פּראַצע פון די דאָזיקע פונקציאָנאַרן, און היינט צו טאָג דאַרפן זיי בלויז זיצן און קוקן. איין חסרון פאַרמאָגט ער דווקא יאָ, דער עלעקטראָנישער חכם: די אָרטיקע טעכניקער ווייסן נאָך אַ מכה, וואָס עס טוט זיך עס ביי אים אינעווייניק. דערפאַר טרעפט זיך, אַז זיי האָדעווען אים מיט שווער־פאַרדייַלעכע פּרטים, וואָס שמעקן מיט סעקוועסטער, ווי אַ שטייגער דעם רעמאָנט ביי מיר אין פּאַרט.

דער פאַרוואַלטער זעליגזאָן האָט מיר צוגעזאָגט, אַז איצט וועט ער דערליידיקן דעם פאַרפּלאָנטערטן פּראָבלעם איין מאָל פאַר אַלע מאָל, און צוליב זיכערקייט האָט ער געשיקט אויפן טעלעפּרינטער אַ דעפּעשע קיין ירושלים, אַזוי צו זאָגן: „שטעלט אָפּ, אויף מיין אחריות, דאָס איינמאָנען פון דעם קישון־חוב ביז נייע אינסטרוקציעס״.

איך האָב געדאַנקט פאַרן דאָזיקן איידעלן זשעסט און געגאַנגען אַהיים לוסטיק און לעבעדיק.

דעם פּריזשידער האָט מען ביי מיר אַוועקגענומען זונטיק אין דער פרי. דריי מלוכישע ברייטפּלייציקע טרעגערס האָבן מיר דערלאַנגט אַ באַפעל, געחתמעט פון ס. זעליגזאָן, דערנאָך האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן צום פּריזשידער און אים אַרויס־געשלעפּט פון יענער זייט טיר. ווי אַ צעשראָקענער האָן האָב איך אַרום זיי געטענצלט און געשריגן:

— איך בין אַ פּאַרט? סאַראַ פּאַרט בין איך עס? צי קאָן דען אַ פּאַרט שרייען? צי קאָן דען אַ פּאַרט שפּרינגען?

— אוי, און נאָך ווי אַזוי ער קאָן! — האָט געענטפערט איינער, אַ נידעריקער — טוט נאָר אַ קוק, וואָס עס טוט זיך אין אַשדוד!

די האַרעפּאַשניקעס האָבן בלויז אויסגעפילט זייער חוב. דעם פּאַרוואַלטער זעליגזאָן האָב איך געטראָפן אין אַמט אין אַ שווערער שטימונג. נאָך גאַנץ פרי איז געקומען אויף זיך נאָמען און אויף זיין אַדרעס די „ערשטע וואָרענונג" פון ירושלים וואָס שייך זיין חוב אין באַטרעף פון 20,012.11 פונט פאַרן רעמאָנט אויף מיר.

— ס'וויזט אויס — האָט ער צו מיר געמאַכט און די אויגן ביי אים האָבן געצאַרנט — אַז דער קאָמפּיוטער האָט אַזוי אויסגעטייטשט די ווערטער „אויף מיין אחריות" אין דער דעפּעשע דורכן טעלעפּרינטער. מען דאַרף זיך היטן ווי פאַר פייער. איר האָט מיך אַריינגעשלעפּט אין אַ בלאָטע, אַדוני! שוין איין מאָל אַ בלאָטע!

איך האָב אים געעצהט, ער זאָל מבטל מאַכן די וואָרענונג, אָבער דער מענטש איז געוועזן אויסער זיך:

— אויב דער קאָמפּיוטער האָט אויף אייך פאַרוואָרפן אַ שטריק, זענט איר אַ פאַרפאַלענער! — האָט זעליגזאָן זיך געבראָכן די פינגער — ערשט מיט צוויי חדשים צוריק האָט דער עלטסטער פונעם אויספיר־אָפּטייל געקריגן אַ באַפעל מצד דעם ירושלימער קאָמפּיוטער, אַז ער זאָל דעם פאַרטרעטער זיינעם עקזעקוטירן... אַ מערכה, וואָס דער מיניסטער האָט זיך אַריינגעמישט און אָפּגעראַטעוועט דעם ייִד ממש אין דער לעצטער רגע, בעת ער איז שוין געשטאַנען אונטער דער תליה...

איך האָב דעם פאַרוואַלטער פאַרגעלייגט, אַז ס'וואָלט געווען אַ סברה מיר זאָלן נעמען אַ טאַקסי, זיך אַריבערכאַפּן קיין ירושלים און אַ שמועס טאָן פנים־אל־פנים מיט דער מאַשין.

— מאַדאַם! — ווען מיר איר זאָגן — טוט אונדז אַ טובה און קאָנטראָלירט פון ס'ניי די דאַטעס, וואָס מען האָט אין אייך אַריינגעשטאָפּט!

— מ'קאָן נישט רעדן מיט איר! — האָט ס. זעליגזאָן געכליפּעט — זי איז דער פאַרנומענסטער קאָמפּיוטער אין גאַנצן קאַנט. זי ווערט באַנוצט אַפילו אויף וועטער־נביאות און אויף פּותר־חלום זיין...

פון דעסטוועגן האָט ער אָפּגערופן דעם מאַגאַזין פונעם איינמאָן־אָפּטייל אין יפו און געהייסן, אַז מען זאָל לעת־עתה נישט ליציטירן דעם פּריזשידער, ביז וואַנען ער וועט געבן צו וויסן. שוין אין זעלביקן אָוונט האָט מען פאַרקויפט דעם פּריזשידער אויף ליציטאַציע פאַר 19 פונט מזומן, לויט ס'האָט זיך געלייענט אין „קאָנטע־

אויסצוג״ וואָס דער קאָמפּיוטער האָט מיר געשיקט אַהיים צו מאָרגנס, לחלוטין שוין נישט ביוראָקראַטיש: „דער חוב אייערער האָט זיך פאַרמינערט אויף אַ באַטרעף פון 19993.11 פונט, וואָס איר דאַרפט סילוקן ביז 7 טעג. אויב אין משך פון דער דאָזיקער צייט...״

איך האָב געוואַרט אויף זעליגזאָנען אין ביוראָ זיינעם העכער אַ שעה. ער האָט זיך אַרומגעיאָגט אין שטאָט מיטן אַדוואָקאַט זיינעם, כדי איבערצושרייבן זיין פרי־זשידער אויפן ווייבס נאָמען. אויב ער וועט נאָך דערלעבן זיך אַרויסצוראַטעווען פונעם קאָמפּיוטערס לאַפּעס — האָט ער זיך פאַר מיר געשוווירן — וועט ער שוין קיין מאָל נישט אָננעמען זיך עמעצנס קריוודע. איך האָב אים געפרעגט, וואָס עס וועט אַצינד זיין מיט מיר.

— כ׳ווייס נישט — האָט דער פאַרוואַלטער געענטפערט — אַ מאָל טרעפט זיך, אַז דער קאָמפּיוטער פאַרגעסט אין עמעצן גאַנצע חדשים. לאָמיר זשע האָפן...

איך האָב זיך אָנגערופן, אַז אויף קיין נסים האָב איך נישט קיין חשק זיך צו פאַרלאָזן, אַז איך בין בטבע אַ רעאַליסט, און אַז איך וואָלט גערן וואָס גיכער אָפּגעפּטרט דעם עסק.

— מאַכטייסע! — ענטפערט דער פאַרוואַלטער — ס׳איז אייער הייליק רעכט.

נאָך אַ קורצן, אָבער שטורמישן משא ומתן האָבן מיר זיך פאַרט דעררעדט. איך וועל באַצאָלן, אין 12 חודש־ראַטעס, דעם חוב אין שייכות מיטן רעמאָנט פונעם פאָרט. כ׳האָב געחתמעט אַ התחייבות־פּאַפּירל, און זעליגמאַן האָט עקספּרעס מודיע געווען די פשרה קיין ירושלים, כדי אָצוראַטעווען פון מיין באַלעבאַטישקייט וואָס עס לאָזט זיך...

— בנאמנות, איך האָב געטאָן פון אייערטוועגן ביז צו די גרענעצן פון מעגלעכ־קייט — האָט דער פאַרוואַלטער זעליגזאָן זיך פאַרענטפערט — און איך בין זיכער, אַז אין צוויי־דריי יאָר אַרום וועט דער פערסאָנאַל שוין האָבן די שליטה איבערן קאָמפּיוטער. איך באַדויער אָבער, וואָס ביז דעמאָלט...

— שאַט נישט! — האָב איך אים געטרייסט — מ׳קאָן נישט אַלץ מיט אַ מאָל...

דער ערשטער טשעק אויף אַ באַטרעף פון 1,666.05 פונט איז נעכטן אָנגעקומען צו מיר אַהיים. אין זעלביקן קאָנווערט איז געווען אַריינגעלייגט אויך אַ מלוכישע אינפאָרמאַציע מצד דעם פאַרוואַלטער זעליגזאָן, געדרוקט מיטן קאָמפּיוטערס וואַקל־דיקע אותיות, אַז אַ־דער טשעק מיינט עס די ערשטע ראַטע אויפן חשבון פון 19993.11 פונט, וואָס מען האָט זיי פאַרשריבן אויפן קרעדיט מיינעם אין ירושלים, דעם 91סטן אַפּריל 1857.

איך האָב זיך אָנגערופן צו דער פרוי, אַז פון איצט און ווייטער זענען מיר איינגעאָרדנטע אויפן גאַנצן לעבן. זי האָט זיך אָבער געחידושט, הלמאי מען צאָלט אונדז נישט קיין פּראָצענט, מחמת אומעטום גיט מען 6 פּראָצענט אַ יאָר.

— טייבעלע — האָב איך געזאָגט — איך בין שוין מיד פונעם גאַנצן עסק און וועל שוין מער קיין פינגער נישט צולייגן.

די צוקונפט געהער דער אויטאָמאַציע. כ׳בעט צו באַטראַכטן די דאָזיקע סקיצע פאַר בטל.

# רינגלטאַנץ

בישט דער וואָס קריגט די מתנה פרייט זיך, נאָר יענער וואָס ווערט פון איר פּטור — אַזוי שטייט געשריבן ערגעץ אין די הייליקע ספרים, און דאָס איז דער ריינער אמת. אָט, למשל, ביי אונדז: ווי נאָר מיר געפינען אין שטוב עפּעס אַ חפץ, וואָס טויג אויף ערב יום־כּפּור, טוען מיר אַ זאָג, אַז דאָס וועט שוין מגולגל ווערן אין אַ געשאַנק פאַר אַ גוטן ברודער. יאָ, מיר פאַרמאָגן אַפילו אַן אייגענעם סקלאַד פאַר מתנות. אַלץ איז דאָרט אויסגעסדרט און באַצעטלט לויטן יחוס פונעם חפץ, יעדער פּרעזענט שטייט אין אַפּטייל זיינעם. בעת עמעצער איז אונדז מכבד מיט אַ לייטישער מתנה, לייגן מיר זי אַוועק אין סקלאַד, דאָרט וווהין זי באַלאַנגט. למשל: זאַכן פאַר קליינע קינדער גייען אויטאָמאַטיש אַוועק אין ברית מילה־אַפּטייל; אַ העברעיִש בוך, פאַרמאָט 25 אויף 25 — צום בר מצווה־אַפּטייל; אַ חלשותדיקע וואַזע — אין חתונה־אַפּטייל; אַן אָפּשטויסנדיקער בלומען־וואַזאָן — צום געבוירנ־טאָג־אַפּטייל; אַן אַשבעכער אַ פאַרזעעניש — צום חנוכּת הבית־אַפּטייל, און אַזוי ווייטער.

אַלץ שיין און ווויל, ביז עס כאַפּט זיך אויף דאָס שלימזל.

געשען איז דאָס אומגליק אין איינעם אַן אויפדערנאַכט. בן־ציון ציגלער האָט אונדז געהאַט דערלאַנגט אַ מתנה — אַ באַנבאָניערע, אַן איינגעפּאַקטע אין אַ שעמע־רירנדיקער הילע, וואָס האָט געוויזן דעם קאָפּ פון עפּעס אַ יפת־תואר אַרומגערינגלט מיט אַ פּילקאַליריקן בלומענקרענצל. מיר האָבן זיך שטאַרק געפרייט, מחמת אַזאַ געשאַנק איז מסוגל צו פאַרשטאָפן כלערליי לעכער און איז ווי אָנגעמאָסטן ביי יעטוועדער שׂמחה. מיר האָבן טאַקע בדעה געהאַט זי צו באַזעצן אין מיוחסדיקן אַפּטייל „אַלגעמיינע שמאַטעס״. אָבער אין יענער רגע האָט זיך אָנגערוקט אַ צרה: פון דער העלער הויט האָט זיך אונדז פאַרגלוסט צו עסן שאָקאָלאַד. נו, האָבן מיר אַראָפּגעצויגן דאָס צעלאָפאַן־הייטל, אויפגעהויבן דעם דעקל און... אַ בראָך, נישט פאַר אייך געדאַכט! פאַר די אויגן האָבן זיך אַנטפּלעקט צוועלף שטיינדלעך, איינגע־טונקענע אין ווייסן שימל.

— דאָס הייסט שוין איבערגעצויגן דאָס שטריקל — זאָגט די פרוי — זינט איך ווייס פון שאָקאָלאַד, האָב איך אַזאַ זקנה נישט באַגעגנט...

זידנדיק פון כעס האָבן מיר זיך אַ לאָז געטאָן צו ציגלערן און אים געוואָלט פּשוט דורס זיין. דער יונגערמאַן איז געוואָרן בלייך ווי די וואַנט און האָט זיך שטאַמלענדיק פאַרענטפערט, אַז די דאָזיקע באַנבאָניערע האָט אים געשאָנקען פאַר אַ יאָרן זיין בעסטער חבר, האַניגמאַן, בעת ער, ציגלער, האָט געקראָגן דעם אַדוואָ־קאַט־דיפּלאָם.

פֿאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן תּיכּף אָנגעקלונגען צו האַניגמאַנען און אים געפֿרעגט: ס'טייטש? און אויך ער האָט אויסגעזאָגט אַ סוד: בעצם האָט אים דער־לאַנגט די באַנבאַניערע דער אינזשעניר גליק, לכּבֿוד דעם נצחון אין דער סיני־מלחמה.

ווייטער! דער אינזשעניר האָט געקראָגן די באַנבאַניערע מיט פֿיר יאָר צוריק בעת עס זענען ביי אים געבוירן געוואָרן צווילינגען פֿון דער שוועגערין (האָט נישט קיין טעות: דער שאָקאָלאַד קומט פֿון דער שוועגערין...). די שוועגערין האָט באַקומען די באַנבאַניערע פֿון גלאַזערן, גלאַזער פֿון סטעלמאַכן, סטעלמאַך פֿון דער מומע עלקע, די מומע עלקע... פֿון... נו, יאָ... פֿון אונדז אין יאָר 1951.

איך דערמאָן זיך שוין... מיר האָבן איר געקויפֿט די מתּנה, ווען זי איז בשלום אַריבער די פּוס־אָפּעראַציע.

הייסט עס, אַז די באַנבאַניערע האָט אַרומגעבלאָנדזשעט איבער גאַנץ ארץ־ישׂראל, איז געווען אַן אָנגעלייגטער גאַסט ביי כּל־המינים קערמעשלעך, משפּחה־שׂמחות, חנוכּת־הבית און פֿאַרלייגן גרונטשטיינער, ביז מיר האָבן מיט די אייגענע הענט פֿאַרשניטן די זיסע יאָרן אירע. ווען מיר וואָלטן זי נישט געעפֿנט, וואָלט זי זיך מסתּמא געעלטערט אין פֿריידן ווי לאַנג דאָס שאָכטל צעפֿאַלט זיך נישט.

מיט גרויס עגמת־נפֿש זענען מיר מודיע דעם ישובֿ אין לאַנד, אַז די איין און איינציקע באַנבאַניערע איז אַרויסגעצויגן געוואָרן פֿון קורס. עמעצער דאַרף איינ־האַנדלען אַ נייע באַנבאַניערע און פֿאַרבינדן די איבערגעריסענע קייט. עס טוט אונדז באמת לייד.



# אַפילו בן־גוריון בלייבט אין דרויסן

**א**נומלט אויף דער נאַכט יאַוועט זיך ביי מיר שטוקלער, דער סעקרעטאַר פונעם קלוב „גוטע ברידער״, און טוט מיר אַ זאָג:

— דעם ניינטן יוני וועט אין אונדזער קלוב פאָרקומען אַן אָוונט פון לייכטער פאַרווייליונג. ס׳וועט אונדז גרויס הנאה טאָן, אויב איר וועט באַוויליקן צו רעפּערירן פאַר אונדזערע מיטגלידער אויף דער טעמע: „צי איז פאַראַנען ישׂראלדיקער הומאָר און אויב יאָ, פאַר וואָס איז ער נישטאָ?״

— הערט מיך אויס! — האָב איך שטוקלערן געענטפערט — לויט מיין באַשיי־דענער מיינונג, איז אַ שרייבער מחויב קודם־כל צו שרייבן...

— אַוודאי! — מאַכט שטוקלער — אָבער נישט געקוקט דערויף, קאָנען מיר נישט צאָלן מערער פון 25 פונט.

— עס גייט נישט אין געלט...

— אויסגעצייכנט! הכלל, מיר זעען זיך דעם ניינטן יוני. אָנהייב זעקס דרייסיק



כ׳בין אָנגעקומען אויפן אָרט זעקס צוואַנציק. הגם מען קאָן עס אויסטייטשן ווי זעלבסט־באַרימעריי, וויל איך פון דעסטוועגן אונטערשטרייכן, אַז דער זאַל איז געווען אָנגעפּאַקט קאָפּ אויף קאָפּ. צוליבן צונויפלויף האָבן די איינאָרדנערס קיין אַנדערע ברירה נישט געהאַט, ווי אָפּצושליסן דעם הויפּט־אַריינגאַנג פאַרן המון וואָס האָט געוואָלט זיך אַריינרייסן אין זאַל. איך האָב אויך געפּרוווט מיט די עלנ־בויגנס אויסצוקעמפן פאַר זיך אַ סטעזשקע, אָבער גיי, נעם איין אַ טויער וואָס איז פאַרהאַקט מיט אַן אייזערנעם ריגל! האָב איך אַרומגערינגלט דעם בנין, ביז כ׳האָב געפונען אין הויף דעם הינטערשטן אַריינגאַנג — אַ גלעזערנע טיר, וואָס אויף דער אינעווייניקסטער זייט אירער האָט אַ פּלאַקאַט צו וויסן געגעבן וועגן מיין היינטיקער לעקציע. איבער דער טיר האָט זיך געדרייט דער ווענטילאַטאָר פון אַ לופטפענצטערל אויף אַרום דער דאָזיקער טיר האָבן זיך געשטופּט אַ שפּאַר ביסל אָפּטימיסטישע בחורים, בעת דורך אַ שמאָלן פּאַס פון דער שויב, אונטערן פּלאַקאַט, האָט מען געקאָנט אַריינקוקן אינעווייניק און זען געדיכטע שורות מיט טומלדיק יונגוואַרג וואָס וואַרט אויפן רעדנער, און אויך דעם אַדון שטוקלער, וואָס זיצט אין דער ערשטער ריי און איז גרייט אָנצוהייבן.

איך האָב עטלעכע מאָל געקלאַפּט אָן דער טיר, אָבער קיינער האָט זיך נישט אָנגערופן. נו, האָב איך גענומען האַמערן ווי עס געהער צו זיין, און ערשט באַוויזט זיך פון יענער זייט טיר עפּעס אַן אויבער־אָרדענער, הייבט אונטער אַ ביסעלע

דעם פּלאַקאַט און ווייזט מיר דורך אינטערנאַציאָנאַלע פינגער־סימנים, אַז איך זאָל זיך אָפּטראָגן. איך האָב אָנגעטייטלט אויף מיר, אַז א י ך בין דער רעדנער, און דערויף האָט דער פּאַרשוין אויפגעהויבן די לינקע האַנט (אַ פּנים אַ געלינקטער) און האָט קלאָר אָנגעוווּנקען, אַז אָט־אָט וועט ער מיר ברעכן די ביינער. פון דעסטוועגן האָב איך אים אָנגעוויזן מיטן פינגער, אויפן פּלאַקאַט און אויפן אינעווייניק. ער האָט זיך צעשריגן עפּעס אויף אַ פרעמד לשון, אַראָפּגערוקט דעם פּלאַקאַט און נישטאָ אים דאָס יונגוואַרג אַרום האָט פון מיר אָפּגעחוזקט, הלמאי דער טריק מיינער איז נישט געראָטן, אָבער איך האָב זיך נישט אונטערגעגעבן און ווייטער געזעצט אין דער טיר מיט אַלע כוחות. יאָ, איך האָב אַפילו דערלאַנגט דער טיר אַ לייטישן דריגע, און דאָס האָט דווקא יאָ געהאַט אַ פּעולה: די טיר האָט זיך אויפגעפּראַלט, דער הויפּט־אָרדענער האָט זיך באַוויזן און מיר דערלאַנגט אַ קלאַפּ איבערן שאַרבן מיט אַ בעזעם־שטעקן.

— נישטאָ קיין פּלאַץ! — האָט דער פּאַרשוין געריעוועט — פּאַרנעמט זיך פון דאַנען!

הגם דער קלאַפּ האָט מיך צעטרייסלט, האָב איך נישט אָנגעווירן דעם קוראַזש און געזאָגט:

— איך בין דער רעדנער — בשעת מעשׂה בין איך אָפּגעשפּרונגען אויף אַ זייט — לאָזט מיך אַריין, כ׳בעט אייך!

— אַפילו בן־גוריון וועט נישט אַריינגיין! — האָט דער הויפּט־אָרדענער געשריגן און געפּאָכעט מיטן בעזעם־שטעקן — איך זאָל דיך דאָ מער נישט זען, אַנדערש וועל איך רופן פּאָליציי, יונגערמאַנטשיק! — דאַן האָט ער מיט כעס פּאַרהאַקט די טיר, צוויי מאָל איבערגעדרייט דעם שליסל און אַן עק.

איך האָב זיך געזעצט אויף דער שוועל און געמאַכט אַ חשבון הנפש. כ׳בין געקומען צום אויספּיר, אַז וועגן מוותר זיין אויפן אַרויסטריט קאָן קיין רייד נישט זיין. כ׳האָב געהאַט צוגעגרייט אַ רעפעראַט אַן אַנטיק, ווו איך באַווייז קלאָר, אַז ביי אונדז אין דער מדינה איז פּאַראַן אַ מאַנגל אין הומאָר בלויז דערפאַר, ווייל די מלוכה שטיצט נישט קיין הומאָריסטישע אינסטיטוציעס. פון דער אַנדערער זייט זענען אויסגעגאַנגען די שאַנסן אַריינצוקריגן זיך אין זאַל. די שטורמישע פּאַטשעריי פון אינעווייניק האָט מיך אונטערגעטריבן עפּעס צו טאָן. איך בין אַריין אין אַן אַפּטייק און האָב אָנגעקלונגען אין קלוב.

— האַלאָ! — האָט עמעצער געענטפערט — נישטאָ קיין פּלעצער!

— גיט מיר, זייט מוחל, שטוקלערן!

— אוממעגלעך! ער הערט אַצינד די לעקציע.

דאָס הייסט מ י י ן לעקציע. דער עמעצער האָט בייז אָוועקגעלייגט דאָס טרייבל און איז צוריק אַוועק הערן מ י י ן רעפעראַט. איך האָב געקויפט צוקערקעס קעגן הוסט און בין אַוועק צוריק צו דער באַזע. דערווייל האָבן די ווייזערס נישקשה־דיק זיך גערוקט פּאָרויס. ביי דער הינטערטיר איז געבליבן נישט מער ווי איין איינגעשפּאַרטער בחור, וואָס האָט געטראָגן אַן אַקאָרדעאָן־קעסטל. מיר האָבן זיך זאָלבעצווייט גיך פּאַרחברט. ער איז געווען דאָס „רייכע קינסטלערישע פּראָגראַם"

וואָס אויפֿן פּלאַקאַט, און אויך ער האָט נישט באַוויזן זיך אַריינצובאַקומען אין זאַל. מיר האָבן אָפּגעהאַלטן אַ דרינגענדיקע זיצונג, אָבער ס׳האָט זיך אונדז נישט איינגעגעבן אויסצוגעפֿינען אַ מיטל, ווי אַזוי אָפּצוצי׳ען די וואַכזאַמקייט פֿון די ישׂראלדיקע אָרדענערס. דער מצב איז געווען אַזאַ, וואָס ערגער קאָן שוין נישט זיין: דער הויפּטאַריינגאַנג פֿאַרהאַקט, די פֿענצטער פֿאַרגראַטעוועט און פֿאַרלאָדנט.

אַלבערט — אַזוי האָט זיך גערופֿן דאָס רייכע, קינסטלערישע פּראָגראַם — האָט אַרויסגענומען דעם אַקאָרדעאָן פֿונעם קעסטל און אָנגעהויבן שפּילן מאַרשן אויף גאָר הויכע אָקטאַוועס, אָבער אינעווייניק האָט מען דערפֿון גאָרנישט געהערט, מחמת דאָס פּובליקום דאָרטן איז שוין געהאַט אַרויס פֿון די כלים און פֿון אַלע עקן האָט מען געפֿיפֿן און געטופּעט מיט די פֿיס. מיר האָבן אָנגענומען פֿאַרצווייפֿלטע מאָס־מיטלען. ווידער אַ מאָל בין איך אַריין אין דער אַפּטייק און פֿאַרלאַנגט עפּעס אַ זאַך, וואָס מען קאָן דערמיט שרייבן אויף גלאָז (כ׳האָב געטראַכט וועגן לופֿטפֿענצטערל).

— איר זענט אַ לעקטאָר אין קלוב? — פֿרעגט דער אַפּטייקער.

— יאָ.

— בדרך־כּלל באַנוצן די לעקטאָרן ליפּן־שמינקע.

איך האָב תּיכּף איינגעהאַנדלט אַ פּלאַמפּייערדיקע ליפּן־שמינקע פֿון אימפּאָרט. מיט דער הילף פֿונעם „רייכן, קינסטלערישן פּראָגראַם" האָב איך זיך אַרויפֿגע־דראַפּעט אויף דער רינע, ביז וואַנען כ׳האָב דערגרייכט צום לופֿטפֿענצטערל איבער דער הינטערטיר.

— איך בין דער רעדנער! — האָב איך אָנגעמאָלדן אויפֿן שייבל מיט קידוש־לבֿנה־אותיות. ווי נאָר כ׳האָב פֿאַרענדיקט דאָס געמעל, האָבן מיך אָנטפּלעקט דער הויפּט־אָרדענער און אַ יונגער אונטערהעלפֿער זיינער. אין צווייען האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן צום בעזעם ווי וואַלד־גזלנים, אָבער נאָך איידער ס׳איז זיי אָפּגעגאַלטן אויפֿצושליסן די טיר, האָבן מיר זיך אָפּגעטראָגן.

— אידיאָט! — האָט אַלבערט געמרוקעט בשעתן לויפֿן — אינעווייניק איז דאָך די שריפֿט קאַפּויער!

אין דער אמתן איז טאַקע דער אַקאָרדעאָן געווען צו שווער פֿאַר עמעצן וואָס אַנטלויפֿט. אַלבערט האָט מיר געזאָגט, אַז ער וואָלט שוין לאַנג זיך אָפּגעזאָגט פֿונעם גאַנצן עסק, ווען נישט שטוקלער, וואָס האָט אים צוגעזאָגט 75 פֿונט פֿאַרן רייכן, קינסטלערישן פּראָגראַם.

פֿאַרבייגייענדיק לעבן דער פּאָסט, האָט זיך אין מיין מוח אָנגעצונדן אַ זעלטענער איינפֿאַל. איך האָב געפֿרעגט איינעם הינטער אַ פֿענצטערל, ווי לאַנג עס דויערט, ביז עס קומט אָן אין תּל־אָבֿיבֿ אַ דרינגענדיקע דעפּעשע. ער האָט געענטפֿערט: „נישט לאַנג! כ׳וויס?..."

— כ׳שטיי אין דרויסן — האָב איך פֿאַרשריבן אויפֿן בלאַנק — לאָזט מיך אַריין — אייער לעקטאָר.

מיר זענען אַוועק צוריק צו דער באַזע, אָבער די דעפּעשע האָט זיך פֿאַרהאַלטן (די פּאָסט אונדזערע...) אינעווייניק האָט זיך געטאָן אויף טיש און אויף בענק. אַ צעווילדעוועטע פּאַטשעריי האָט זיך צונויפֿגעמישט מיט גרילצנדיקע געוואַלדן

„פע, אַ בזיון!״ און מיט אַ געטראַסק פון צעבראָכענע בענקלעך. מען האָט ממש געפּילט, אַז אָט־אָט וועט זיך אָנהייבן אַ חורבן. ס׳איז שוין נישט געווען וואָס צו פאַרשפּילן.

— אַריינרייסן זיך? — האָט אַלבערט הייזעריק אַ פרעג געטאָן, און איך האָב באין־ברירה מסכים געווען. מיר האָבן זיך געהאַלדזט און געדריקט די הענט. ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפענעם עק פונעם הויז האָבן מיר אויסגעניטשערט אַ גראָב רושטאָ־וואַניע־ברעט, עס אַוועקגעשלעפּט זאַלבעצווייט, זיך אָפּגערוקט פון דער טיר געציילטע טריט און דאַן אַריינגעבוכעט דעם שטורעם־באַראַן אין סאַמע האַרץ פון דער פעסטונג. ביים ערשטן זעץ האָט די טיר זיך צעטרייסלט, און ביים צווייטן האָט זי געקראַכט און זיך איינגעבראָכן הינטערווייַלעכטס מיט אַ גרויליקן הילעך.

די שלאַכט איז געווען אַ קורצע אָבער אַן אַכזריותדיקע. דער הויפּט־אָרדענער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אַלבערטן און אים אַנידערגעוואַלגערט מיט איין גבורהדיקן קולאַק־זעץ. אַ דאַנק אַ פלינקן דריי פונעם גוף איז מיר געראָטן אויסצומיידן אַ פליִענדיק בענקל, וואָס דער געהילף האָט געשליידערט צו מיר. איך האָב געיאָגט צום זאַל אין זיגזאַג־ליניעס, כדי די קוילן זאָלן מיך נישט טרעפן. דער הויפּט־אָרדענער האָט זיך דערווייל אויסגעטשוכעט, איז אָפּגעטראָטן פונעם רייכן קינסטלערישן בר־מינן, האָט אַ שפּרונג געטאָן ווי אַ לעמפּערט און מיר נאָכגעיאָגט אָבער ער האָט באַוויזן צו כאַפּן נישט מער ווי אַ פאָלע פון מיין רעקל. כהרף־עין האָב איך פון זיך אַראָפּגעוואָרפן דאָס רעקל, פאַר איין וועגס אָפּגעטריבן פון זיך דעם געהילף, און אַריינגעשטורעמט אין זאַל, צעקלאַפּט און צעקאַליעטשעט, מער טויט ווי לעבעדיק. שטוקלער איז מיר אַנטקעגנגעגאַנגען אַ צעשטראַלטער און האָט געפרעגט, הלמאי איך האָב זיך פאַרשפּעטיקט. איך האָב אים דערציילט וועגן די שוועריקייטן, וואָס איך האָב באַגעגנט.

— יאָ, דאָס טרעפט — האָט שטוקלער מסכים געווען — די אָרדענערס ביי אונדז מוזן גיין מיט בייזן, אַנדערש וואָלט זיך געטאָן חושך. ערשט פאַר אַ יאָרן איז דער דיכטער ציגענבאַרט געוואָרן דערשטיקט, בעת ער האָט געפּרוווט אַריינגיין דורך די רערן פון דער לופטקילונג.

שטוקלער האָט אָנגעזאָגט דעם עולם די בשורה, אַז דער רעדנער איז נאָר וואָס אָנגעקומען. מען האָט מיך אויפגענומען מיט אַ התלהבות, וואָס די וועלט האָט נישט געזען. דער הויפּטאָרדענער און זיין געהילף זענען געשטאַנען אין דער זייט און האָבן געפּאַטשט בראַוואָ ווי צעדולטע.

— מיינע דאַמען און הערן — האָב איך אָנגעהויבן — ס׳איז דווקא יאָ פאַראַן הומאָר ביי אונדז אין דער מדינה...



# עליו השלום

ש ולדיק אין דעם אַלעמען זענען די שפּיגלס, וואָס האָבן פֿאַרבעטן גרינבוטערן צו אָוונטברויט גראָד דאָנערשטיק, ווען ער אַרבעט ווי נאַכט־רעדאַקטאָר אין דער רעדאַקציע פֿונעם אָרגאַן „פּ ל ו י ט". צוליבן אָוונטברויט האָט גרינבוטער נישט געוואָרט אין יענעם אָוונט, ביז וואַנען מען וועט אָפּשליסן דעם נומער פֿאַר האַלב־נאַכט, נאָר כאַפּנדיק, אַרום האַלב עלף, אַדורכגעקוקט די פֿאַרטיקע זייטלעך פֿון דער אויפֿלאַגע, נישט געפֿונען קיין שום חסרון און זיך געאײַלט צו די שפּיגלס. היות אָבער ס׳האָט געפֿעלט אויפֿן ערשטן זייטל פֿון די קאָרעקטור־בייגנס דער לעצטער אָפּזאַץ פֿונעם יובילײ־אַרטיקל לכבוד דער הסתדרות, האָט דער נאַכט־רעדאַקטאָר אין איין אָטעם געצייכנט אויפֿן ראַנד פֿונעם קאָרעקטור־בויגן אַן אָנווייז פֿאַר יצחקן, דעם געניטן זאַצבערעכער, בזה הלשון:

„הסתדרות געבן אין אַ ראַם" און צוגעגעבן: „יצחק דער סוף איז נישטאָ".

צו מאָרגנס האָט גרינבוטער, בעת ער איז נאָך געלעגן אין בעט, גענומען דעם פֿרישן נומער אין האַנט, און ווי נאָר ער האָט דעם ערשטן קוק געטאָן, איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פֿונעם געלעגער, עלעהיי אַ שלאַנג וואָלט אים געביסן. פֿון דער ערשטער זייט האָט אים אָנטקעגנגעשײַנט אַ נעקראָלאָג מיט קידוש־לבנה־אותיות, אַרומגערינגלט מיט אַ דיק טרויער־רעמל:

> **יצחק דער סוף נישטאָ!**
>
> אַלגעמיינער פֿאַרבאַנד פֿון די ייִדישע אַרבעטער אין א״י

גרינבוטער, אַ צעשרויפֿטער און מלא רציחה, האָט געיאָגט אין דער רעדאַקציע, אָבער דאָרט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז טאַקע ער אַליין האָט עס אָנגעאַרבעט די חתונה. יצחק, דער אויסגעפּרוּווטער זאַצבערעכער, האָט אַ קורצע ווײַלע זיך אײַנ־געהערט צו גרינבוטערס זידלווערטער, דערנאָך האָט ער געזוכט און געפֿונען דעם נעכטיקן קאָרעקטור־בויגן און אים געוויזן דעם רעדאַקטאָר, ווו ס׳האָט זיך בפּירוש געלייענט מיט גרינבוטערס כתב־יד: געבן אין אַ ראַם הסתדרות יצחק דער סוף איז נישטאָ".

מר גרינבוטער איז בלייך געוואָרן ווי די וואַנט, האָט געטופּעט מיט די פֿיס, געשאָלטן די גאַנצע וועלט און איז אַוועק ווי אַ וויכער צו דער פֿאַרוואַלטונג, כדי

ער זאָל דאָרט אויסגעפּינען עפּעס אַ תּירוץ פֿאַרן סקאַנדאַל. אָבער ער האָט די באַלע־באַטים גאָר געפֿונען אין אַ געהויבענער שטימונג, אויפֿגעלייגטע און צופֿרידענע, מחמת נאָר וואָס האָט דער אַנאָנסן־אַפּטייל צו וויסן געגעבן, אַז נישט ווינציקער פֿון 22 פּעטע און גוטע נעקראָלאָגן זענען שוין אָנגעקומען פֿון אַלע עקן לאַנד צוליבן פּריצייטיקן טויט פֿון יצחק דער סוף, עליו השלום. מר גרינבוטער האָט איינגעזען, אַז עס וואָלט נאַריש געווען אין איצטיקן מצב אויפֿצורודערן אַ בלאָטע, און דערפֿאַר האָט ער בלויז אַרויסגעזאָגט פֿאַר די ברויטגעבערס ווערטער פֿון טיפֿן צער איבער דער גרויסער אַבֿדה און איז אַוועק פֿון דאָרטן לעבעדיק און פֿריילעך, ווי עמעצער, וואָס איז ניצול געוואָרן על־פּי נס.

אַזוי אַרום איז געשען, אַז שוין דעם צווייטן טאָג האָבן די שפּאַלטן פֿונעם „פֿלויט" געשווינבלט מיט נעקראָלאָגן, ווי אַ שטייגער: „איינגעהילטע אין טרויער זענען מיר מודיע, אַז אונדזער טייערער יצחק דער סוף איז פֿאַר דער צייט פֿאַרשניטן געוואָרן. שטוקסטיל, רעגיסטרירטער קאָנסומענטן־קאָאָפּעראַטיוו. פֿאַרוואַלטונג און פּערסאָנאַל", צי „דער פֿלוצעמדיקער טויט פֿון יצחק דער סוף עליו השלום, וואָס איז געווען איינער פֿון די בויערס פֿונעם ישובֿ, אַן איידעלע נשמה און אַ געהויבענער מענטש, האָט אונדז טיף דערשיטערט. דער אַרבעטער־קאָמיטעט פֿון יד אליהו".
דאָס אַלץ איז אָבער גאָרנישט לגבי דעם נומער אויפֿן דריטן טאָג נאָכן טויט. דעמאָלט האָט די רעדאַקציע געמוזט צוגעבן צוויי זייטן אָנגעפּיקעוועטע מיט נעקראָ־לאָגן. „המשביר המרכזי" האָט פֿאַרנומען אַ האַלבע זייט („מיר באַווייַנען מיט ווייטיק די פּטירה פֿון אונדזער חבֿר יצחק (הענדעל) דער סוף, וואָס איז פֿון אונדז אַוועק־געריסן געוואָרן פֿאַר דער צייט"), און אויך „די קאָמפּאַניע פֿאַר נאָפּט־בויערונגען אין דרום" האָט אַרויסגעוויזן שטאַרקע צערודערטקייט („מיר טרויערן מיט אייך איבערן פּריצייטיקן אַוועקגיין פֿונעם טייערן מענטש"). ס'האָט זיך אַפֿילו אויך אַרייַנגעגנבֿעט אַ פֿאַרדריסלעכער טעות: („אַ האַרציקן מזל־טובֿ דער משפּחה דער סוף צום געבוירן־ווערן פֿונעם טעכטערל. משפּחה ביליצער").
אויך אין אַנדערע פּרימאָרגן־צייטונגען זענען געווען אַן אַ שיעור נעקראָלאָגן, הגם נישט אַזוי פֿיל ווי אינעם „פֿלויט". דער שעף־רעדאַקטאָר פֿונעם בכבֿודיקן בלאַט „פֿאָטערלאַנד" האָט זיך זייער גענומען צום האַרץ, הלמאי ער האָט נישט באַוויזן צו זיין דער ערשטער, וואָס האָט צו וויסן געגעבן וועגן טויט פֿונעם באַרימטן עסקן. כּדי צו ליקווידירן אָ־די הינטערשטעליקייט, האָט ער תּיכּף באַפֿוילן דעם ספּאָרט־רעדאַקטאָר, ער זאָל אָנשרייבן אַ גאַנצן שפּאַלט וועגן נפֿטר. דער ספּאָרט־רעדאַקטאָר האָט גענומען זוכן מאַטעריאַל ווו די שטאָט האָט אַן עק, אָבער ווו ער האָט זיך געקערט און געווענדט האָט מען זייער שוואַך זיך דערמאָנט אַן יצחק דער סוף עליו השלום. כּדי אויסמיידן צרות מיטן שעף־רעדאַקטאָר האָט ער קיין אַנדערע ברירה נישט געהאַט, ווי צונויפֿצושטעלן אַ הספּד בלויז אויפֿן סמך פֿון דערפֿאַרונג און שׂכלדיקע קאָמבינאַציעס:

„יצחק (הענדעל) דער סוף, פֿון די ערשטע בויערס פֿונעם ישובֿ, איז אייערנעכטן נאָך מיטאָג ביי זיך אין דער היים פֿלוצעם איינגעזאַמלט געוואָרן צו די עלטערן זיינע און מען האָט אים געבערענגט צו אייביקער רו אויפֿן אָרטיקן בית־עולם. יצחק דער

סוף האָט באַלאַנגט צו די פּיאָנערן פון דער הגנה און האָט אָנטייל גענומען כמעט אין אַלע צווייגן פונעם אַרבעטנדיקן ישוב. אין דער יידישער גימנאַזיע פון מינסק, וועלכע ער האָט פאַרענדיקט מיט אַן אויסצייכענונג, איז ער געווען דער לעבעדיקער גייסט צווישן די תלמידים און האָט געשאַפן אַן אונטערערדישע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע. יצחק דער סוף האָט עולה געווען אין איינעם מיט דער משפחה קיין ארץ־ישׂראלביים אָנהייב פונעם יאָרהונדערט. ווי נאָר די פיס זיינע האָבן זיך אָוועקגעשטעלט אויף דער ערד פון די נביאים, האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן אין אונטערשטן גליל און האָט זיך דאָרט אָנגעשלאָסן אין „השומר הצעיר", וועלכן ער האָט אַ מאָל, אַגב, געהאָלפן גרינדן. אייניקע יאָר שפּעטער, תיכף נאָכן סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז ער געווען פון די סאַמע ערשטע, וואָס זענען פרייוויליק אַריינגעטראָטן אין די רייען פון דער מאַנדאַט־פּאָליציי, ווו ער האָט באַלד דערוואָרבן דעם ראַנג פון אַן אָפיציר, אָבער צוליב אַ סכסוך מיט די עלטסטע זיינע האָט ער דעמיסיאָנירט. ער איז אַוועק אין קיבוץ דגניה מיט אידעאַליסטישן ברען, און ווי נאָר מען האָט אים אַ רוף געטאָן, האָט ער אונטערגעשטעלט אַ פּלייצע אין דער אַדמיניסטראַציע פונעם קרן־היסוד. במשך פונעם גאַנצן לעבן איז ער געווען אַקטיוו ביי פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע אויפגאַבעס סיי אין לאַנד און סיי אין חוץ־לארץ, צווישן אַנדערע אויך ווי עקזעקוטיווער אַדמיניסטראַטאָר פונעם סוכנות־צענטער. נאָך יאָרן פולע מיט פּרוכטיקער אַרבעט לטובת הכלל, האָט ער זיך גענומען מתעסק זיין בלויז מיט הסתדרות־ענינים. בערך מיט צוויי יאָר צוריק האָט ער זיך אַריבערגעקליבן מיט דער לעבנס־באַגלייטערין זיינער אין זיין לעצטן וווינאָרט, ווו ער האָט אָנגעפירט מיטן קאָמונאַלן אָרטסראַט ממש ביזן לעצטן טאָג".

ווי דער שטייגער איז, האָט דער עולם זיך דערמאָנט אָן אים ערשט שפּעטער, נאָך זיין פּטירה, און ביי אַלעמען האָט זיך געשיילט דאָס פּנים פאַר בושה. ביי דער טרויער־אזכרה צו די שלושים זענען זיך צונויפגעקומען הונדערטער בירגער און אויסגעהאָרכט מיט יראת־הכבוד די רייד פון די מספידים, וואָס האָבן התלהבותדיק אָפּגעשאַצט יצחק דער סופס דערגרייכן. „געווען איז ער סיי אַ זעער און סיי אַן אויספירער, איינער וואָס האָט אויסגעפלאַסטערט דעם וועג און האָט געשפּרייזט פאַרויס אין שפּיץ פון דער מחנה — האָט דער בילדונג־מיניסטער אויסגערופן — געווען געבענטשט מיט וווּנדערלעכער חכמה און געניטשאַפט, און פול מיט אומבאַ־גרענעצטער געטריישאַפט, מיט מסירות־נפש אָן אַ ברעג". אין די אויגן פונעם עולם האָבן געבליאַסקעט טרערן פון אמתדיקער טרויער, בעת דער מענער־כאָר פון גבעת־ברנר האָט פאַרענדיקט די אויפטרייסלענדיקע אַזכרה מיטן ליד „אַהבת ציון" פונעם פּאָעט שאול טשערניכאָווסקי ז"ל.

ווען דער נייער צענטראַלער בנין אין תל־אביב איז פאַרטיק געוואָרן, זענען נישט געווען קיין שום חילוקי־דעות וואָס שייך דעם נאָמען פונעם דאָזיקן פּאַלאַץ. אַ שפּאָר ביסל צייט האָט מען אַרומגעזוכט יצחק דער סופס קרובים, כדי זיי זאָלן אָנטייל נעמען ביים חנוכת־הבית פונעם „דער סופס הויז", אָבער היות מען האָט קיין איינציקן קרוב נישט געפונען, האָט דער ראש־העיר אַליין איבערגעשניטן דעם באַנד אינעם נאָמען פונעם נפטרס אלמנה. דער גרויסער בנין איז געווען ווי אָנגע־

מאָסטן פאַר יענעם, וואָס האָט אים געשאָנקען זיין נאָמען. ווי נאָר מען איז אַרויף די מערמלטרעפּ, האָט מען דערזען דער סופס פּאָרטרעט, וואָס איז געהאָנגען אין סאַמע אויבנאָן. צופוסן זענען געווען צעשפּרייט אַ סך פּילקאַליריקע בלומענקרענץ, פון אינסטיטוציעס, פּערזענלעכקייטן און סתם עמך.

אָט דער פּרעכטיקער איילפּאָרטרעט האָט זיין אייגענע געשיכטע. דער מאָלער האָניגמאַן, וואָס מען האָט אים אויסגעקליבן ע ר זאָל עס פּאַראייביקן דעם אומ־פּאַרגעסלעכן עסקן, האָט לכתחילה נישט באַוויזן צו געפינען אַ בילד צי אַ פאָטאָ־גראַפיע פונעם עניוותדיקן נפטר. ממש אין דער לעצטער רגע האָט זיך אים פּאָרט איינגעגעבן אויסצוגעפינען אין די אַרכיוון פונעם ועד־הפּועל אַ פאָטאָגראַפיע פון 35 יאָר צוריק, אויף וועלכער מענטשן מיט אַ זיכרון האָבן דערקענט יצחק דערסופן בעת ער שטייט הינטער יוסף קוביטשעווסקין און אויפן פּנים ביי אים צעגיסט זיך דער באַקאַנטער, ליבהאַרציקער דערסוף־שמייכל. נישט געקוקט אויף די שוועריקייטן איז פון דעסטוועגן האָניגמאַנען געלונגען אַרויסצוכישופן דעם נפטרס איידעלע גע־שטאַלט. ווערליק דער קריטיק פון אַ סך אויסגערופענע קונסט־מבינים, האָט דער מאָלער ממש באַוויזן ווונדער ביים אויפלעבן „אונדזער איציקס" פלאַמיקע און קלוגע אויגן.

עס האָט שוין געהאַלטן ביים אַרויסלאָזן יצחק דערסופס ז"ל שאַפונגען פונעם ליטעראַרישן עזבון זיינעם אין אַ פאַלקסטימלעכער אויפלאַגע דורכן פאַרלאַג „גביר". די רעדאַקטאָרן פון דער אויסגאַבע האָבן געניטשטערט אין צעשאָטענע און פאַרגעלטע צייטונגס־קאָלעקציעס, ביז וואַנען זיי האָבן אין אַ גוטער שעה דערשנאַפּט אַ סך שריפטן פון דער געבענטשטער פעדער זיינער. הגם די דאָזיקע פּערל זענען בשעתו דערשינען אָן אַן אונטערשריפט, האָט אָבער יצחק דערסופס אָריגינעלער און חריי־פותדיקער סטיל אַרויסגעשפּאַרט פון יעדער שורה, אַזוי, אַז מען האָט באַשיימ־פערלעך דערקענט דעם פאָטער זייערן.

אָבער ערב דעם אַרויסלאָז פונעם צווייטן באַנד רעדעס פון יצחק דערסוף האָט געטראָפן, עפּעס אַ שפּיצל, וואָס גרינבוטער האָט אָפּגעטאָן. די גאַס, ווו ער האָט געוווינט, האָט באַקומען אַ שפּאָגלנייעם נאָמען, לויטן פאַרלאַנג פון די ברייטע מאַסן: יצחק דערסוף־בולוואַר. דאָס, און דער ריטעם פון די געשעענישן בכלל, האָבן גרינ־בוטערס געמיט אויף אַזוי ווייט צעבראָכן, אַז ער האָט זיך אַוועקגעזעצט און אָנגעשריבן אַן אַרטיקל, ווו ער שלאָגט זיך על־חטא און אַנטפּלעקט, אַז צוליב אים איז באַשאַפן געוואָרן עמעצער, וואָס איז לא היה ולא נברא. שוואַרץ אויף ווייס האָט ער באַוויזן, אַז יצחק דערסוף האָט גאָר קיין מאָל נישט געלעבט, אָבער דער עולם האָט זיך אָנגענומען דעם נפטרס קריוודע.

ביים חנוכת־הבית פון דער מיטלשול אויף יצחק דערסופס נאָמען, דעם צווייטן טאָג נאָכן דערשיינען פון גרינבוטערס פּאַמפלעט, האָט דער סעקרעטאַר פון דער פּאַרטייישער בילדונג־סעקציע אַריינגעפלאָכטן אין דער רעדע זיינער:

„...און וואָס שייך געציילטע שרייבערלעך, האָבן זיי אים באַוואָרפן מיט בלאָטע ביים לעבן און טוען עס אויך נאָכן טויט. אונדזער אַלעמענס ענטפער איז: אַוועק מיט די לאַפּעס אייערע פון יצחקס אָנדענק!".

גרינבוטער, וואָס האָט בייגעווינט דעם חנוכת־הבית, איז פּלוצעם אַראָפּ פון זינען און האָט זיך צערעוועט, אַז דער גאַנצער טאַראַראַם איז נישט מער ווי אַ שקר, אַ רעזולטאַט פון אַ פאַרגרייזטן אַנאָנס. די אָרדענערס האָבן אים כהרף־עין אַרויס־געשלעפּט פונעם זאַל. איידער וואָס־ווען האָט מען אים אַריבערגעפירט אין אַ שפּי־טאָל, אָבער די גוטע באַהאַנדלונג האָט לגמרי נישט פאַרבעסערט זיין מצב, מכל־שכן אַז דאָס שפּיטאָל האָט זיך אויך אָנגערופן אויף יצחק דערסופס נאָמען, און דערצו נאָך שטייט דער דענקמאָל זיינער אין גאָרטן. די רעכטע האַנט איז ביי אים אַן אויס־געשטרעקטע און טייטלט אויפן עמק, וואָס איז געווען תמיד איינגעבאַקן אין זיין האַרצן.

אין איינעם אַ וואַרעמען פאַרנאַכט האָט גרינבוטער זיך צעווילדעוועט אויף אַזוי ווייט, אַז מען האָט אים אַריבערגעפירט אין אַ משוגעים־הויז. היות אויך דאָרטן איז אים דער שגעון נישט אַרויס פונעם קאָפּ, האָט מען אים סוף־כל־סוף אַרויסגענומען פונעם דולהויז, און דער מאַגיסטראַט פון רמת־גן האָט אים צוגעטיילט דעם דערסוף־פּרייז פאַר שיינער ליטעראַטור בתורת יישר־כוח פאַר זיינע זשורנאַליסטישע דערגרייכן.

ערשט דעמאָלט האָט זיך גרינבוטער אויסגעטשוכעט און מער נישט אָנגעטאָן קיין צרות.



# אויס חיות!

— אדוני — טוט צו מיר אַ זאָג אַנומלט מיין פאַרלעגער — איידער איר נעמט זיך שרייבן אַ ניי בוך, גיט זייט מוחל אַ טראַכט, ווער עס לייענט נאָך העברעיִש אין דער דאָזיקער מדינה!

— נישקשה, נאָך פאַראַן! — האָב איך עקשנותדיק אָפּגעפּרעגט — מען זאָגט, אַז אין גבעתיים וווינט אַ פּאָרפּאָלק, וואָס קויפט עטלעכע העברעיִשע ביכער יאָר־איין יאָר־אויס.

— אפשר! — מאַכט דער פאַרלעגער — כ׳האָב אויך געהערט. אָבער ס׳איז פּאָרט נישט מעגלעך צו באַזירן דעם העברעיִשן פאַרלאַג בלויז אויף דעם פּאָרפּאָלק.

— גוט — האָב איך געזאָגט — וועל איך אָנשרייבן אַ בוך פאַר קינדער. וואָסער סחורה גייט היינט צו טאָג?

— ח י ו ת.

— גוט, וועל איך שרייבן וועגן איינער אַ חיה.

— וועגן וועלכער חיה?

— כ׳האָב נאָך נישט געקלערט דערפון. לאָמיר זאָגן, למשל, וועגן ציגעלע פון חד־גדיא.

— קינד! — מאַכט דער פאַרלעגער — שוין אויסגענוצט. „די שפּיצלעך פונעם ציגעלע גדעון”. אַכט אויפלאַגעס זענען שוין געוואָרן פאַרצוקערט. דאָס ציגעלע גדעון אַנטלויפט פון דער היים און פּאָרט מיט אַ דזשיפּ אין שטאָט אַריין. נאָך אַ סך אַוואַנטורעס זעט עס אַליין איין, אַז צום בעסטן איז טאַקע נאָר אין דער היים און עס קערט זיך צוריק צו דער מאַמען, דער ציג. איר מוזט צוטראַכטן, אַדוני, עפּעס אַ גאָר אויסטערלישע חיה, וואָרעם מען האָט שוין אָנגעשריבן קינדערביכער כמעט וועגן אַלע חיות.

— וואָס מיינט איר וועגן אַ בער?

— ערשט פאַרגאַנגענע וואָך האָב איך אַרויסגעלאָזט דאָס לעצטע בוך פון דער סעריע „טאָמי דער מוראַשקע־בער”. טאָמי אַנטלויפט פון דער היים צום פּאָרט און וויל ווערן אַ מאַטראָז, אָבער סוף־כל־סוף קערט ער זיך אום אַהיים, וואָרעם ער זעט אַליין איין, אַז צום בעסטן איז טאַקע אין דער היים. אַלץ איז שוין אויסגע־שעפּט: אַ קאַץ, אַן אָקס, אַ קי, אַ זומער־פייגעלע, אַ צאַפּ, אַ זעברע, אַ הערשעכע..

— אפשר אַ שאַקאַל?

— שוין פאַראַן. זלמן דער שאַקאַל שליסט זיך אָן צו די פּאַרטיזאַנער. זעכצן אויפלאַגעס.

— ער אַנטלויפט פון דער היים?

— יאָ, אין אַ דזשיפּ. איר מוזט צוטראַכטן עפּעס נייס.

— אַ זשיראַף?

— אָ, דאָס איז איצט אַ באָמבע! „נורית די זשיראַפּעכע אין תל־אביב". זי אַנטלויפט פון דער היים.

— אַ פלעדערמויז?

— „זשאַקאָ די פלעדערמויז און די 40 גזלנים". די אַוואַנטורעס פון אַ קליין פלעדערמייזל, וואָס אַנטלויפט פון טאַטע־מאַמע...

— אָבער קומט צוריק?

— אַוודאי! אין אַ דזשיפּ.

מיין פאַרלעגער איז אויפגעשטאַנען און צוגעגאַנגען צום מאַגאַזין.

— כ'לעבן, ס'איז שווער אויסצוגעפינען עפּעס אַ נישט־פאַרנומענע חיה! — האָט ער געמורמלט, בעת ער האָט געגנישטערט צווישן די ביכער — אָט איז „אַרנון דער אָדלער ביי דער אָלימפּיאַדע", צי „קאָקאָ, די לוסטיקע פּיאַווקע", צי „משהלע דעם הערינגס ביאָגראַפיע". ער אַנטלויפט פון דער היים, כדי צו ווערן...

— אַהאַ, ס'איז דאָ! — האָב איך אויסגעשריגן — אַ רעגן־וואָרעם!

— 23 אויפלאַגעס! — צעלאַכט זיך דער פאַרלעגער — „גוסטי דער רעגן־וואָרעם לאָזט זיך אַוועק איבערן ים". דווקא גאָר ווילע שפּיצלעך. ער גנבעט זיך אַריין אין אַ שיף...

ווי אַזוי?

— ער באַהאַלט זיך אונטער אַ טראַנספּאָרט מיט דזשיפּן...

— איך פאַרשטיי. הייסט עס, אַז עס בלייבט פאַר מיר גאָרנישט, חוץ אַ פלוי...

— „טשופּי די פלוי פריצעוועט דעם צאַלאָמט". געדרוקט אין לעצטן האַרבסט. ער אַנטלויפט פון דער היים דורכן גאָרטנטירל, טשיקאַווע ביז גאָר...

— נו, און שלאַנגען?

— שוין געווען! „דאָדאָ דער פּיפּערנאָטער ווייזט קונצן אין צירק". ער פאַר־חברט זיך מיטן יינגעלע און זאַלבעצווייט אַנטלויפן זיי פון דער היים, אין איינעם מיט מיצי, דער גריל.

— אפשר אַ קאַרפּ?

— „קאַרטשי, דער קאַרפּ, ביים לופטפלאָט".

— אַ שנעק?

— „טשיקי און טשוקי, די שקאַצעוואַטע שנעקלעך".ביידע זענען זיי צווילינגען, אַנטלויפן פון דער היים וואָס אויף די פלייצעלעך זייערע, אָבער קומען אַהין צוריק, מחמת זיי ציטערן פאַר קעלט...

— גוט — האָב איך אָפּגעזיפצט — זאָל זיין אַ ים־שוועמל!

— אויסגעצייכנט! — האָט זיך צעליכטיקט דעם פאַרלעגערס פּנים — דוכט זיך, אַז דאָס איז נאָך נישט געווען. אָבער איר מוזט זיך שטאַרק צואיילן. אויב נישט, וועט מען געוווויר ווערן און אין משך פון צוויי וואָכן וועלן אַרויס דריי וואַריאַנטן.

— פאַרלאָזט זיך אויף מיר! — האָב איך געמאַכט — איר מעגט שוין איצט אַריינשרייבן אין קאַטאַלאָג: „פּאָגי, דאָס ים־שוועמל, קומט צוריק אין שטעטל"...

— נו, מאַכט פּיס!

איך האָב געיאָגט אַהיים אין איין אָטעם. שוין צו מאָרגנס בין איך פּאַרטיק געוואָרן מיטן ערשטן באַנד פון דער סעריע. אַ גאָר טשיקאַווער סיפּור־המעשׂה: פּאָגי אַנטלויפט פון דער היים, כדי צו ווערן אַ קיד־שוועמל אין ירושלים. ער טוט אָפּ אַ שלל מיט שפּיצלעך און קערט זיך אום אַהיים. איך האַלט, אַז ער וועט זיך אומקערן אין אַ דזשיפּ. וואָס זיכער, איז זיכער...



# אויף אַ האָר

9טן יוני 1958. היינט אין דער פרי האָב איך דערזען אין צייטונג כרושטשאָווס בילד, און כמעט אויסגעשאָסן מיט אַ הילכיק געלעכטער. ווי קאָן עס עמעצער, דערצו דער מנהיג פון אַ גרויסער מדינה, טראָגן אויפן קאָפּ אַ פליך, ווי אַן אָפּגעריבענע ביליאַרד־פילקע? צי איז טאַקע נישט פאַראַן קיין מיטל קעגן דעם אָנשיקעניש? איך צווייפל. אונטער כרושטשאָווס השפעה האָב איך אַ קוק געטאָן אין שפיגל און בודק געווען דעם מצב פון מיינע האָר. נאָך אַ גענויען דורכקוק איז מיר אָפּגעגאָלטן צו אַנטפּלעקן, אַז איןביידע זייטן איבער די שלייפן האָט זיך ביי מיר אַ פּנים דער שטערן נישקשה אַרויפגערוקט, און דאָס איז מסוגל צוצוגעבן מיין אויסזען בולטע סימנים פון אַן אינטעלעקטואַל. אין מיינע יאָרן טרעפט עס זיך אָפּט. דערמיט האָב איך דעם ענין אַראָפּגענומען פונעם טאָג־אָרדענונג.

10טן יוני 1958. היינט אין דער פרי האָב איך געוואָרפן אַ גיכן בליק אויפן קאַם און געפונען אויף אים 23 אינדיווידועלע האָר. איך נעם זיך נישט איבער. דער פריזיער מיינער, מיט וועלכן כ׳האָב זיך אומגעריכט באַגעגנט אין זיין ראַזורע, האָט מיר געזאָגט, אַז אויב עס קריכן אויס יעדן טאָג פון 10 ביז 23 האָר, דאַרף מען זיך נישט זאָרגן.

גייט צו אַ דאָקטער!

— דאָס איז גאָרנישט — האָט געזאָגט דער געניטער פריזיער — אַ פליך איז בכלל אַ ירושה־זאַך. מורא האָבן דאַרף נאָר דער וועמענס עלטערן ס׳זענען נישט געווען אין אָרדענונג.

אין דער היים האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף מיין זיידעס אַ פאָטאָגראַפיע ווו ער איז אַראָפּגענומען אין איינעם מיט זיינע אַכט ברידער — איינס ווי איינס פליכעוואַטע. אַ שערער דאַרף בלייבן ביי דער שער און נישט אַריינשטופּן זיין עם־האַרצישע נאָז אין ירושה־פילאָזאָפיע...

3טן סעפּטעמבער 1958. זינט כ׳האָב זיך גענומען בודק זיין, האַלטן די האָר ביי מיר אין איין אויסקריכן. קיינער זעט עס נישט, אָבער איך אַליין כאַפּ זיך, אַז פון פאָרנט ווערט ביי מיר די טשופּרינע אַלץ שיטערער (פאַריקע וואָך איז דער דורכשניט געווען: 30!). כ׳בין נישט אַריינגעפאַלן אין קיין פּאַניק, אָבער איך האַלט אָפן די אויגן. איך האָב געשריבן צו דער רעדאַקציע און געבעטן אַן עצה. אָט וואָס מען האָט מיר געענטפערט אין דער רובריק „לייענערס ווילן וויסן״:

**דער פּעדאַנט**, תל־אביב. די האָר שטעלן מיט זיך פּאָר דינינקע פּעדעם, וואָס שפּראָצן אויף דער אויסגוווייניקער הויט פון מענטשן און פון זויג־חיות. אויב האָר קריכן אויס, איז עס אַ נאָרמאַלע דערשיינונג. אויב אָבער דאָס אויסקריכן דערגרייכט אַ מדרגה, וואָס רופט אַרויס זאָרג, ווערט דער ענין פריקרע, צו מאָל האַרב ביז גאָר. וואָס פּלוצעם פרעגט איר **אונדז**?

איידער וואָס־ווען, האָב איך זיך אַריינגעכאַפּט צו אַ דאָקטער אַ מומחה. ער האָט געמאַכט אַ מאָסע טעסטן: בלוט, האַרץ, לונג־און־לעבער, פאַרדייונג און פּסיכאָ־טעכניק. ווי נאָר ער האָט פאַרענדיקט מאַכן די אַנאַליזן, האָט דער דאָקטער אַ זאָג געטאָן: „עס קומט אייך אַ מזל־טוב, איר זענט געזונט אייזן!" וואָס שייך אָבער די האָר, האָט ער געזאָגט, אַז ס'איז פאַרפאַלן. אויב עס קריכט אויס, קריכט אויס

**11טן פעברואַר 1959**. איך האָב געפרעגט דעם פריזיער, צי איז נישט דאָס פאַך מיינס, שרייבערײַ, משפּיע אויפן אַרויספאַלן פון די האָר?

— אַלץ קאָן געמאָלט זיין — האָט מיר דער פריזירער געגעבן צו פאַרשטיין — מען דאַרף וואַרטן. לעת־עתה איז ביי אייך נישט צום פאַרזינדיקן.

די נייע פריזור פאַסט זיך דווקא זייער צום, לאָמיר זאָגן, יונגן פּנים מיינעם אַלע האָר איבערן שטערן זענען צונויפגענומען און אַ ווויליונגערישער טשופּרינע וואָס באַמבלט זיך נאָכלעסיק אינעם מיטן פונעם שטערן גלייך גאַרנישט לעת־עתה און פּאָר איין וועגס פאַרדעקט זי כיטרע אַן אויסגעקראַכענעם שטח. כ'האָב געלייענט אין אַן ענציקלאָפּעדיע, אַז אַן אַ שיעור גרויסע מענטשן אין דער געשיכטע זענען געווען אין גאַנצן אָדער טיילוויז פליכעוואַטע, ווי למשל, דזשינגיס־כאַן, יול ברינער נמיר. וואָס ווילט איר מער: אויפן מלוכה־טראָן פון פראַנקרייך איז פאַר צייטנס געזעסן איינער, וואָס האָט זיך גערופן „שאַרל דער פליכעוואַטער". בפירוש אַזוי! שפּעטער האָט מען אים געקעפּט, אָבער נישט צוליבן פליך...

**27סטן מאַי 1959**: דער שערער מיינער טענהט, אַז פליכעוואַטע מאַנצ־בילן זענען גרעסערע בעלי־יכולתן, בפרט אויף אַ געוויסן געביט. דאָס איז אַ וויסנשאַפטלעכער פאַקט, אָבער, גיט ער צו, וואָס שייך מיר גופא, מעג איך אַוועק לייגן אַלע דאגות אויף אַ פּאָליצע. ער האָט מיר פאַרגעלייגט אָפּצוגאָלן נאָקעט דעם גאַנצן שאַרבן, כדי די זונשטראַלן זאָלן זיך לייכטער דערקריגן צו די האָרוואָרצלען דאָס שטאַרקט די האָר חוץ לדרך הטבע און פאָמפּעוועט אין זיי אַריין אַ ים מיט כוח אויף אַזוי ווייט, אַז אַפילו אַן אויסגעקראַכענע האָר באַוויזט צו מאָל אויפצושטיין תחית־המתים. אַלץ קאָן זיך טרעפן. ווי נאָר כ'האָב אַ קוק געטאָן אין שפּיגל נאָך דער אָפּעראַציע, בין איך שיִער נישט געפאַלן חלשות: ס'האָט צו מיר געשמייכלט עפּעס אַ יונגער, צעדרייטער גענגסטער. כ'האָב איבערגעוואַרט ביז אָוונט אין אַ פינצטער קאַבינעטל ביים שערער, און ערשט דאַן האָב איך זיך אַהיימגעשלייכט. דעמאָלט האָב איך גוט פאַרשטאַנען שמשון הגבורס געמיט...

27סטן אויגוסט 1959: ערשט היינט בין איך צום ערשטן מאָל אַרויס פון דער היים אין מיטן העלן טאָג. במשך פון די תפיסה־חדשים האָב איך זיך אָנגעלייענט ווי אַ פויק וועגן כרושטשאָוון און וועגן די גרויסע אויפטוען זיינע. דעם פליך האָט ער געקראָגן נאָך גאָר יונג. פאַראַן אַ סך אמת אין דער קאָמוניס־טישער תורה. צום באַדויערן זענען דערוויל ביי מיר די האָר לגמרי נעלם געוואָרן אפשר ווייל זיי האָבן נישט געזען די ליכטיקע שיין פון דער זון בעת די דריי חדשים, וואָס איך בין געווען פאַרשפאַרט צווישן די אייגענע פיר ווענט. אויפן קאָפּ האָט זיך ביי מיר צעשפרייט אַ מדבר, און בלויז הינטן ביים נאַקן, פון אויער צו אויער, זענען נאָך געבליבן געציילטע האָר. איך בין שוין געווען פאַרצווייפלט, איז מיר אויסגעקומען צו זען אַ ריזיקן אַנאָנס, וואָס האָט געשריגן:

## איך האָב שוין געהאַלטן אַט־אַט ביי יאוש!

אויפן קאָפּ ביי מיר האָט זיך צעשפרייט אַ מדבר און בלויז הינטן ביים נאַקן האָבן נאָך געזשיפּעט עטלעכע האָר פון אויער צו אויער.

## איך האָב זיך נ י ש ט מיאש געווען!

איך האָב גענומען קורירן מיינע האָר מיט דער אַמעריקאַ־נישער וווּנדער־רפואה

## איזאָטראָפּיום סופּערפלעקס

און היינט בין איך אַן איינגעאָרדנטער בירגער און אַ טאַטע פון צוויי קינדער!

אַ באַשיידענע טובע 1.20 פונט, אַ גרויסע טובע 9.80 פונט.

איך האָב געקויפט די שפּאָרעוודיקע גרויסע טובע כדי צו פאַרגיכערן דעם נס

17טן נאָוועמבער 1959. איזאָטראָפּיום האָט טאַקע פאַרגיכערט דעם פּראָצעס. היינט פאַרמאָג איך נאָך מיינע אייגענע 27 האָר, אָבער עס אַרט מיך נישט איך הייב אָן צו קוקן אויפן גאַנצן ענין ווי אַ דערוואַקסענער מענטש. ס'איז נישט סתם אַ צופאַל, מיינע טייערע פריינד, וואָס ס'רוב פאַבריקאַנטן, גבירים, באַנקירן, פּראָפעסאָרן — באַקומען אַ פליך אין אַ געוויסן עלטער. כדי איר זאָלט אָבער נישט אַריינפאַלן אין קיין טעות: מיין פריזיער האַלט, אַז לעת־עתה קאָן מען נאָך גאָרנישט פעסטשטעלן, וואָרעם ס'איז אונדז געראָטן אויסצואָוועלן די דערמאָנטע 27 האָר אויפן פיינסטן שטייגער און זיי זענען אויסגעסטראָיעט אויף מיין קאָפּ פון הינטן נאָך פאָרנט אַזוי כיטרע, אַז זיי זעען אויס, ווי זיי מאַרשירן פון פאָרנט נאָך הינטן

בלויז אין שווים־באַסיין קאָן מען יאָ עפּעס דערקענען, מחמת דאָרטן קלעפּן זיך ביי מיר די נאַסע האָר צו צום רוקן ביז צו די לענדן.

29סטן יאַנואַר 1960. היינט האָט מיט מיר געטראָפן אַן אומאָנגענעמ־לעכקייט וואָס האָט מיך אַריינגעוואָרפן אין אַ מרה־שחורה. איך שטיי זיך אַזוי אין דער ריי פאַר אַ קינאָ־קאַסע, ווי עס יאָווערט זיך עפּעס אַ יונגאַטש מיט אַ נידעריקן שטערן און טוט אַ פרעג די מויד זיינע: „ווו שטייט עס ערגעץ שימקע?" די חברטע זיינע, אַ פּרימיטיווע בריאה אַן אַ טראָפּן דרך־ארץ, טייטלט אויף מיר און ענטפערט: דאָרט שטייט ער, לעבן פליכעוואַטן!"

צום ערשטן מאָל האָב איך געהערט פון עמעצן אַזאַ אָנטייט. איך בין דאָס בכלל נישט תופס. די האָר זענען דאָך געווען ביי מיר אויסגעסטראָיעט אויפן שאַרבן וואָס בעסער קאָן שוין נישט זיין. אַכט האָבן זיך געצויגן באַלכסונדיק פון דער לינקער זייט פונעם נאַקן אויף רעכטס, בעת אַנדערע דריי — גוסטי, לילי און מאָטקע — האָבן זיך אין שכנות שיין אַוועקגעשטעלט און זיך אַ ביסעלע ווייטער צעשיידט, קלאָמפּערשט ווי אַ שרונט. יאָסיע איז געבליבן אין רעזערוו. ניין, די מויד האָט גאָרנישט געקאָנט זען, סתם געפּלוידערט אַ שטות.

2טן מאַרץ 1960. מען עלטערט זיך צו ביסלעך. כ'האָב זיך גענומען פּאַראינטערעסירן מיטן שולחן־ערוך און, דוכט זיך כ'האָב געפונען מנוחה. די מצוות באַשענקען דעם קליינעם בשר־ודם מיט עטישער שפּייז פאַר דער נשמה. אַ כשרע קיך, אָפּהיטן שבת, אַ האַרבער פאַרזאָג צו גיין אין הוילן קאָפּ, וואָס מיינט אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם עול וכדומה. איך טו זיך אָן אַ כוח מקיים צו זיין די הייליקע געבאָטן ווי עס געהער צו זיין. וואָס שייך אָבער אונטערן היטל, סטאַרע איך זיך, אַז אַלץ זאָל גיין אויפן גלייכן וועג.

אָט, למשל, היינט אין דער פרי האָט גוסטי געפעלט ביים דורכקוק. איך האָב איבערציילט די חברה, און בלויז פיר האָבן געענטפערט. צום סוף האָב איך געפונען גוסטין, ווי אַ בר־מינן, אויפן קאָלנער פון מיין העמד. ער איז געווען דער לענגסטער און שטאַרקסטער פון אַלע ביז ער איז אַכזריותדיק פאַר דער צייט פאַרשניטן געוואָרן. ווער קאָן דערגרונטעווען די וועגן פון דער השגחה! אויפן אָרט פונעם דערהרגעטן האָב איך אַוועקגעשטעלט מאָטקען און אים אַ ביסל צעשויבערט, כדי ער זאָל בעסער אויסזען. זוזי ווערט ווייס.

13טן אַפּריל 1960. יאָסיע איז געבליבן איינער אַליין. דער פריזיער האָט אים געלויבט און פאַרגעלייגט אים אָפּצוגאָלן, כדי עס זאָל אים — כ'מיין יאָסיען — צוקומען כוח. איך האָב זיך אָפּגעזאָגט. ניין, עס גלוסט זיך מיר נישט פון ס'ניי אויסצוזען פליכעוואַטע. כ'האָב גוסטין אויסגעוואַשן מיט שאַמפּו־כלאָראָפיל, קעגן שופּן. ווען ער האָט זיך אויסגעטריקנט, האָב איך אים באַהעפט צום שאַרבן אויף אַ קאָמפּליצירטן אופן, ער זאָל פאַרדעקן אַ היפּשן שטח.

28סטן יולי 1960. ס׳האָט געטראָפן דאָס, פֿאַר װעלכן כ׳האָב געשראָקן זיך. יאָסיע איז נישטאָ מער! ער האָט זיך פֿאַרפּלאָנטערט צװישן די פֿעדעם פֿון מײַן היטלס אונטערשלאַק און איז אױסגעריסן געװאָרן פֿונעם װאָרצל. זעלבסטמאָרד?

29סטן יולי 1960. לױט מײַן פֿריזיערס מײנונג, מוז איך אָננעמען פֿאַר ליב דעם פֿאַקט, אַז איך בין אַ מענטש װאָס איז גענײגט צו אַ פּליך. ער װײסט װאָס ער רעדט. אַז מען זאָגט אַ מומחה!...



# ליידיק־גייערס און ליידיק־זיצערס

ערשט נישט לאַנג האָט בערנאַרד, דער שווער מיינער — אַ נייער עולה און אַן אַלטער ציוניסטישער עסקן — דערהאַלטן פון דער מאַכט אַ צעטעלע, וואָס איז באַשטימט פאַרן דירות־צענטער „שמידאַר" אַז מען זאָל אים געבן אַ שיכון, פאַרן געוויינטלעכן פרייז, אויב דאָס איז מעגלעך. בקיצור, איך אַליין האָב זיך אַריבער־געכאַפּט צום „שמידאַר", כדי אַדורכצוקומען דאָרט מיט די פאַרזאָרגערס, בין אַרויפ־געגאַנגען אין צימער נומער 314 און כ'האָב געזוכט דעם אדון חשוון, וואָס פאַרנעמט זיך מיט צוטיילן דירות.

אין צימער 314 האָב איך נישט געטראָפן קיין סימן פון קיין לעבעדיקן מענטש. איך האָב זיך נאָכגעפרעגט אין דער סביבה און מען האָט מיר געזאָגט, אַז דער אַדון חשוון געפינט זיך גראָד אויף אַ זיצונג ביי שטערן, אָבער ער דאַרף צוריקקומען יעדע רגע. זעצט אייך, זייט מוחל, אַדוני! איך בין געזעסן עטלעכע מינוטן, אָבער דער אַדון חשוון איז נישט צוריקגעקומען. איך האָב נאָך אַ מאָל געפרעגט, ווען ער קומט צוריק און מען האָט מיר געענטפערט: יעדע רגע, זיצט!

זיץ איך זיך אַזוי אין צימער נומער 314, און אָט קומט אַריין אַ מאַנספּערשוין און פרעגט: ווו איז חשוון? איך האָב געענטפערט: אויף אַ זיצונג ביי שטערן, זיצט! דער ייִד האָט זיך אָבער אָפּגעטראָגן, און אַנשטאָט אים, באַווייזט זיך באַלד איינער אַ פקיד און קוקט זיך אַרום אין צימער. איך האָב אים געזאָגט: „זייט נישט נערוועז, חשוון איז ביי שטערן און דאַרף יעדע רגע צורי'קקומען. זיצט, זייט מוחל!"

— אַ דאַנק — האָט דער פקיד געענטפערט — אַז חשוון וועט צוריקקומען, זאָגט אים, אַז ער זאָל תיכף אַריינגיין צו מאירן אויף אַ זיצונג.

— בסדר.

נאָך אַ קורצער ווײַלע יאָוועט זיך אָן אַנדערער פקיד, אַ בייכיקער, און פרעגט: „ווו איז קירשנער?" איך האָב געענטפערט: „נאָר וואָס איז ער דאָ געווען, אָבער ער איז אַוועק צו מאירן אויף אַ זיצונג. ווי נאָר חשוון וועט צוריקקומען פון שטערן וועל איך אים שיקן. זייט מוחל, זיצט!"

— גוט — האָט דער בייכיקער זיך אָנגערופן — ווייסט איר אפשר, צי ער האָט שוין באַוויזן צו באַהאַנדלען דעם ענין מיט די שיכונים פון רמת־אהרן?

— עס קאָן גריילעך געמאָלט זיין.

— אויב אַזוי, נעם איך צו זיך די טעקעס. אַז ער וועט זוכן פיינטוכן, גיט אים צו וויסן, אַז איך בין אויף אַ זיצונג ביי מאירן.

ס'זענען אַריבער בלויז געציילטע רגעס און דער רוח טראָגט אָן פון ס'ניי קירשנערן. ער רייסט זיך אַריין פאַרהאָועט: „ווו איז עס די טעקע פון רמת־אהרן?

דער אַלטער וועט ווידער זיך צעיאָכמערן, אויב ער וועט זי נישט תיכף געפינען".

— רבונו של עולם! — האָב איך אַ געשריי געטאָן אויף קירשנערן — נאָר וואָס האָט דאָך פיינטוך אַוועקגעטראָגן די טעקע אויף אַ זיצונג ביים אַלטן.

— און ווו איז חשוון?

— נאָך ביי שטערן. איך וואַרט אויך אויף אים.

— גוט — מאַכט קירשנער — אויב אַזוי, זייט מוחל און לייגט אַריין די 4 גאָלדבערגס סקיצן אינעם אַקטן־טאַש גבעת־סרן.

— בסדר! — האָב איך געענטפערט. כ'בין צו צו דער שאַפע, גיך אויסגעפונען די טעקע גבעת־סרן און אַריינגעלייגט אינעווייניק גאָלדבערגס סקיצן. פּלוצעם רייסט זיך פיינטוך אַריין אין צימער.

— צו אַלדי רוחות! — בין איך אַרויס פון די כלים — פאַר וואָס דרייט איר זיך אַרום און גייט נישט צו דער זיצונג? דער אַלטער זיצט שוין. ס'גלוסט זיך אייך אַ פרישער סקאַנדאַל?

— אָט גיי איך. כ'בין געקומען נעמען גאָלדבערגס סקיצן.

— אַציגד קומט איר, ווען כ'האָב זיי שוין אַריינגעלייגט אין דער טעקע גבעת־סרן? — האָב איך זיך געבייזערט — אַוודאי, וואָס אַרט עס אייך, אַז איך וועל זיך מוטשען מיט זוכן די סקיצן! ווער ס'האָט גאָט אין האַרצן דער מעלקט מיך — אַזאַ טיפש ווי איך בין!

פיינטוך האָט אין פאַרלעגנהייט געטענצלט פון איין פוס אויפן צווייטן:

— נאָר וואָס האָט מען מיר געזאָגט, אַז מאיר פאַרלאַנגט די טעקע — האָט ער זיך פאַרענטפערט — אגב, ווי האַלט איר פון די סקיצן?

— נישט שלעכט — האָב איך געפּסקנט — פון דעסטוועגן ווילט זיך מיר וויסן, וואָס ס'וועט זאָגן דער אַלטער.

פיינטוך האָט גענומען גאָלדבערגס סקיצן, אָבער איידער ער איז אַריבער די שוועל האָט ער מיר מודיע געווען: „דער אַלטער וויל, אַז איר זאָלט אַדורכקוקן די רשימה פון די שכנים אין די שקם־שיכונים און דערלאַנגען אַ באַריכט שטערנען".
איך האָב זיך גענומען צו דער אַרבעט און גרינטלעך אַדורכגעקוקט די רשימה פון די שכנים. אין סאַמע ברען פון דער אַרבעט באַווייזט זיך קירשנער:

— ווו איז חשוון?

— הערט! — האָב איך זיך צעלאָזט אויף אַ קול — אפשר וואָלט איר מיר נישט געשטערט אין דער אַרבעט?

— וואָס איז? מען טאָר שוין נישט רעדן צו אייך? — האָט קירשנער געפרעגט און איז אַרויס מיט אַ לאַנגער נאָז.

די רוגזה זיינע האָט מיך ווינציק וואָס געאַרט, מחמת כ'האָב געוווסט אַז שטערן פאַרלאָזט זיך אויף מיר, און דאָס איז דער עיקר. אַוועק אייניקע מינוטן, יאַוועט זיך פיינטוך און זאָגט:

— מאיר וויל תיכף מיט אייך רעדן.

— איך האָב נישט מער ווי צוויי הענט! — האָב איך געברומט און בין אַוועק צום אַלטן. מאיר האָט געוואָלט הערן מיין מיינונג וועגן דער ווערטיקייט פון די בוי־

אַרבעטן אין רמת־אהרן. איך האָב אים אָפן געזאָגט, אַז די הייזער שטייען דאָרט צו געדיכט און אַז די פענצטער זענען צו קליינע. קירשנער האָט געשטאַמלט אַז אַזוי איז שוין פון לאַנג אָנגענומען.

— אָנגענומען, אָנגעדרומען! — האָב איך אים איבערגעשלאָגן — אַזאַ מצב טאָר ווייטער נישט זיין. — דער אַלטער האָט זיך אָנגערופן, אַז איך בין גערעכט הונדערט פּראָצענט, און דערביי האָט ער קירשנערן אַרויסגעשיקט (כ׳האָב זיך איינגעהאַנדלט אַ שׂונא!) און מיר אָנפּאַרטרויט צו באַהאַנדלען די טעקע רמת־אהרן.

איך האָב געלאָזט רופן פיינטוכן און אים געהייסן, אַז ער זאָל מיר צושטעלן זיין מיינונג אין משך פון אַ מעת־לעת. דערנאָך האָב איך טעלעפאָנירט אין אינ־פאָרמאַציע און אים געפרעגט, צי ס׳איז איצט פאַראַן אַ פרייער אויטאָ. טאַקע באַלד האָב איך געיאָגט אין דער לימוזינע צום בויפּלאַץ, אַדורכגערעדט זיך אויף איין פוס מיט די ווערקפירערס, קאָנטראָלירט די פּלענער, געמאַכט עטלעכע לייכטע אויס־בעסערונגען און אָפּגעזאָגט אַן אַנטשעדיקונג אַ חוצפּהדיקן מולער...

אין ביורא האָט מען אַרויסגעקוקט אויף מיר ווי אויף משיחן. קירשנער האָט זיך גענומען שושקען הינטער מיינע פּלייצעס, מחמת ער האָט מיר נישט פאַרגונען די גיכע קאַריערע. איך האָב געזען מיט די אייגענע אויגן, ווי ער ווערט ווייס בשעת פיינטוך קומט צו לויפן און גיט צו וויסן, אַז שטערן גופא רופט מיך צו אַן אייליקער זיצונג.

איך האָב שטערנען בעל־פּה ראַפּאָרטירט איבערן גאַנג פון די בויאַרבעטן. ער האָט קריטיקירט הלמאַי די אַרבעט קריכט פּאַמעלעך. איך האָב דערווידערט:

— אַנטשולדיקט, שטערן! כל־זמן איך פאַרמאָג נישט קיין אויטאָריטעט, קאָן איך גאָרנישט אויפטאָן.

שטערן האָט איינגעשטימט מיט מיין טענה, תיכף צונויפגערופן אַן עקסטרע זיצונג און מודיע געווען, אַז ער האָט מיך אויסגעקליבן פאַרן פאַרטרעטער זיינעם.

מאיר האָט דווקא דעם און יענעם אַריינגעשושקעט אין אויער, אַז מיין סטאַזש איז אַ צו קורצער, אָבער שטערן האָט זיך שוין געהאַט צוגעוווינט צו די אינערלעכע אינטריגעס קעגן מיר. ווי נאָר די זיצונג האָט זיך פאַרענדיקט האָט ער מיר געדריקט די האַנט און מיך אויפגעמונטערט, ממשיך צו זיין ווי ביז איצט.

מיט אייליקע שריט בין איך צוריק אַוועק אין ביורא, כדי איך זאָל נאָך באַוויזן צו באַטראַכטן די פּראָבלעמען פון גבעת־סרן. אין ביורא האָב איך געפונען אַ ניי פּנים: מאיר האָט מיך מיט אים באַקאַנט געמאַכט — ס׳איז געווען דער אַדון חשוון.

איך האָב תיכף אים צוגעטיילט אַ וויכטיקע פונקציע ביי דער רעגיסטראַציע.

— איך בין נישט קיין פאַרזעעניש — האָב איך געזאָגט חשוונען — אָבער איך פאַרלאַנג פּינקטלעכקייט. בפרט שטעל איך דעם טראָפּ דאַרויף, אַז בעת די אויפנעם־שעהען זאָל זיך דער פּערסאָנאַל פונעם אָפּטייל מיינעם נישט באַטייליקן אין קיין שום זיצונגען, וואָרעם קיין גוטס ברענגט עס נישט, בלויז כל המינים פּלאָנטערס...

דערנאָך האָב איך צוגעטיילט בערנאַרדן, דעם שוואָגער מיינעם, אַ גאַנצן בלאָק אין רמת־גן און גענומען פאַר זיך אַן אַוואַנס אויפן שכירות.

זינט דעמאָלט אַרבעט איך אין ביוראָ ביי „שמידאַר״. אויפנעם־שעהען פון 11 ביז 1, צימער נומער 314.

אויב מען געפינט מיך נישט אין דאָזיקן צימער, איז אַ סימן, אַז איך בין דעמאָלט אויף אַ זיצונג.

זיצט, אַדוני, זיצט!...



# נישטאָ קיין רויך אָן פייער

דער שעף־רעדאַקטאָר פון דער פּאָפּולערער צייטונג „עפּעס" האָט מיט אַ הייזעריקן געשריי גערופן צו זיך ציגלערן, דעם געהילף־רעדאַקטאָר פונעם ליטע־ראַרישן אָפּטייל און פאַרטרעטער פונעם ספּאָרט־רעדאַקטאָר, און געבייזערט זיך:

— די צייטונג איז נודנע, אַז עס גייט אָן אַ חלשות. פאַר יעדן פּרייז מוז מען זי אויפפרישן. אפשר האָט איר אַ צוואַנציק שורות צום לאַכן, אַ לייטישן וויץ, צי וואָס?

— פאַראַן! — האָט ציגלער געענטפערט מיט אַ דערשטיקטן געלעכטער — גראַד היינט אין דער פרי האָב איך געהערט אַ וויץ, אָן אַנטיק. דער בוכהאַלטער צונגענשפּיץ קומט אַריין צום באַלעבאָס זיינעם און מאַכט: אַדוני, איך וויל גיין צו מיין שוויגערס לוויה. ענטפערט דער באַלעבאָס: איר וועט שטוינען, צונגענשפּיץ איך וויל פּונקט דאָס זעלבע... דאָס מיינט, אַז אויך ער, דער באָס, וואָלט גערן געגאַנגען צו זיין שוויגערס לוויה... גוט? איך האַלט זיך ביי די זייטן זינט כ׳האָב עס געהערט.

— אַן אידיאָטישער און אָפּשטויסנדיקער שפּאַס. חוץ דעם האָט דאָס שוין צוויי מאָל זיך געדרוקט ביי אונדז — האָט דער שעף־רעדאַקטאָר געשיפּעט. דעם דאָזיקן נאַרישן שפּאַס וואָלט מען געקאָנט ראַטעווען בלויז דערמיט, אַז מען זאָל אים אַריינ־לייגן אין מויל פון עפּעס אַ קינסטלער, אַן אַקטיאָר, אַ שרייבער צי אַן אַנדערן פּאַראַזיט. אָט האָב איך גראַד היינט געלייענט, אַז דעם שרייבער זיידנוואָרעמס פּיעסע האָט געליטן אַ וויסטע מפּלה...

— וועט ער נישט ברוגז זיין?

— ברוגז זיין? פאַר רעקלאַמע אין אַ צייטונג? קענט איר שלעכט די חברה!..

*

צו מאָרגנס איז אין דער רובריק „וואָס הערט זיך, חברה?" אונטערן קעפּל „געטראָפן אין פּינטל" געווען געדרוקט אַזאַ מעשה — אין אַ דאָפּלטן, אויסגע־צאַצקעטן ראַמל:

„זיינוויל זיידנוואָרעם, דער צוזאָגנדיקער שרייבער, האָט נאָר וואָס באַוויזן, אַז די קריטיק פון זיין פּיעסע האָט נישט געשעדיקט זיין זעלטענעם חוש פאַר הומאָר. דער שרייבער האָט גראַד אַרומשפּאַצירט בין־השמשות־צייט אין די קאָרידאָרן פון דער כנסת, און דאַן קומט צו אים זיין שאָפער:

— אַדון זיידנוואָרעם, איך וואָלט גערן געגאַנגען צו מיין שוויגערס לוויה.

כהרף־עין האָט דער שרייבער אָפּגענטפערט: מילא, אויך איך וואָלט דאָס אייגענע געדן געטאָן...

דער עולם אַרום, צווישן זיי די פירער פון דער קאָאַליציע, האָבן באַלוינט דעם געפּעפּערטן זאָג מיט אַ הילכיקן, לאַנגן געלעכטער".

היות ווי זיינוול זיידנוואָרעם באַלאַנגט נישט צו די לייענערס פון דער פּאָפּו־לערער צייטונג „עפּעס", האָט ער במשך פון צוויי מעת־לעת זיך געחידושט, הלמאי ס'אַנטלויפן פון אים אַלע באַקאַנטע, וואָס ער באַגעגנט אין גאַס. דערנאָך איז צו אים דערגאַנגען אַ רעגיסטרירטער בריוו פון דער שוויגער, ווו ס'האָט געשווירבלט מיט רוסישע פּסוקים. „אויב דו האָסט שוין קיין שפּור פון דרך־ארץ פאַר מיר — שרייבט זיין ווייבס מוטער — טאָ, דערהרגע מיך כאָטש נישט מיט אַ גראָביונגישן וויץ פון מתושלחס צייטן. אידיאָט איינער!"

דער שרייבער האָט איינגעלייגט וועלטן כדי אָפּצווישן דעם פאַרדריסלעכן רושם, וואָס דער נאַרישער וויץ האָט אַרויסגערופן. אין דער שטענדיקער קאָפּע זיינער האָט ער אָפּגעשטעלט קינד און קייט און גענודעט אָן אַ סוף, אַז קיין מאָל האָט זיין פּוס נישט אַריבערגעשפּאַנט די שוועל פון כנסת, אַז ער פאַרמאָגט בכלל נישט קיין אויטאָ, מכל־שכן נישט קיין שאָפער. קיינער האָט אָבער נישט געגלייבט דער פלאַפּלעריי זיינער, וואָרעם אַפילו אַ קימפּעטקינד ווייסט דאָך, אַז נישטאָ קיין רויך אָן פייער. חוץ דעם לייגט זיך נישט אויפן שׂכל, אַז אין אַ צייטונג זאָל ווערן געדרוקט עפּעס אַן אויסגעטראַכטע זאַך. דער עיקרשט האָט דעם עולם פאַרדראָסן זיין אונטערחנפענען זיך צו די הויכע לייט פון דער קאָאַליציע. גרעסער נאָך פונעם ביטול לגבי זיידנוואָרעם גופא, איז געווען דער צאָרן אויפן רעדאַקטאָר, למאי ער האָט נישט באַוויזן קיין שטאַרקע האַנט און נישט אָפּגעזאָגט דעם דאָזיקן יונגן בעל־תאווהניק פון רעקלאַמע, דעם מאַניאַק, נאָר האָט זיך אים אונטערגעגעבן אַ בזיון!

*

זיידנוואָרעם האָט געטאָן דאָס וואָס יעדער לייטישער מענטש איז מחויב צו טון אין אַזאַ מצב — ער האָט זיך געווענדט צו אַן אַדוואָקאַט. דער שרייבער האָט דערלאַנגט דעם ד"ר שי־שיינבערגער דעם נומער „עפּעס" און האָט אים געזאָגט: „לייענט, זייט מוחל!". דער אַדוואָקאַט האָט געלייענט דעם אָפּשניט בנוגע דער שוויגער און האָט זיך צעלאַכט:

— וווּנדערלעך! כ'האָב גאָרנישט געוווּסט, אַז איר האָט אַזאַ חוש פאַר הומאָר.

— אַדוני — מאַכט זיידנוואָרעם, וואָס איז, אַגב, אַן ערנסטער מענטש, אַ טרו־קענער ווי אַ פאַריאָריקע הושענה — איך גיב אָפּ כבוד דער שוויגער מיינער און בין נישט אויסן פון איר צו חוזק.

— איך פאַרשטיי אייך — רופט זיך אָן דער אַדוואָקאַט — פאַר וואָס זשע דערציילט איר עפּעס אַזוינע געמיינע וויצן?

דער שרייבער האָט מסביר געווען דעם אַדוואָקאַט, אַז אים אַליין האָט דער־שיטערט אָ־די אומגעלומפּערטע בבא־מעשׂה. לויט ד"ר שי־שטיינבערגערס סברה,

וואָלט מען געקאָנט אַריינטראָגן אין געריכט אַ תביעה קעגן דער צייטונג פאַר רכילות, אָבער ס׳רוב שלעפּט זיך אַזאַ פּראָצעס פינף צי זעקס יאָר און ס׳לאָזט זיך אויס אַ טייך, מחמת די שופטים האָבן דערוויייל שוין לאַנג פאַרגעסן, אין וואָס עס גייט. דערפאַר איז מען געפאַלן אויף אַן אַנדערן אויסוועג: מען וועט אָנשרייבן אַ שאַרפע וואָרענונג צום רעדאַקטאָר פון „עפּעס" און פאַרלאַנגען אַז ער זאָל פאַר־ריכטן דאָס וואָס ער האָט קאַליע געמאַכט:

„...ס׳האָט מיך אויפגעטרייסלט בעת איך האָב געלייענט אין אייער צייטונג אַ פלאַכן וויץ, וואָס מען לייגט אים אַריין מיר אין מויל אָן מיין הסכמה — שרייבט זיידנוואָרעם לויט ד״ר שי־שיינבערגערס יורידישער אינספּיראַציע — דערפאַר פאָדער איך, אַז איר זאָלט געבן אַ געהעריקע מאָראַלישע אַנטשעדיקונג סיי מיר און סיי מיין שוויגער, וואָס איז ברוך השם געזונט און שטאַרק און האַלט אָן מיט מיר די בעסטע משפּחה־באַציִונגען. איך פאַרלאַנג פון אייך, איר זאָלט זיך אַנטשולדיקן אין דער צייטונג אייערער אין משך פון אַ וואָך צייט, אויב נישט, וועל איך פריי זיין צו..."

*

— אין אַ שיינער בלאָטע האָט איר עס מיך אַריינגעשלעפּט, ציגלער! — האָט דער שעף־רעדאַקטאָר אָנגעשריגן אויפן געהילף זיינעם — זיידנוואָרעם פאַרלאַנגט, איך זאָל בעטן מחילה אין בלאַט.

— אוי! — האָט ציגלער אויפגעציטערט — האָב איך אייך נישט געזאָגט, אַז ער וועט זיין אין כעס?

— אין כעס? — האָט דער שעף־רעדאַקטאָר מיט 23 יאָר זשורנאַליסטישן סטאַזש זיך צעלאַכט — ער צעגייט פאַר תענוג! ז י י ליגט גאָרנישט אין קאָפּ חוץ רעקלאַמע. טו זיי אַ טובה און דערמאָן איין מאָל דעם נאָמען זייערן אין דער צייטונג, וועלן זיי זיך אָנטשעפּען און שרייען: נאָך אַ מאָל!... ס׳גייט זיי זיי נישט דערין וואָס מען שרייבט, ווי מען שרייבט. דער עיקר — מען זאָל שרייבן...

— ממזרים! — האָט ציגלער איינגעשטימט.

— און נאָך וואָסערע! — מאַכט דער רעדאַקטאָר — אָבער, מילא, איך וועל שוין עפּעס אָנשרייבן, הגם ע ר אַליין האָט זיך געמעגט מטריח זיין. היי, ציגלער, דערלאַנג מיר שנעל דעם ערשטן באַנד „אַ שמאַלצגרוב מיט וויצן"!

זיידנוואָרעם האָט געלייענט די צייטונג אין אַ טונקל ווינקעלע פון דער קאַפע, און די בלעטער האָבן געגומען טאַנצן אין זיינע ציטערנדיקע הענט.

„ווי אַ טרייער לייענער פון אייער בלאַט — האָט ער געלייענט אונטערן קעפּל אַ נ ט ש ו ל ד י ק ו נ ג — וויל איך זיך מודה זיין, אַז דער געראָטענער וויץ בנוגע מיין שוויגערס לוויה האָט מיר פאַרשאַפט גרויס הנאה און איך שיק אייך איבער מיין יישר־כוח. למען האמת מוז איך אָבער זיך אַנטשולדיקן, אַז לײדער בין איך נישט דער פאָטער פון אָ־דעם געפּעפּערטן שפּאַס. די שוויגער מיינע, אַ לעבן אויף איר קאָפּ, איז געזונט ווי אַ שור־הבר זי קאָכט פון מייגעטוועגן די בעסטע פּאָטראַוועס. און אויב עס קומט שוין צו רייד, דערלויבט מיר, טייערער רעדאַקטאָר, איך זאָל אייך

דערציילן, וואָס ס'האָט מיט עטלעכע טעג צוריק זיך געטראָפן ביי מיר אין הויז. פאַרבייגייענדיק אַ קראָם, ווו מען פאַרקויפט הויז־חיות, האָב איך דאָרט דערזען אַ גרויסן פּאַפּוגיי, וואָס רעדט אויף זיבן לשונות — אַזוי האָט דער קרעמער זיך פאַר מיר געשווירן. איך האָב איינגעהאַנדלט דעם טשיקאַוון פויגל און אים אַהיימ־געשיקט מיטן שליח פון דער קראָם. אלא וואָס? איך האָב נישט געוווּסט, אַז די פלוניתטע מיינע האָט גראָד אין יענעם טאָג געזאָגט דער מוטער אירער, אַז זי וועט אַהיימשיקן עופות פונעם מאַרק. בקיצור, דער פּאַפּוגיי איז אָנגעקומען און האָט על פּי טעות פאַרענדיקט די קאַריערע זיינע אין מיין שוויגערס טאָפּ. צו וואָרעמעס, בשעת איך האָב דערזען דעם שלימזל ביי זיך אויפן טעלער, האָב איך געמאַכט אַ געוואַלד: „גאָט מיינער! דער פּאַפּוגיי האָט גערעדט אויף זיבן לשונות"!

— מילא! — האָט די שוויגער זיך אָנגערופן — פאַר וואָס זשע האָט ער געשוויגן?

מיט גרויס דרך־ארץ, אייער זיינוול זיידנוואָרעם".

דאָס פּערסאָנאַל פונעם קאַפעהייזל און די געסט אַרום די טישלעך האָבן זיך צוגעקוקט פאַרגאַפטע און אַ ביסל צעשראָקענע, ווי דער צוזאָגנדיקער שרייבער האָט אַ שמייכל געטאָן אויפן דיל די צייטונג און זיך אויף אים ווילד צעטאַנצט, מיט אַ פּנים פון אַ וואַלד־גזלן, בעת פונעם מויל זיינעם האָבן געשפּריצט אָפּגעהאַקטע, מטורפדיקע ווערטער. יענע, וואָס האָבן שוין געהאַט געלייענט דעם נומער, האָבן אָן רחמנות זיך צוגעקוקט צום משוגעת, מחמת זיין לעצטער פּרימיטיווער וויץ איבער דער שוויגער און דעם פּאַפּוגיי האָט שוין איבערגעכאַפּט די לעצטע מאָס פון גוטן שאַפער... פּאַפּוגיי... כנסת... זיבן לשונות... און וואָס נאָך? סאַראַ אינפאַנטילער מישמאַש. זיידנוואָרעם האָט זיך קוים דערשלעפּט אַהיים און געפונען אַ דירה אָן אַ ווייב. זי, די לעבנס־באַגלייטערין זיינע, איז אַוועק און געלאָזט אויפן טיש אַ בריוו מיט איין וואָרט: „פּסיכאָפּאַט!". שפּעטער האָבן די שכנים דערהערט, ווי דער שרייבער צעהאַקט טיש־און־בענק אויף פּיצפּיצלעך, אָבער קיינער האָט זיך נישט אַריינגע־מישט. שוין אַ שפּאָר שטיקל צייט האָט מען געוווּסט, לויט זיין שרייבעכץ אין „עפּעס", אַז ס'פעלט אים נעבעך אַ שרייפּל אין קאָפּ.

ווי נאָר זיידנוואָרעם האָט פאַרענדיקט דעם חורבן אין דער דירה, האָט ער געכאַפּט אַ פאַרזשאַווערט האַקמעסער, איז אַוועק מיט אַ טאַקסי צו דער „עפּעס"־רעדאַקציע און האָט זיך אַריינגעריסן ווי אַ וויכער אין רעדאַקטאָרס ביורא.

— באַנדיט איינער! — האָט זיידנוואָרעם געריטשעט און געפאָכעט מיטן האַקמעסער — אַזאַ פּנים האָט עס די אַנטשולדיקונג אייערע?

— די אַנטשולדיקונג מיינע? — האָט זיך דער רעדאַקטאָר אויסגעצויגן ווי לאַנג ער איז — דערפון האָט זיך מיר אַפילו נישט געחלומט! וואָסי, מחילה זאָל איך גאָר בעטן פאַר דער אומזיסטיקער רעקלאַמע, וואָס איר קוועטשט ביי מיר אַרויס? זע נאָר, זע! אַנשטאָט מיר צו דאַנקען דערפאַר וואָס איך האָב איבערגעמאַכט דאָס טרוקענע בריוול אייערס אויף מטעמים, וואָס איז אַדורכגענומען מיט שפּרודל־דיקן הומאָר, קומט איר נאָך צו מיר מיט טענות! וואָס טוט זיך עס דאָ? תיכף זאָלט איר אַוועקוואַרפן דאָס האַקמעסער, וואָרעם איינער! אויב נישט וועל איך אייך

אַראָפּוואַרפֿן פֿון אַלע טרעפּ.

דער שרייבער האָט געפֿאָלגט און אַוועקגעלייגט דאָס האַקמעסער, מחמת ער האָט שוין געהאַט אַ ביסל דערפֿאַרונג אין אַזוינע ענינים.

— איך — האָט ער געשעפּטשעט — איך האָב דאָך גאָרנישט געשריבן פֿון אַ פּאָפּוגיי.

— דאָס בריוול אייערס איז אַדורכגעגאַנגען סטיליזאַציע — האָט דער רעדאַק־טאָר געגעבן אָנצוהערן — יעטוועדער כתב־יד ווערט צוגעפּאַסט צו דער אַלגעמיינער ליניע פֿון דער צייטונג. דאָס איז נישט אייער פּריוואַטער אָרגאַן, ידידי, ווו איר מעגט אָפּדרוקן וואָס עס קומט אייך אין זינען. וואָס ווילט איר פֿון מיר?

— אַ הכחשה — האָט זיידנוואָרעם געכליפּעט מיט אַ דערשטיקט קול — אַ ברעקעלע תיקון־טעות... ס'איז נישט קיין קאַטאַוועס, אַדוני... די שוויגער רעדט שוין נישט צו מיר זינט 2 וואָכן.

— מילא — האָט דער רעדאַקטאָר, בטבע אַ גאָר ווילער מענטש, זיך געלאָזט איינרעדן — מילא, הגם די פֿאַרשפּרייטקייט פֿון „עפּעס" שפּאַרט זיך דער עיקרשט אָן אויפֿן צוטרוי צו די פֿאַרלאָזלעכע אינפֿאָרמאַציע־קוואַלן אונדזערע, וועל איך לגבי אייך זיך אויפֿפֿירן לפֿנים משורת הדין. איך וועל אָפּדרוקן אַן עקסטרע תיקון־טעות אין אייער פֿאַל. פֿאַרשטייט זיך, מיט הומאָר, מיט עלעגאַנץ...

— ניין, נישט מיט הומאָר, נישט מיט עלעגאַנץ! — האָט דער שרייבער זיך געבעטן, איז געפֿאַלן כורעים און האָט אַרומגעכאַפּט דעם רעדאַקטאָרס פֿיס. ציגלער האָט אים שנעל אַוועקגעריסן און אַרויסגעפֿירט אין דרויסן. דער רעדאַקטאָר איז געבליבן איינער אַליין מיט אַ פֿאַרטראַכטער מינע:

— אויפֿן שאַרף פֿון אַ מעסער גייט מען צוליב רעקלאַמע — האָט ער צו זיך געמורמלט — אַ דור אָן אַ פֿונק פֿון בושה!

*

אין דריי טעג אַרום איז אין דער רובריק „קאָרעקטורן" געווען געדרוקט אַ פּערל אונטערן קעפּל „די שוויגער בלייבט שטום!" באַצירט די דאָזיקע פּערל האָט זיידנוואָרעמס אַ בילד, וואָס מען האָט אויסגענישטערט ערגעץ ווו אין די טיפֿעניש פֿונעם „עפּעס"־אַרכיוו. דער פּאָטאָ איז געווען אַ ביסל פֿאַרווישט. מען האָט אים געהאַט אַראָפּגעכאַפּט מיט ניין יאָר צוריק אין בופֿעט פֿונעם פּוילישן צירק גראָד בשעת דער שרייבער האָט זיך פֿאַרהוסט און געקרעקט מיט אַ סענדוויטש.

— „זיידנוואָרעם, וועמענס פּיעסע מען האָט נאָר וואָס ענדגילטיק אַראָפּגע־נומען פֿון דער בינע, פֿאַרברענגט איצט זיין בשפֿעדיק פֿרייע צייט אויפֿן גאָלפֿפּלאַץ פֿון קיסריה — דערציילט די פּערל מיט עלעגאַנץ — אין אַ האַרציקער באַגעגעניש מיט אונדזער קאָרעספּאָנדענט האָט דער פּילצוזאָגנדיקער שרייבער זיך באַקלאָגט, הלמאי מיר האָבן אָפּגעדרוקט עטלעכע אויסגעבאָרגטע גלייכוואָרטלעך אויפֿן חשבון פֿון זיין שוויגער, וואָס איז אים זייער נאָענט צום האַרצן.

— ס'איז נישט קיין געלעכטער — האָט זיידנוואָרעם זיך געקלאָגט — שוין אַ וואָך צייט זינט זי רעדט נישט צו מיר.

— אַזוי שטאַרק ברוגז איז זי אויף אייך ?

— נאָך ערגער ! ס׳האָט זיך ביי איר אויסגעלונקען דער קין און זי קאָן נישט אויפמאַכן דאָס מויל.

— רבונו של עולם ! און וואָס זאָגט דער דאָקטער ?

— דער דאָקטער ? — שמייכלט זיידנוואָרעמס מיטן באַרימטן, שקאָצעוואַטן שמייכל זיינעם — דער דאָקטער האָט געוואָלט תיכף קומען, האָב איך צו אים געזאָגט : קומט אין צוויי וואָכן אַרום !...

און דער פלינקער שרייבער האָט אַ שליידער געטאָן דעם גאָלף־באַלעם, וואָס האָט מיט אַ סווישטש צעשפּאָלטן די לופט״...

*

דער ערשטער שטיין האָט צעטראַסקעט אַ שויב אין זיידנוואָרעמס דירה שוין אין די פרימאָרגן־שעהען, אָבער ס׳האָט זיך אים איינגעגעבן עוקר צו זיין פון דער היים, נאָך איידער די אמתדיקע דעמאָנסטראַציע האָט זיך אָנגעהויבן. אין גאַס האָט ער געפּויזעט מיט דער פּלייצע גאָר נאָענט צו די ווענט, מיט דער כוונה, אַז ער זאָל זיך דערשלאָגן אָוונטצייט ערגעץ ווו צו אַ פאַרוואָרפענעם העק אין נגב. אָבער עטלעכע טריט פאַר דער אויטאָבוס־סטאַנציע האָט אים די שוויגער דערטאַפּט און אים דערלאַנגט איבערן שאַרבן אַ פעסטן זעץ מיטן שירעם.

אין שפּיטאָל האָבן די דאָקטוירים זיך אָפּגעזאָגט מיט אים צו שמועסן. גאָלף ?... קיסריה ?... אויסגעלונקען ?... סוף־כל־סוף האָט מען אים אָבער געגעבן אַ פּאַסיקע באַהאַנדלונג אין דער שיכורים־פּאַלאַטע. זיידנוואָרעם, אַ פאַרבאַנדאַזשירטער און אַ פאַרשעמטער, איז געלעגן אויפן בעטל, און די פאַרטריקנטע ליפּן האָבן געשעפּ־טשעט אַ הייסע תפילה :

— גאָטעניו דערבאַרעמדיקער ! וואָס זאָל איך טאָן, כדי אַ סוף צו מאַכן צו דער געשיכטע ? וואָס טוט מען ?

אין יענער רגע האָט אַראָפּגענידערט פון אויבן אַ צעשטראָלטער מלאך, וואָס האָט געטראָגן די קרוין פון פרעסע־פרייהייט און געפאָכעט מיט דער שווערד פון דעמאָקראַטיע. דער מלאך האָט זיך אָוועקגעשטעלט לעבן בעטל פונעם צוזאָגנדיקן שרייבער און אים געטאָן זאָגן :

— שיק אַ חשבון !

*

— צו דער חשובער רעדאַקציע פון „עפּעס״, הי.

חשובער רעדאַקטאָר,

אין די לעצטע נומערן פון אייער צייטונג האָט איר אָפּגעדרוקט דריי קורצע סאַטירעס, די פרוכט פון מיין פעדער. אָט זענען די קעפּלעך זייערע, לויט דער ריי פון זייער אָפּגעדרוקט ווערן :

א) צונגענשפּיץ און די לוויה.
ב) פֿאַר וואָס האָט דער פּאָפּוגיי געשוויגן?
ג) דער אויסגעלונקענער קין.
שיקט, זייט מוחל, דעם האָנאָראַר וואָס גיכער אויף מיין אַדרעס.

זינט דעמאָלט איז ענדלעך שטיל געוואָרן.



# באַוואָרנט אַרום און אַרום

— איר זעט, אַדוני, די פּרעמיערע האָט זיך נאָר וואָס פאַרענדיקט מיט צען מינוט צוריק, און שוין איילט זיך י.ל. קאָנשטעטער צום טעלעפאָן, כדי צו דיקטירן די ערשטע קריטיק אויף אינדערפרי.

— איר זענט אומרויִק?

— לגמרי נישט. מיר וועלן באַקומען אַ פאַנטאַסטישע קריטיק.

— זענט איר זיכער דערין?

— הונדערט פּראָצענט.

— איז טאַקע דער ספּעקטאַקל אַזאַ גוטער?

— וועלכער ספּעקטאַקל?

— די פאָרשטעלונג אייערע, וואָס קאָנשטעטער וועט שרייבן וועגן איר.

— וואָס קער זיך עס אָן דער ספּעקטאַקל מיט קאָנשטעטערס קריטיק?

— כ׳האָב געטראַכט... אפשר פאָרט...

— זייט נישט קיין קינד! שוין לאַנג אַוועק די צייטן ווען אַ טעאַטער־דירעקטאָר פון מיין שניט פלעגט בויען זיינע האָפענונגען אויף די מעלות פון אַ פאָרשטעלונג. היינט צו טאָג, אין דער תקופה פון געקירעוועטער קריטיק, דעצידירט די קאַלטע אויסרעכענונג.

— למשל?

— למשל, דער אָפּקלייב פון דער פּיעסע. פאַר וואָס האָב איך, מיינט איר, אויסגעקליבן דווקא אַ פּוילישע דראַמע פונעם דרייצנטן יאָרהונדערט?

— ווייל קאָנשטעטער...

— גערעכט. ווייל קאָנשטעטער פירט אָן מיטן קאָמיטעט פאַר ישראל־פּוילישער פריינדשאַפט.

— קלאָר. קומט אויס, אַז צוליב דעם ליגט שוין די באַגייסטערטע קריטיק זיינע ביי אייך אין קעשענע.

— דאָס נישט. פון צייט צו צייט איז ער מחויב צו באַווייזן דער וועלט, אַז הגם ער אַליין איז דער פּרעזידענט פונעם קאָמיטעט, פאַרבלייבט ער אָביעקטיוו לגבי דער פּוילישער קונסט. דעמאָלט איז דער צאָרן זיינער מסוכן.

— פאַר וואָס זשע זענט איר אַצינד אַזוי רויִק?

— מחמת איך פאַרלאָז זיך נישט אויף קיין נסים, אַדוני. איך האָב מיט סבלנות אויסגעוואַרט ביז קאָנשטעטער האָט מיט צוויי חדשים צוריק געמאַכט תיל־תל פונעם פּוילישן טאַנץ־אַנסאַמבל, וואָס האָט דאָ גאַסטראָלירט, און ערשט דעמאָלט

האָב איך אַ זאָג געטאָן: חברה, איצט מעגן מיר זיך פאַרגינען צו שטעלן אַ פּוילישע פּיעסע אָן שום סכנה פון זיין זייט.

— אַוודאי, דאָס איז זייער פאַרשטענדלעך.

— עס דוכט זיך אייך, מיין פריינד. אַ סך פאַקטאָרן ווירקן היינט אויף אַ פּאָזיטיווער קריטיק. קאָנשטעטער איז מסוגל צו לויבן אין טאָג אַריין די פּיעסע און דערביי צו דערהרגענען דאָס שפּילן.

— אויב אַזוי, וואָס פאַר אַן עצה גיט איר זיך?

— איך בין זיך נוהג לויטן אויסגעפּרוווטן סיסטעם פון רולעט. איך וואַרט, ביז עס יאַווועט זיך פינף מאָל שוואַרץ, און דאַן שטעל איך אויף רויט און קום אַרויס מיטן ספּעקטאַקל. האָט איר צעקייט?

— ניין.

— טאָ, לאָזט אייך דינען. איר זעט אַ־דאָס קליינינקע נאָטיצביכל? דערינען פאַרשרייב איך אַלץ וואָס קאָנשטעטער האָט געפּאַטשקעט אין די לעצטע חדשים וועגן אַנדערע פּרעמיערעס. טוט, זייט מוחל, אַ קוק: 23סטן מאַי, 1964 — „אַ חלשות־דיק פאַרזעעניש"; 7טן יוני 1964 — „אַ שענדלעכע כאַלטורע"; 19טן יוני 1964 — „ווי לאַנג נאָך?"; 30סטן יוני 1964 — „אַן אָפּשטויסנדיקע קונצנמאַכעריי"; 6סטן יולי 1964 — „אַ מינערוועדטיקע מאַכערייקע". פינף מאָל שוואַרץ. ווערדליך די כללים פון רולעט, מוז ער צום זעקסטן מאָל אָנשרייבן אַ גוטע קריטיק איבער עפּעס, וואָרעם אַנדערש וועט מען האַלטן, אַז ער איז פאַרביטערט. דאָס איצטיקע מאָל האָף איך אַרויסצוקריגן פון אים לכל הפּחות: „אַ פאַרשטעלונג אַ פּלאַסטישע, אַן אָנגע־מעוודיקע, אַ שטראָמיקע..."

— לויט ווי איך זע, קומט עס אייך נישט לייכט אָן.

— מיר האָבן שוין באַשטעלט פאַרן קומענדיקן סעזאָן אַ קליינעם עלעקטראָנישן מוח. לעת־עתה אָבער ליגט נאָך אַלץ אויף מיינע פּלייצעס. דאָך האַלט איך, אַז סיי די רעזשי און סיי די דעקאָראַציע וועלן זוכה זיין צו לויבגעזאַנגען פון קאָנשטעטערס פעדער.

— פון וואַנען ווייסט איר עס?

— מיר זענען געקניפּט און געבונדן מיט פּלאַטקינען.

— רעדט, כ'בעט אייך קלאָרער.

— פון תמיד אָן פלייס איך זיך אַרויסצוקומען מיט אַ ספּעקטאַקל תיכף נאָך גרשון פּלאַטקינס פּרעמיערע אין קאַמערי־טעאַטער. קינד און קייט ווייסן, אַז י.ל. קאָנשטעטער איז פּלאַטקינס אַ דם־שונא, זינט פּלאַטקין האָט בפרהסיא געזאָגט, אַז ער, קאָנשטעטער, איז אַ קאַרליק... פאַרשטייט זיך, אַז פון דעמאָלט אָן קוילעט קאָנשטעטער אָן אַ חלף פּלאַטקינס רעזשי. אלא וואָס? קאָנשטעטער ווייסט ווויל, אַז פּלאַטקינען פאַרדריסט ביז גאָר די שחיטה פון דער רעזשי זיינער, און אויב פּלאַטקין וועט לייענען אין דער צייטונג אין שכנות מיט דער שחיטה אַ התלהבותדיקע קריטיק איבער עמעצן, וואָס האָט גלייכצייטיק רעזשיסירט אַן אַנדערע פּיעסע, וועט ער זיך ממש דראַפּען אויף די גלייכע ווענט. אָט פאַר וואָס איך לאָז תמיד אַרויס דעם ספּעק־טאַקל מיינעם אין פאַרבינדונג מיט פּלאַטקינען. דאָס פאַרזיכערט געהויבענע קאָמ־

פלימענטן פאַר אונדזערע רעזשיסאָרן. בכלל, אויב קאָנשטעטער צעגיסט זיך מיט שבחים איבער עמעצן, דאַרף מען זוכן דעם, וועמען ער איז עס אויסן צו דערלאַנגען אַ שטאָך.

— איר האָט דערמאָנט, אַז ער וועט לויבן די דעקאָראַציע...

— אַוודאי. וואָס שייך דעקאָראַציע, גייען מיר מיט כוח. לאָזט זיך דינען: אונדזער דעקאָראַציע־מאַלערינס פאַטער, אַליין אַ סקולפּטאָר מיט אַ נאָמען, האָט מיט זעקס וואָכן צוריק דערלאַנגט אַ טראַסק איבער קאָנשטעטערס שאַרבן מיט אַ סטאַטועטקע צוליב אַ קונסט־רעצענזיע. די צייטונגען האָבן די מעשה צעלייגט אויף טעלערלעך. קאָנשטעטער האָט איצט קיין ברירה נישט און מוז לויבן דער טאָכטערס דעקאָראַציע, כדי עס זאָל נישט שמעקן מיט קיין נקמה...

— סאַראַ מזל, וואָס דער טאַטע האָט אים דערלאַנגט.

— ווער רעדט פון מזל? א י ך האָב אים אָנגערעדט, ער זאָל דערלאַנגען. אויב איר גאַרט נאָך קאָנשטעטערס אַ לייטישער קריטיק פאַר אייער טאָכטער — האָב איך אים געזאָגט — מוזט איר אים פּלעטן דעם שאַרבן. גלייבט מיר, ס'איז נישט קיין לייכט שטיקל ברויט, צונויפצופּאַסן אַזוי אַקוראַט אַלע רעדלעך. אָט, למשל, דאָס צוטיילן פון ראָלעס. מיט דער הויפּטראָלע האָב איך מכבד געווען דווקא ירדן פּאָדמאַניצקין, אַן אומבאַטייטיקן אַקטיאָר, כדי דער נאָמען זיינער זאָל מיר צו נוץ קומען.

— אַנטשולדיקט?

— וואָס איז דאָ נישט צו פאַרשטיין? דער פאַרלעגער וואָס דרוקט יאָר־איין יאָר־אויס אַ זאַמלבוך מיט קאָנשטעטערס רעצענזיעס הייסט אויך פּאָדמאַניצקי.

— אַהאַ, אַוודאי דעם אַקטיאָרס אַ קרוב!

— דאָס נישט, אָבער קאָנשטעטער ציטערט, טאָמער יאָ. דער נאָמען איז נישט אָפּט בנמצא. און דער פּועל־יוצא: כסדר גנבעט פּאָדמאַניצקי אַוועק די פאָרשטעלונג. טוט נאָר אַ קוק ביי מיר אין נאָטיצביכעלע: 3טן אַפּריל 1963 — „פּאָדמאַניצקיס דערפרישנדיקע שפּיל האָט מיך איבערראַשט!”; 11טן אויגוסט 1963 — „ע ר איז די גרויסע איבערראַשונג פונעם ספּעקטאַקל, אָן שום ספק”; 27סטן פעברואַר 1964 — „צו אונדזער אָנגענעמער איבערראַשונג, האָט פּאָדמאַניצקי...” צוליב זיכערקייט האָב איך ערב דער איצטיקער פּרעמיערע געהייסן פּאָדמאַניצקין, ער זאָל אָפּטשאַטעווען קאָנשטעטערן אין דער סביבה פונעם פאַרלעגערס ביורא. ביידע האָבן זיי זיך באַגעגנט אויף די טרעפּ, בעת דער אַקטיאָר איז אַרויפגעגאַנגען און דער קריטיקער איז אַראָפּגעגאַנגען. דאָס וועט שוין פּאָדמאַניצקין אַריינטראָגן, קאַרג אָפּגעשאַצט: „דאָס שפּילן זיינס — ראַפינירט, אָפּגעוויגן, איבערראַשנדיק, האָט...”

— ווי איך זע, זאָרגט איך זיך פאַר אַלעמען.

— נישט פאַר אַלעמען. דאָס וואָלט געווען אַ פאַטאַלער טעות. תמיד מוז מען מפקיר זיין אַ שעפּס פון דער טשערעדע, כדי דער קריטיקער זאָל האָבן אויף וועמען דאָס האַרץ אויסצולאָזן. אויב מען פאַרזעט אַ־דעם גאַנג, איז דער קריטיקער מסוגל זיך צו צעווילדעווען און צו שעדיקן עמעצן, וואָס איז נאָענטער צום האַרצן. דערפאַר לוינט זיך בעסער אים צו דערלאַנגען דעם קרבן אויף אַ טאַץ. פאַרן איצטיקן

ספעקטאַקל האָב איך אויסגעקליבן ווי אַ בליץ־אַפּלייטער דעם קאָמפּאָזיטאָר פון דער מוזיק.

— מעג מען פרעגן ווי אַזוי ?

— פּראָסט און פּשוט. כ׳האָב בכיוון אויסגעזוכט אַ קאָמפּאָזיטאָר, וואָס שטאַמט פון אונגאַרן. יעדער ווייסט, אַז קאָנשטעטער איז אַלערגיש צו אונגאַרישע, צוליב ירושהדיקע סיבות. אונדזער קאָמפּאָזיטאָרס מוזיק וועט דעריבער זיין : בלוטאָרעם אַ געגרילצעכץ פאַרן אויער, פרעמד דעם גייסט פונעם לאַנד. דער קאָמפּאָזיטאָר וועט נעבעך אָפּקומען פאַרן כלל...

— אוי, זענט איר עס אַ מזיק !

— נישט געכאַפּט, האָרכט ווייטער. אויך די שוואַרצאַרבעט טאָר מען נישט פאַרזען. דער ספּעקטאַקל איז געווען גרייט פאַרן פאָרהאַנג שוין סוף יוני, אָבער איך האָב די פּרעמיערע אָפּגעלייגט, ביז וואַנען די פייכטקייט אין דער לופט וועט פאַלן, וואָרעם פייכטע לופט איז משפיע ביז גאָר אויף קאָנשטעטערס געמיט. ווער ווייסט עס נישט, אַז פון 30 גראַד צעלזיוס און העכער שעכט קאָנשטעטער אָן רחמנות. אַלץ מוז זיין באַוואָרנט אַרום און אַרום. אין זאַל האָב איך אים באַזעצט אין סאַמע מיט פון די אַקטיאָרנס קרובים. כדי אַריינצושפּריצן אין אים אַ פּאָרציע נחת שוין ביים אַרויפציִען דעם פאָרהאַנג, האָב איך אָפּגעשטופּט דעם קריטיקער־קאָנקורענט גרינבוטער — זיינער אַ קידערווידערניק — דריי רייען הינטער אים, ערגעץ ביי דער זייט...

— אַ רגע ! און פאַר גרינבוטערן האָט איר קיין מורא נישט ?

— רעדט נישט ווי אַ קינד ! ע ר האָט דאָך איבערגעזעצט די פּיעסע.

— כ׳לעבן, אַ שלימותדיקער פּלאַן !

— אַ ברירה האָט מען ? חדשים־לאַנג פּראַצעווען מיט מסירות־נפש אַ וואָסערע 60 בינע־מענטשן, איז ווי מעג איך זיי לאָזן אויף הפקר ? יעדע פאָרשטעלונג האָט אַ רעכט אויף פאַכמענישן שוץ, אַ פּשיטא שוין — אַזאַ פּרעכטיקע פאָרשטעלונג ווי אונדזערע. איר וועט דאָך מסתמא קומען זי זען ?

— כ׳האַלט, אַז איך וועל קומען.

— ווען ?

— דאָס ווייס איך לעת־עתה נישט. לאָמיר קודם לייענען די קריטיק...



# אין טעאַטער־גאַרדעראָב

י. פּאָדמאַניצקי: עי, מיין יונגער פריינד, זייט מוחל און קומט אַריין אויף אַ רגע!
בן־תירוש : איך?
י. פּאָדמאַניצקי: יאָ, איר.
בן־תירוש : ביטע, הער פּאָדמאַניצקי... שוין אַ שטיק צייט זינט כ׳האָב געוואָלט זאָגן דעם הער פּאָדמאַניצקי, סאַראַ גרויסער כבוד ס׳איז פאַר מיר אויפצוטרעטן אין איינעם מיטן הער פּאָדמאַניצקי אין די רעפּעטיציעס.
י. פּאָדמאַניצקי: גראָד אין דעם טאָקע גייט עס, מיין פריינד. ווי הייסט איר?
בן־תירוש : בן־תירוש, יוסף.
י. פּאָדמאַניצקי: ווי לאַנג זענט איר שוין אין טעאַטער?
בן־תירוש : צוויי חדשים. סוף קומענדיקע וואָך וועט ווערן צוויי חדשים.
י. פּאָדמאַניצקי: ווי פילט איר זיך ביי אונדז? גוט?
בן־תירוש : איך בין ממש גליקלעך, הער פּאָדמאַניצקי. פון תמיד אָן האָב איך געחלומט צו שפּילן צוזאַמען מיט אַזוינע גרויסע אַקטיאָרן ווי הער פּאָדמאַניצקי...
י. פּאָדמאַניצקי: זיצט!
בן־תירוש : אַ דאַנק. נאָך פון קינדווייז אָן ווער איך ממש משוגע פאַר אייך, הער פּאָדמאַניצקי. פרעגט, זייט מוחל, די מאַמע מיינע! איצט בעת מיר גרייטן זיך אַרויסצוטרעטן אין איינעם אין אַ ספּעקטאַקל, כאַפּט מיך אָן ביי יעדער רעפּעטיציע אַזאַ מין גערירטקייט...
י. פּאָדמאַניצקי: איך זע, אַז איר זענט אַן אינטעליגענטער יונגער מאַן, מיין פריינד...
בן־תירוש : יוסף בן־תירוש.
י. פּאָדמאַניצקי: יאָ, איך האָף, אַז מיר וועלן קאָנען צוזאַמען אַרבעטן. איך בין אויסן די סצענע מיט דער תליה. אין דער פּיעסע זענט איר דער תלין, וואָס דאַרף מיך אויפהענגען, אויב כ׳האָב נישט קיין טעות.
בן־תירוש : איך האָב דעם כבוד...
י. פּאָדמאַניצקי: פאַלט מיר נישט אַריין אין די רייד, מיין פריינד! מיר געפעלט די דאָזיקע סצענע, און אויך אייער אויפטריט אין די רעפּע־

טיציעס, לכל הפחות וואָס שייך דער פיגור אייערער, כל זמן איר עפנט נישט דאָס מויל. בעת איך קום אָן צו די טרעפּ פון דער תליה — וואָס זאָגט איר מיר דאָן?

בן־תירוש: איך?

י. פּאָדמאַניצקי: יאָ, וואָס זאָגט איר מיר?

בן־תירוש: דעם טעקסט מייגעם.

י. פּאָדמאַניצקי: כ׳וויל הערן דעם טעקסט!

בן־תירוש: נו, ריר זיך — זאָג איך — ריר זיך...

י. פּאָדמאַניצקי: און ווייטער?

בן־תירוש: ריר זיך, אויסוואורף... ריר זיך, צעפּוילטע שמאַטע... וואָס דו ביסט!

י. פּאָדמאַניצקי: און דאָס זאָגט איר מיר?

בן־תירוש: יאָ, אַזוי לייענט זיך מיין טעקסט.

י. פּאָדמאַניצקי: צעפּוילטע שמאַטע?

בן־תירוש: יאָ.

י. פּאָדמאַניצקי: ווי אַלט זענט איר, מיין פריינד?

בן־תירוש: אין יולי ווער איך צוויי און צוואַנציק.

י. פּאָדמאַניצקי: צוויי און צוואַנציק! וויל! און איר שעמט זיך נישט אַזוי צו רעדן צו אַן אַקטיאָר מיט סטאַזש, וואָס שטייט שוין 36 יאָר אויף די ברעטער פון דעם טעאַטער?

בן־תירוש: דאָס... דאָס איז... די ראָלע מיינע... הער פּאָדמאַניצקי... אַזוי שטייט געשריבן... און ס׳שטייט אויך געשריבן... אין קלאַמערן.. אַז איך דאַרף דערלאַנגען דעם הער פּאָדמאַניצקי אַ דריגע.. אין קלאַמערן...

י. פּאָדמאַניצקי: וועגן דעם וועלן מיר נאָך רעדן.

בן־תירוש: אַזאַ איז די ראָלע מיינע...

י. פּאָדמאַניצקי: די ראָלע אייערע, יונגער מאַן, איז צו לערנען און זיך אויפצופירן מיט דרך־ארץ לגבי די בויערס פון דער העברעיִשער בינע. ווי הייסט איר?

בן־תירוש: בן־יוסף, תירוש.

י. פּאָדמאַניצקי: הערט־זשע, מיין פריינד! אויב איר ווילט זיך עלטערן דאָ אין טעאַטער, פאַרשרייבט ביי זיך מיט קידוש־לבנה־אותיות, אַז ירדן פּאָדמאַניצקי איז אַ שם־דבר ביים פּובליקום!

בן־תירוש: אויך ביי מיר, כ׳זאָל אַזוי לעבן!

י. פּאָדמאַניצקי: אויב אַזוי, איז סאַראַ שׂמחה אויף אייער קאָפּ, מיך אָנצופאַלן מיט בזיונות און מיך צו נאַרען אין בלאָטע בעת דער דאָזיקער סצענע?

בן־תירוש: ווער פרייט זיך? איך פריי זיך? איך מוז זיך פרייען, הער פּאָדמאַניצקי, מחמת דער רעזשיסאָר אונדזערער, דער הער

מסיע בולאַנזשע האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז איך דאַרף זיין גליקלעך, וואָרעם איך בין אייער שונא, כ׳מיין אין דער פיעסע, ווייל איר זענט דער קאָמאַנדיר פון די אויפשטענדלער. וועלכן מיר האָבן געכאַפּט.

י. פּאָדמאַניצקי: אין דעם דאָזיקן גויס אויגן, וואָס רופט זיך בולאַנזשע, בין איך אפשר דער קאָמאַנדיר פון די אויפשטענדלער. פאַר אייך אָבער, יונגער מאַן, בין איך נאָך ירדן פּאָדמאַניצקי. ווי דערוועגט איר זיך אויסצושטרעקן אַ פוס צו מיר ?

בן־תירוש : כ׳האָב געמיינט...

י. פּאָדמאַניצקי: סאַראַ חוצפה ! נעכיי וואָלט מישאַ האַניגמאַן געשפּילט דעם תלינס ראָלע, הגם אַ בלוטאָרעמער אַקטיאָר, מילא... פאַרט שוין 30 יאָר אויף די ברעטער. אָבער איר, אַ צוציק פון אַ דראַמאַטישן קינדער־גאָרטן — האָט די העזה צו לעסטערן מיט שוים אויף די ליפּן אייער פאָטער פאַר די אויגן פון דער גאָרער וועלט ? וואָס טוט זיך עס דאָ ? צי ווייסט איר, וועלכע ראָלעס איך האָב געשפּילט אין מיין קאַריערע ? גיבורים ! נביאים ! מלכים ! מילא, דאָס מאָל בין איך בלויז דער קאָמאַנדיר פון די אויפשטענדלער, איך האָב מסכים געווען, גוט. אָבער צי קאָן דאָס זיין אַ סיבה, מען זאָל אויף דער בינע מיר שפּייען אין פּנים ?

בן־תירוש : בו... בולאַנזשע...

י. פּאָדמאַניצקי: לאָזט מיך געמאַך מיט דעם גוי ! ער ווייסט נישט וואָס טעאַטער איז. און ער פאָרט צוריק קיין פּאַריז, איך אָבער בלייב דאָ.

בן־תירוש : אַוודאי ! זייט מיר מוחל, הער פּאָדמאַניצקי ! איך בין נאָך אַ גרינער אין פּראָפעסיאָנעלן טעאַטער.

י. פּאָדמאַניצקי: טאַקע דערפאַר רעד איך נאָך מיט אייך. ווי רופט מען אייך ?

בן־תירוש : יוסף תירוש, בן.

י. פּאָדמאַניצקי: טאָ, הערט זשע, יונגער מאַן : פון מאָרגן אָן וועט ירדן פּאָדמאַניצקי מער נישט קניִען פאַר אייך אויף דער בינע, פאַרשטאַנען ?

בן־תירוש : אַוודאי ! ס׳איז באמת אַ חוזק, אַז הער פּאָדמאַניצקי זאָל בכבודו ובעצמו...

י. פּאָדמאַניצקי: איר זעט ? איך וועל שטיין מיט אָן אויפגעהויבענעם קאָפּ אויף די טרעפּ און איר וועט מיר זאָגן... יאָ, וואָס וועט איר מיר זאָגן ?

בן־תירוש : ריר זיך...

י. פּאָדמאַניצקי: קיין שום „ריר זיך״ ! אַזוי וועט איר רעדן צו די קאָלעגן אייערע, צו די סטאַטיסטן !

בן־תירוש : זייט מוחל. איז אפשר זאָל איך זאָגן : גייט אַרויף ?

י. פּאָדמאַניצקי: „גייט אַרויף, ביטע !״ — יאָ ?

בן־תירוש : גייט אַרויף, ביטע, אויס... אויסווורף...

י. פּאָדמאַניצקי: וואָס ?!

בן־תירוש : גייט אַרויף, מיין הער, ביטע, צו דער תליה, מיין הער...

י. פּאָדמאַניצקי: האָב איך אַ נאָמען, צי ניין ?

בן־תירוש : גייט אַרויף, ביטע, צו דער תליה, הער פּאָדמאַניצקי !

י. פּאָדמאַניצקי: שוטה ! דער נאָמען מיינער אין דער פּיעסע !

בן־תירוש : זייט מוחל ! ...גייט אַרויף, ביטע, הער גאָנזאַלעס !

י. פּאָדמאַניצקי: סאַרא גאָנזאַלעס אויף אייך ? פּרעדעריקאָ אַלבערגאָ מאַרטשיאָ אַמאַדעאָ גאָנזאַלעס !

בן־תירוש : יאָ, איך פאַרשרייב...

י. פּאָדמאַניצקי: פאַרשרייבט, פאַרשרייבט, מיין פריינד !

בן־תירוש : אפשר... אפשר זאָל איך פאַלן אויף די קני פאַרן הער פּאָד־מאַניצקי ?

י. פּאָדמאַניצקי: אַ טשיקאַווער געדאַנק ! כ׳לעבן, טשיקאַווע ביז גאָר ! ווייזט אויס, אַז איר זענט געבענטשט מיט אַ חוש פון קאָנצעפּציע. יונגער מאַן...

בן־תירוש : יוסף בן־תירוש. מיטן טיפסטן רעספּעקט !

י. פּאָדמאַניצקי: דאָס איז עס, מיין פריינד ! איר דאַרפט די ראָלע אייערע לחלוטין נישט איבעראַנדערשן. נישט מער, ס׳טרעפט דאָס, וואָס מוז טרעפן : איר, ווי דער תלין, זענט טאַקע אַ דם־שונא דעם קאָמאַנדיר פון די אויפשטענדלער. אלא־וואָס, ווי נאָר איר שטייט פּנים אל פּנים אַנטקעגן אַ קאָריפיי פון דער בינע, אַ טעאַטראַל אַ ריז, ווערט איר פאַרכאַפּט פונעם כישוף, פונעם סוגעסטיוון כוח...

בן־תירוש : יאָ... יאָ...

י. פּאָדמאַניצקי: און גראָד אין יענער רגע דערלאַנג איך אייך פון הינטן אַ לייטישן זעץ און זאָג : פּיל אויס דיין חוב, הינטישער זון !...

בן־תירוש : איך פאַרשטיי. דאָס איז מיר פריִער גאָר נישט געקומען אויף דער מחשבה. אָבער... וואָס וועט הער מסיע בולאַנזשע זאָגן ?

י. פּאָדמאַניצקי: ער פאַרשטייט נישט קיין עברית.

בן־תירוש : ריכטיק ! אָבער שפּעטער... וועל איך מעגן אויפהענגען דעם הער פּאָדמאַניצקי ?

י. פּאָדמאַניצקי: איך וועל זיך שוין אַליין אויפהענגען.

בן־תירוש : אַ דאַנק ! הייסט עס, אַז שוין פון מאָרגן אָן וועט עס זיך ביי דער רעפּעטיציע אַזוי פירן ?

י. פּאָדמאַניצקי: יאָ, מיין פריינד ! מען דאַרף מיט קיינעם נישט שמועסן דערפון. דאָס בלייבט צווישן אונדז.

בן־תירוש : פאַרשטייט זיך, הער פּאָדמאַניצקי !

י. פּאָדמאַניצקי: אויך בולאַנזשע דאַרף נישט וויסן.

בן־תירוש : זיכער! וואָס עפּעס בולאַנזשע?
י. פּאָדמאַניצקי: קאָן מען זיך אויף אייך פאַרלאָזן?
בן־תירוש : הונדערט פּראָצענט!
י. פּאָדמאַניצקי: אַ ווילער בחור! איך זאָג אייך פאַר אַ גרויסע צוקונפט אין טעאַטער. ווי הייסט איר?
בן־תירוש : יאָסי.
י. פּאָדמאַניצקי: הכלל, צום ווידערזען זיך מאָרגן אויף דער רעפּעטיציע!
בן־תירוש : צום ווידערזען זיך, און אַ גרויסן דאַנק פאַר אַלץ, הער פּאָ־דאָמניצקי!

(ער גייט אַהיים אַדורכגענומען מיטן געפיל פון פּראָפעסיאָנעלער צופרידנקייט. מאָרגן, בעת דער רעפּעטיציע, וועט מען אים אַרויסוואַרפן פונעם טעאַטער לויט דער רעקאָמענדאַציע פונעם רעזשיסאָר מסיע בולאַנזשע).



# דער עמער רינט

ווי איר דערמאָנט זיך מסתמא, האָבן אַנומלט, אין איינעם אָן אויפדערנאַכט, זיך צעפּראַלט די פענצטער פונעם הימל, און די קוואַלן פונעם תהום האָבן זיך צעשפּאָלטן גראָד אונטער אונדזער קליינעם הייזל אין אפקה. דער פּועל־יוצא דערפון איז געווען, אַז אונדזערע פּריילעכע יאַטלעך האָבן זיך געיאַוועט מיטאָגצייט און אָנגעזאָגט אַ בשׂורה:

— טאַטעשי, די וואַנט אין קעלער מאַכט פּיפּי...

איך האָב אָפּגעשטויסן מיט ביטול רפיס פלוידעריי, און מיר וואָלטן זיך בכלל גאָר נישט געמאַכט פונעם נאַרישן בילבול, ווען נישט דאָס וואָס אונדזער קעלער איז מגולגל געוואָרן בפירוש אין אַ שווימבאַסיין. דאָס מיינט, אַז פון דער וואַנט אין קעלער איז פּלוצעם, אָן שום וואָרענונג, אויסגעבראָכן אַ מעכטיקער וואַסער־שטראָם, וואָס האָט באַרייכערט דעם באַסיין לכל הפּחות מיט אַ קוביקמעטער יעדע פערטל שעה. מסתמא האָט משה רבנו געפילט דאָס אייגענע ווי מיר, בשעת ער האָט אַרויסגעשלאָגן וואַסער פונעם פעלדז, אָבער ער האָט אויסגעקליבן פאַרן נס אַ מער פּאַסיקע מינוט.

ס'איז איבעריק צו דערמאָנען, אַז מיר זענען, חלילה, נישט אַרויס פון די כּלים.

— וואַסער! — האָט די פרוי זיך צעשריגן, איז אַרויס אין גאָסרעגן אין דרויסן, צוריקגעקומען און ווידער אַרויס, און געשריגן: — פּאַרפּלייצונג! ראַטעוועט! וואַסער! טייערע מענטשן! קעלער! פייערלעשערס! מבול! מאַגיסטראַט! סאַפּיר! ראַטעוועט! וואַסער!

איך האָב זיך אַ לאָז געטאָן צום טעלעפאָן און אויפגעוועקט דעם לעגענדאַרישן אינסטאַלאַטאָר שטוקס. דער אינסטאַלאַטאָר האָט נישט פאַרשטאַנען, הלמאי מיר זענען אַזוי צערודערט.

— ניין, ס'איז נישט פון דער אינסטאַלאַציע — האָט ער מיך איינגעשטילט — דאָס איז בלויז אַ גרויסע אָזיערע אונטערן הויז. סתם אַ פּאַרפּלייצונג.

— וואָס זשע טוט מען, שטוקס? סאַראַ עצה גיט מען זיך?

— באַלד וועט זיין זומער.

— און דערווייל?

— דערווייל דאַרף מען אויסשעפּן דאָס וואַסער פונעם קעלער. אויב נישט, וועט אַלץ זיך איינברעכן.

די פרוי האָט געפּרוּווט פאַרשטאָפּן דעם לאָך אין דער וואַנט, קודם מיט גיפּס דערנאָך מיט פּלאַסטעלין, און צום סוף מיט אַ בענדל האַנזאַפּלאַסט, מיט וועלכן מען

וויקלט אַרום אַ קאַליע פינגער, — אַ סימן פון אַ געוויסער צעשרויפטקייט. אין גיכן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער קוואַל פון דער וואַנט קאָן מען אײַנצוימען נאָר, אויב מען וועט אַרײַנשטופּן אַ פינגער גאָר טיף אינעם שפּאַלט, אים טיילווייז פאַרשטאָפּן און אין דער זעלבער צייט דאַרף מען כאַפּן צוויי עמערס, אָנפּילן זיי מיטן מזל־ברכהדיקן רעגנוואַסער, וואָס פאַרפּלייצט דעם קעלער אין אַ הייך פון צוואַנציק צענטימעטער, לויפן מיט די פולע עמערס אַרויף די טרעפּ, אויסגיסן אין דרויסן. פון ס'ניי אַראָפּנידערן, פאַרשטאָפּן מיטן פינגער, אָנפּילן, לויפן, אויסגיסן...

— היינט מאָל זיך אויס — האָט די קליינע געטרייסט — וואָס די מענטשן האָבן געדאַרפט פילן אין פלאָרענץ, בשעת די שטאָט איז פאַרפּלייצט געוואָרן!

— אויסגעצייכנט האָט מען זיך געפילט אין פלאָרענץ — האָב איך זיך אָנגעגרופן — וואָרעם דאָרט זענען פאַרטרונקען געוואָרן כלערליי נאַרישע סקולפּטורן אָבער נישט דער קעלער מײַנער.

ווייזט אויס, אַז איך בין טאַקע נישט קיין געבוירענער וואַסער־טרעגער, מחמת במשך פון אַ האַלבער שעה בין איך קוים געשטאַנען אויף די פיס, אַ דערהרגעטער פון שלעפּן די פולע עמערס. מײַן זונדל עמיר האָט מיך אַ ביסל דענערווירט דערמיט וואָס ער האָט כסדר אָפּגעלאָזן פּאַפּירענע שיפלעך אויפן ים און מלא־גדולה געקייכט פאַר געלעכטער.

סוף־כל־סוף האָט זיך באַוויזן דאָס שטאָטישע פייערלעשער־אויטאָ. די חברה האָט אויסגעפּאָמפּעוועט דאָס וואַסער ביז צום לעצטן טראָפּן און זיך אָפּגעטראָגן. ס'האָט אָבער געדויערט נישט מער ווי געציילטע מינוטן, און אַלץ איז ווידער פאַר־פלייצט געוואָרן און איך האָב פון ס'ניי געיאָגט מיט די עמערס אַרויף און אַראָפּ. שעלטנדיק דעם פּרעמיער אשכול און זײַן גאַנצן פייכטן רעזשים.

און אָט צעקלינגט זיך דער טעלעפאָן. פעליקס זעליג האָט שוין נישט געפונען קיין פּאַסיקערע שעה, כדי אונדז מודיע צו זײַן, אַז זיי, די זעליגס, קומען באַלד צו גאַסט.

— פעליקס! — האָב איך געמרוקעט — פעליקס, למען השם...

ווי אַ וויכער האָט די קליינע זיך צו מיר אַ לאָז געטאָן, אַרויסגעכאַפּט דאָס טרײַבל און אַרײַנגעשריגן:

— קומט, פעליקס, קומט! מירן זיצן אַ ווײַלע אין סאַלאָן און שמועסן במנוחה ביי אַ גלעזל טיי. קומט וואָס גיכער!

*

דאָס מיינט נישט, חס ושלום, אַז די קליינע איז קלוגער פון מיר. ניין, זי איז פּשוט געלאַסענער, מחמת זי פאַרשטאָפּט בלויז דעם לאָך מיטן פינגער, בעת איך שפּײַ אויס די נשמה ביים אויסשעפּן דעם ים. שוין אין אַ האַלבער שעה אַרום זענען אָנגעקומען די זעליגס, בעת אין דרויסן האָט געגאָסן ווי מיט קאַנען.

— איר וועט נישט טרעפן, וואָס ס'איז געשען ערשט מיט עטלעכע מינוטן צוריק — האָט די קליינע זיי אָנגעזאָגט אַ בשורה — וואַסער האָט זיך אַרײַנגעריסן אין קעלער. ממש, סכנת נפשות! דער אָרעמער אפרים פירט איינער אַליין מלחמה

מיט די כוואַליעס. קיינער העלפט אים נישט. ער קאָן, חלילה, דערטרונקען ווערן !...
גייט געזונטערהייט אַהיים, מיר וועלן שוין, ווי נישט איז...

— וואָס רעדט איר ! — האָט פעליקס געזאָגט תרעומתדיק — מיר בלייבן... —
און אומר־ועושה האָט דער ייד פון זיך אַראָפּגעוואָרפן דאָס רעקל, פאַרשאַרצט די הויזן און גענומען לויפן מיט די עמערס, בשעת די פלוניתטע זיינע האָט זיך געביטן מיט מיין ווייבל ביים פאַרשטאָפּן דאָס לאָך. זאָגט, וואָס איר ווילט, אָבער דאָס הייסט אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט ! פעליקס האָט זיך אומגעריכט אַרויסגעוויזן פאַר אַ צוזאָגנדיקן וואַסער־טרעגער. אַ דאַנק דער איבערגעגעבענער פּראַצע זיינער, האָט דאָס וואַסער אין קעלער זיך מער נישט געהויבן, און אין אַ שעה אַרום האָט עס שוין נישט דערגרייכט אַפילו צו די קנעכל. מיר האָבן נישט געפונען גענוג דאַנק־ווערטער פאַר אַ־די מענטשן, וואָס זענען אַדורכגעזאַפּט מיט אַ גאַר הויכן קאָלעק־טיוון געפיל.

— ס'איז באמת זייער שיין פון אייער זייט — האָט די קליינע, אַ רוענדיקע אין ליגשטול, צו זיי געשעפּטשעט — וואָס וואָלטן מיר געטאָן אָן אייך ? איך האַלט, אַז עס לוינט נישט זיך אַרויפצושלעפּן מיט אַ האַלבן עמער. פילט אים אָן בעסער, ביז צום ראַנד !

זעליגס גלעזערנער בליק האָט ווי עפּעס אָנגעוווּנקען, אַז ער גופא וואָלט איצט געוואָלט זיין אַ ביסל ווייטער פון אונדז. ער האָט שווער געאָטעמט און עטלעכע מאָל זיך אויסגעגליטשט מיט די פולע עמערס. דאָס וואַסער האָט שוין ווידער דערגרייכט די קנעכל, און אין דרויסן האָט געבושעוועט אַ פרישער וואָלקנבראָך. אַ מערכה, וואָס גראָד דעמאָלט האָט זיך באַוויזן צביקה און האָט געפרעגט, צי מיר זענען נישט קיין בעלנים צו גיין מיט אים אין קינאָ. מיר האָבן אויסגעפונען פון זיינעטוועגן אַ גרויסן וועש־קעסל און מיר האָבן איינגעשטעלט דעם דריילינג אין אַ קייט־אַרבעט. וואָס שייך מיר, האָב איך זיך פאַרנומען בלויז מיט טעכנישע עצות און מיט אַכטונג געבן אויפן ריטעם פון דער אַרבעט.

*

אַרום אַכט אַ זייגער ביי נאַכט זענען מיר ווידער אַליין געבליבן מיטן מבול. צום ערשטן האָבן זיך איינגעבראָכן די זעליגס, דערנאָך איז צביקה פּלוצעם אַנידער־געפאַלן אין סאַמע מיט פון די טרעפּ. באין־ברירה האָבן מיר זיי באַפרייט, און צווישן יאָ און ניין אַדורכגעקוקט די רשימה פון באַקאַנטע און פריינד, וואָס טויגן נאָך צו פיזישער אַרבעט. ווען דאָס וואַסער גרייכט צום האַלדז, פאַרלאָזט מען זיך נישט אויף קיין נסים.

— דוכט זיך, אַז ווינערעב שפּילט טעניס — האָט די קליינע זיך אָנגערופן מיט פאַרחלומטע אויגן — און זיין ווייב איז אויך קיינעהאָרע געזונט ווי אַ פערד.

די ווינערעבס זענען באַשיימפּערלעך געווען אַ שפּאָר ביסל איבערראַשט פון דער האַרציקער איינלאַדונג אַזוי שפּעט, ובפרט אַז זיי האָבן שוין געהאַט אָפּגע־שמועסט מיט אַ יונג דרום־אַמעריקאַניש פאָרפאָלק — נאָר וואָס אָנגעקומענע פון טשילי — אַז מען וועט פאַרברענגען אין איינעם דעם אָוונט.

— אייערע פריינד זענען אויך אונדזערע פריינד — האָט די קליינע פייערלעך דערקלערט — און אונדזער הויז שטייט פאַר זיי אָפן.

הכלל, זיי האָבן זיך באַוויזן צוזאַמען, די גאַנצע כאַליאַסטרע. וויינרעב האָט אַפּילו מיטגעבערענגט די פּינג־פּאָנג־ראַקעטקע, כדי שפּילן עטלעכע גענג אין קעלער. איז דאָך אָבער פאַראַן שלימזל אויף וועלטל, רייסט זיך אַריין דאָס וואָסער איידער זיי קומען, און...

איך אַליין בין שוין געווען אויסגעמוטשעט צום אָוועקפאַלן, וואָרעם ביי יעדעס מאָל בייטן אַ שיכט האָב איך זיך געמוזט גאָלן און איבערטאָן, כדי אויסצוזען איבערצייגעוודיק אין די אויגן פון די פרישע כוחות. דאָס קער שוין צו די נישט־געשריבענע געזעצן פון מקבל־פּנים זיין געסט, געקומענע צו דער אַרבעט... וואָס איז? סטודענטן פון דער גאַנצער וועלט האָבן היינטיקס יאָר געאיילט קיין איטאַליע בשעת די פאַרפלייצונגען. וועמען זשע וועט עס חלילה שאַטן, אַז דער ישׂראלדיקער עולם וועט אונטערשטעלן אַ פּלייצע און ראַטעווען די קרבנות פון גרויס־אפקהס שאַרפע שיפּועים?

— היי־האָפּ! — האָב איך געפּאַטשט בראַוואָ אין טאַקט לכבוד די פרייוויליקע
— היי־האָפּ!...

דאָס דרום־אַמעריקאַנישע פּאַרפּאַלק האָט באַזונדערס זיך אויסגעצייכנט און זיי זענען דערגאַנגען לויט מיין קאַרגן אָפּשאַץ אַזש צו צוויי קוביקמעטער אין אַ שעה. אָבער וויינרעב האָט זיך אויך געהאַלטן אייזן און זיך נישט אונטערגעגעבן. ס'האָט שוין אויסגעוויזן, אַז די צוויי שיכטן האָבן באַוויזן גובר צו זיין די נאַטור־כוחות, און דער וואַסערשפּיגל אין קעלער איז אַראָפּגעפאַלן מיט אַ צענטימעטער, אפשר אַפּילו עטוואָס מערער. אָבער די פרוי האָט געמאַכט אַ געפערלעכן טאַקטישן פעלער:

— איר וועט אונדז מסתמא שעלטן — האָט זי געזאָגט צו דער נייער אַרבעטס־גרופּע — און טאַקע, צוריקגעשמועסט, וואָס פּלוצעם דאַרפט איר זיך דערהרגענען צוליב אונדזער אָנשיקעניש? אויף אייער פּלאַץ וואָלט איך אַהיימגעגאַנגען, כ'לעבן.

מען דאַרף קיין מאָל צו פיל נישט רעדן. זיי זענען געגאַנגען אַהיים. איך קאָן עס נישט באַשרייבן, וואָס מיר האָבן בשעת מעשׂה געפּילט. אויך מיר גוטע־פריינד, מען זאָל זיי נאָר נישט באַדאַרפן! מיר האָבן זיך שוין געהאַט צוגעוווינט צו אַרבעטן מיט פרעמדע הענט, און דערפאַר האָט אונדז אָנגעכאַפּט אַ פּאַניק, זעענדיק ווי די כוואַליעס גיסן זיך און קיין אויסשעפּערס זענען נישט פאַראַן.

איך האָב אין איילעניש אָנגעקלונגען צו מאיר גייגער, מחמת די גייגערס ווינען אין צווייטן עק פון אפקה און וועלן ביכולת זיין איינס און צוויי זיך אַריבערצוכאַפּן צו אונדז. טייבל, מאירס ווייב, האָט זיך אָנגערופן פונעם טרייבל:

— מיט גרויס פאַרגעניגן וואָלטן מיר געקומען, אָבער אונדזער אויטאָ איז פאַרקראָכן אין אַ בלאָטע.

— טאָ, קומט צו פוס! ס'איז דאָך געציילטע טריט. און ברענגט קאַרטן!
— ווייסטו וואָס? קום און נעם אונדז צו זיך מיט דיין אויטאָ!
— ווויל ווי די וועלט! אָט פלי איך!

אָט אַ צעבאַלעוועט פּאַרפּאָלק! איך האָב זיך צעשיידט מיט מיין קליינער, וואָס

האָט אַלץ געהאַלטן אין פֿאַרשטאָפּן דאָס לאָך מיטן פֿינגער, און געיאָגט פֿייל פֿון בויגן דורך דער נאָסער פֿינצטערניש צו די גייגערס. מיט אימפּעט בין איך אַריין צו זיי און כ׳האָב תיכּף געקריגן חשק עוקר צו זיין, אָבער כ׳האָב פֿאַרשפּעטיקט מיט אַ האַלבער רגע. טייבל איז געשטאַנען פֿון יענער זייט טיר און האָט אויסגעקוקט אויף מיר, ווי אויף משיחן.

— דו וועסט נישט טרעפֿן, וואָס ס׳איז געשען — האָט זי געמורמלט מיט טרוקענע ליפּן — גראָד מיט אַ מינוט צוריק איז ביי אונדז אין קעלער...

איך בין אַריינגעפֿאַלן אין פּאַסטקע. קלאָר, אַז צוליב דעם טאָקע איז נייטיק געווען, אַז איך זאָל קומען „זיי נעמען" — פֿון דער היים. עקלדיק! איך בין געווען אַזוי שטאַרק אויפֿגערעגט אויף אַ־די צבועקעס, אַז איך האָב בכיוון אויסגעגאָסן וואָסער אויף די פּערסישע דיוואַנעס בעת איך בין אַרויפֿגעקומען מיט די דריי עמערס.

לויפֿנדיק אַרויף און אַראָפּ מיט די עמערס, האָט דער מוח ביי מיר שיִער נישט געפּלאַצט: איך שעפּ דאָ ביי די גייגערס ז י י ע ר וואָסער מיט די לעצטע כּוחות, בשעת מיין קליינע פֿרוי שטייט אין א ו נ ד ז ע ר מקווה ביז צו די קני און פֿאַרשטאָפּט מיט אַ פֿינגער דאָס לאָך.

— נאָר וואָס האָב איך אָפּגערופֿן דיין ווייב — האָט מיר טייבל אָנגעזאָגט אַ בשורה — איך האָב איר דערציילט, סאַראַ באַרליאַנט דו ביסט און סאַראַ געטרייער העלפֿער אין אַ נויט...

— וואָס — האָב איך געפֿרעגט — וואָס האָט זי געענטפֿערט?

— אַז זי האַלט פֿאַר דיר דעם גראָבן פֿינגער...

דער רבונו של עולם האָט זיך אויף אונדז מרחם געווען, ווי ס׳איז שוין ביי אים אַ טבע אַזאַ. דער גאָסרעגן האָט זיך פּאַמעלעך אָפּגעשטעלט. מיר האָבן אַרויסגעשיקט דאָס טייבל פֿון דער תּיבה געוווּיר ווערן, און אָוונטצייט האָט זיך דאָס טייבל צוריקגעקערט מיט אַן איילבירט־בלעטל אין פּיסקל. דעמאָלט האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דער מבול איז פֿאַרביי, און געשען איז עס אין זעקסטן טאָג פֿונעם חודש אָקטאָבער פֿונעם פֿיר־און־זיבעציקסטן יאָר. ווען עס זענען זיך ביי אונדז צונויפֿגעקומען די זעליגס און די וויינרעבס און די גייגערס און צביקה, און דאָס פֿאַרפֿאָלק פֿון טשילי, און פֿון דעמאָלט אָן האָבן זיי אויפֿגעהערט צו רעדן מיט אונדז.

אַ שאָד, באמת אַ שאָד.



# פידלערס אויפֿן דאַך

אין סאַמע האַרץ פֿון לאָנדאָן — יאָ, אין סאַמע האַרץ פֿון דער וועלט — געפֿינט איר דאָס אַלט־איינגעזעסענע טעאַטער אויפֿן נאָמען פֿון איר קעניגלעכער מאַיעסטעט דער מלכּה, „הער מעדזשעסטיס טעאַטער", און דאָרט שטעלט מען אָוונט ביי אָוונט די ישׂראלדיקע מוזיקשפּיל „דער פֿידלער אויפֿן דאַך", עלעהיי ווי ס'וואָלט גאָרנישט געשען (אַן אַנטייט אויף דער נאַר וואָס פֿאַרענדיקטער זעקס־טעג־מלחמה). אין דער הויפּטראָל טרעט אַרויס נאַכט־איין נאַכט־אויס דער אַקטיאָר חיים טאָפּאָל מיט אַ דערפֿאָלג וואָס פֿאַרמאָגט נישט זיינס גלייכן אין דער געשיכטע פֿון ענגליש־רעדנדיקע פֿעלקער, און אַ פּילקעפּיקער ישׂראלדיקער אַנסאַמבל האַלט אים אונטער. טאָפּאָל איז פֿאַרבונדן מיטן טעאַטער דורך אַ סטאַבילן קאָנטראַקט, בעת זיינע מיטשפּילערס בייטן זיך יעדן אָוונט, ווערדליק די טוריסטן־כוואַליעס וואָס ווערן אַלץ שטאַרקער זינט נאָך דער מלחמה.

דער קאָנטאַקט צווישן דעם פּשוטן תּל־אָביבער טוריסט און טאָפּאָלן איז געשאַפֿן געוואָרן נאָך אין דער ייִדישער מדינה אין יענער רגע, ווען פּרופֿ ביליצער האָט אַ זאָג געטאָן צום מאַן אירן אויף דער 29 נאָוועמבער־גאַס:

— ...און פֿאַרזאָרג בילעטן צום „פֿידלער אויפֿן דאַך"!

דעמאָלט האָט מר ביליצער זיך אַ לאָז געטאָן צו דער פּאָסט און אַרויסגעשיקט אַן עקספּרעס־דעפּעשע בזה־הלשון קיין לאָנדאָן צום מיסטער טאָפּאָל: „צוויי גוטע פּלעצער אין מיטן אויפֿן 22סטן יולי, ביליצער". שפּעטער קומט מען אָן קיין ענגלאַנד, מען לויפֿט צום טעאַטער און דאָרט אַנטפּלעקט זיך פֿאַר די אויגן אַן אַנסופֿיקע מענטשן־ריי, וואָס רינגלט אַרום דעם בנין צוויי מאָל, און אויך אַ שילדל לעבן אַריינגאַנג צו דער קאַסע, אַז אַלע בילעטן ביז צום 11טן אָקטאָבער זענען אויספֿאַר־קויפֿט. געציילטע בילעטן פֿאַרן קומענדיקן יאָר נאָך בנמצא. פֿרעגט זיך דאָך, הלמאַי שטייען עס פֿאַרט די ברייטע מאַסן אין דער ריי? זיי שטייען צוליבן מיסטער טאָפּאָל, כּדי זיי זאָלן צו אים אַריין דורך דער הינטערטיר. דער אויסגעדינטער טויער־וועכטער פֿראַצעוועט מיט אַלע כּוחות אָפּצוהאַלטן דעם שטראָם און ער פֿרעגט יעדן ישׂראלי, צי טאַקע טאָפּאָל אַליין האָט אים פֿאַרבעטן אַריינצוקומען צו אים אין קאַבינעט.

— וואָס מיינט עס עפּעס „פֿאַרבעטן"? — צעבייזערט זיך מר ביליצער — איך דאַרף אַ פֿאַרבעטונג פֿון אים?

און שוין שטורעמט אַריין דער „29סטער נאָוועמבער", אין איינעם מיט זיין ווייב נחמה און מיט דער שוועסטער אירער, וואָס ווילט גראָד על־פּי צופֿאַל אויך אין

לאָנדאָן. דאָס מיינט, אַז די ביליצער־חברה נייטיקט זיך אין דריי בילעטן אין דער מיט. טאָפּאָלס עלעגאַנטער גאַרדעראָב־צימער איז צעטיילט דורך אַ װענטל אויף צוויי העלפטן, ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ אינטערנאַציאָנאַלן שטערן. דער אַקטיאָר גופא שטייט גראָד אין דער פאָדערשטער העלפט, אין װאַרטצימער, און רעדט דורכן טעלעפאָן מיט אויסלאַנד:

— וואָס, איר דערקענט מיך נישט, האַלאָ! — שרייט מען ביים צווייטן עק דראָט אין נתניה — איך האָב אייך איין מאָל געזען אין טעאַטער־קלוב און נישקשהדיק הנאה געהאַט... אין ענגלאַנד האָב איך אַ פאַרפאַלק ענגלענדער, גוטע־פריינד, און איך האָב זיי צוגעזאָגט אַ פאַרבעטונג פאַר איפדערוואָך. האַלאָ...

— פאַר איפדערוואָך... דאָס וועט זיין שווער...

— וואָס פּלוצעם שווער?

טאָפּאָל האָט זיך כמעט נישט פאַרענדערט, סיידן דאָס, וואָס ס׳וואַקסט ביי אים אַ צעפּאַטלטע באָרד, און די האָר ביי די שלייפן זענען געוואָרן עטוואָס גראָ. אין זיינע אויגן צוקט אַ גרויסע נערוועזקייט, אַ פּנים דער פּרייז פאַר דערפאָלג. אַביגדור פון „קאַליפאָרניע" (אַ קאַפעהויז אין תל־אביב) גיט אים צו פאַרשטיין דעם ענין פּראָסט און פּשוט:

— דו האָסט דאָ אַ משוגענעם דערפאָלג. דו ביסט איצט אַ באַרימטער וועלט־אַקטיאָר, דערפאַר מוזטו אויסנוצן דעם שעת־הכושר אָן רחמנות. פאַרקויף זיך נישט וואָלוול, נישקשה, דו קאָנסט איצט פון זיי אַרויסציִען מיליאָנען, דאָס זאָג א י ך דיר. איך אַליין וואָלט גרייט געווען דיר צו העלפן איינצוּאָרדענען דאָס עסק...

— נאָך דער פאַרשטעלונג, טו מיר אַ טובה! — מורמלט טאָפּאָל — אָט־אָט הייבט מען אָן...

ער באַמיט זיך צו רעדן עטלעכע ווערטער מיט דעני קיי, וואָס זיצט אין אַ ווינקל און גאַפט אַ דערשראָקענער אויפן שטראָם פון די מאַסן. גראָד אין יענער רגע האָט זיך אַריינגעגאָסן אַ כאַליאַסטרע טוריסטן, וואָס אַ ישׂראלדיקע רייזע־ביוראָ האָט אָרגאַניזירט זייער אַרויספאָר. אין פּראָגראַם פון דער עקסקורסיע לייענט זיך שוואַרץ אויף ווייס: וויזיט אין היידפּאַרק, אין בריטישן פאַרלאַמענט און אין חיים טאָפּאָלס גאַרדעראָב. פערזענלעכער שמועס מיטן קינסטלער און דאַן אַן אָוונטברויט אין זיין געזעלשאַפט. איינער פון דער כאַליאַסטרע פאַראייביקט שוין מיטן קאָדאַק דאָס היסטאָרישע געשעעניש פאַר דער משפחה.

צווייטער קלונג, צוואַנציק מינוט פאַרן אויפהייבן זיך פונעם פאָרהאַנג. „אַ שלאָף־צימער מיט צוויי בעטן און מיט אַ באָדצימער אויפן 27סטן יולי בראַוואָ פרידמאַן" לייענט טאָפּאָל אַ נאָר וואָס אָנגעקומענע דעפּעשע פונעם מיטעלן מזרח. דער ענגלישער משרת קומט צוריק פון דער גאַס, ווו ער האָט דערטאַפּט אויפן שוואַרצן מאַרק דעם דריטן, צוגאָבלעכן בילעט פאַר נחמה ביליצערס שוועסטער. ביליצער האָט צופעליק נישט קיין קליינגעלט ביי זיך, אָבער מאָרגן וועט ער דעם חוב בלי־נדר אָפּגעבן. טאָפּאָל רעדלט אויס דעם נומער פונעם האָטעל און באַשטעלט די בעטן מיטן באָדצימער, און בשעת מעשׂה גיט ער צו פאַרשטיין דער פּרוי װעקסלער וואָס הענגט אים אויפן אַקסל:

— ס'איז אוממעגלעך! דאָס טעאַטער וועט נישט מסכּים זיין, די אַקטיאָרן האָבן געחתמעטע קאָנטראַקטן.

דאָס הייסט, די פּרוּי וועקסלער האָט זיך אָנגעבאָטן פאַר דער שדכנטע־ראָלע. זי פאַרמאָגט טעאַטראַלישע פּראַקטיק נאָך פון פּוילן, ענגליש וועט זי אַ ביסל צולערנען. וואָס צאָלט מען?

טאָפּאָל צוטיילט אונטערשריפטן פאַרן לאָנדאָנער יונגוואַרג און זאָגט אָפּ אַ דעלעגאַציע פון דער בירמינגהעמער קהלה, וואָס לייגט אים פאָר צו „לויפן" ביי די וואַלן פאַר ראש־הקהל און צו געבן אַ פאָרשטעלונג מיט געזאַנג און טאַנץ אין ניטל־אָוונט. ערשט נעכטן האָט מען אים געוואָלט אויסקלייבן פאַרן בישאָף פון ליווערפּול אָבער ער האָט זיך אויסגעדרייט מיט אַ תירוץ: צו פיל פאַרנומען.

איינע, אַ בלאָנדע סטיואַרטקע, האַלדזט טאָפּאָלן, און 9 חברה פון דער עראָפּלאַן־מאַנשאַפט בעטן אויף מאָרגן גוטע פלעצער ווי וויַיט מעגלעך, אין געלט איז קיין מניעה נישט, וואָרעם זיי פאַרמאָגן נישט קיין גראָשן ביי דער נשמה. טאָפּאָל טוט שוין אַ שמיר שוואַרצן גרים אונטער די אויגן, כּדי דאָס פּנים ביי אים זאָל זיין אַ ביסעלע עלטערן, הגם ס'איז איבעריקע מי, ווייל סיי ווי דערקענט מען שוין אין אים דעם זקן. אַביגדור שטייט הינטער די פּלייצעס זיינע, קוקט אין אַ שפּיגל אַנטקעגן, און גיט אים עצות:

— נאָך אַ טראָפּן גרים ביי דער זייט... נישט דאָרט... דאָרט... גענוג...

דער דריטער קלונג. אַ שפּאָגל־נייע דעפּעשע פון פרידמאַנען: „צוויי בילעטן אין טוריסטן־אַפּטייל אויפן 27סטן יולי". אַ פּריץ אַ שווייגער, אָנגעטאָן אין אַ סמאָ־קינג, אויפן קאָפּ אַ צילינדער, מיט אַ ברייטער רויטער סטענגע איבערן וועסטל (דער לאָנדאָנער בירגערמייסטער), וויל זיך דערשלאָגן צום אַקטיאָר, אָבער טאָפּאָל טוט אים אַ זאָג אויף עברית:

— נישט פאַראַן מען קיין בילעטן! איך שווער אַז נישט! קלינגט אָן מאָרגן...

ער איז היפּשלעך הייזעריק, טאָפּאָל. „אַז אַ מענטש שאַנעוועט אַליין נישט דאָס געזונט!" — רוימט ביליצער איין אַ סוד נחמהס שוועסטער און שטעקט בשעת־מעשׂה אַריין אַ מענטע־צוקערקע אין טוביה דעם מילכיקנס מויל.

— וויפל באַטרעפט עס דיין גאַזשע? — פרעגט ער טוביהן — טאַקע אמת, אַז צען טויזנט דאָלאַר פאַר אָן אָוונט?

אין אַ קורצער ווײַלע אַרום דונערט אויף דער בינע טאָפּאָלס לייבן־שטימע „טראַדישן, טראַדישן!" און די פאָלקס־שׂמחה הייבט זיך אָן. דאָס ענגלישע פּובליקום, בטבע קאַלטע לונג־און־לעבערס, גייט ממש אַרויס פון די כּלים, פּאַטשט בראַוואָ מיט די לעצטע כּוחות ביי טוביהס יעדער חכמה און פאַרגיסט טרערן, ווי נאָר טוביה זעצט זיך שבעה נאָך חוהן, מחמת זי האָט כאַסליערע מיט אַ שגץ — טראַדישן...

— טאָפּאָל איז מיי גוד פרענד — דערמאָנען צענדליקער ישׂראלים די בענקל־שכנים זייערע בשעת דער פאָרשטעלונג — ווי אַר איסראַעליס גם כּן...

אַכט פאָרהאַנגען מיט אָנסופיקע בראַוואָס און אַפּלאָדיסמענטן צום טויב ווערן. ווי נאָר טאָפּאָל פאַרנייגט זיך, שפּאַלטן די בראַוואָס זיבן הימלען, הגם ס'האָט אַ ביסל געשטערט, וואָס בשעת זיין לעצטן אַרויסקום פאַרן פאָרהאַנג האָט ער זיך פאַרנייגט

צוזאַמען מיט אַביגדורן ביי דער רעכטער זייט און מיט פּרוי וועקסלער ביי דער לינקער זייט. די איבעריקע ישׂראלים וואַרטן אויף טאָפּאָלן הינטער די קוליסן. איר חידושט זיך?

— איך האָב געכליפּעט — איז ביליצער מודה — און דאָס התפּעלות פונעם ענגלישן פּובליקום! רבונו של עולם, אַז מיר האָבן דערצו זוכה געווען! אָבער צווישן אונדז זאָל עס בלייבן, אויך רודענסקי, דער העברעיִשער טוביה, איז נישט שלעכט...

פאַראַן אויך צווישן טאָפּאָלס חסידים אַזעלכע, וואָס טענהן, אַז אין זאָל זענען געזעסן מערסטנטייל ייִדן, און דאָס מינערט דעם ווערט פון דערפאָלג. אַביגדור האַלט: „ער איז גוט, אָן שום ספק נישט שלעכט, אָבער ער איז ווידער אַ סאַלאַח שאַבאַטי (ערשטער ישׂראל־פילם מיט טאָפּאָלן אין דער הויפּטראָלע). אַלא־וואָס, די ענגלענדער וויסן עס נישט, און מען דאַרף עס זיי מסביר זיין".

ער אַליין, אַביגדור, האָט זיך צוגעקלעפּט צו טאָפּאָלן און אויפן וועג צום גאַר־דעראָב לייגט ער אים פאָר אַ שותפות: ס'לוינט זיך צו דרוקן מאַפּעס פון לאָנדאָן מיט די נעמען פון אַלע גאַסן, און פאַרקויפן די סחורה צו כל המינים טוריסטן. אַביגדור וועט געבן זיין נאָמען און טאָפּאָל — געלט, האָ?

— נאַרישקייטן! — רופט זיך אָן ביליצער, וואָס קלעפּט אויף טאָפּאָלס צווייטער זייט — ער דאַרף איצט גיין רק צום פילם! דער שוואָגער מיינער קען אין עסטרייך איינעם אַ פּראָדוצענט...

די לייט פון דער בריטישער טעלעוויזיע, באַלאָדענע מיט די אומגעלומפּערטע מכשירים, האַלטן אין איין שטערן די אַרבעט פון דער ישׂראלדיקער חברה. זיי, די ענגלענדער, האָבן זיך איינגעשפּאַרט צו פאַראייביקן דעם „קעניג פונעם לאָנדאָנער מיוזיקל" (אַזוי רופן אים די קריטיקער) דווקא בשעת ער נעמט אַראָפּ דעם גרים פונעם פּנים, אָבער זיי באַוויזן נישט צוצוקומען צום סטאַר צוליב אַ טעכנישער סיבה.

— ווען איך האָב געקענט טאָפּאָלס פאָטער, מיסטער, האָט איר נאָך נישט געוווּסט פון קיין טאָפּאָל — האָט די פּרוי וועקסלער זיך געבייזערט אויף אַ טעלע־וויזיע־פאָטאָגראַף — און דערפאַר זאָלט איר מיר נישט באַפעלן, ווו צו שטיין! פאַרשטאַנען?

דערווייל לייענט טאָפּאָל די לעצטע דעפּעשע: „פאַרזאָרגט אַ בייבי־סיטער פאַרן 27סטן יולי. שיק מזומן. פרידמאַן". טאָפּאָל הייסט איינער פון די סעקרע־טאַרשעס זיינע, זי זאָל שיקן 30 פונט שטערלינג קיין ישׂראל, און ער פאַרשליסט זיך אין באָדצימער מיט דעני קיי. די ישׂראלים פילן זיך שטאַרק געטראָפן פון אַזאַ האַנדלונג. אייניקע זענען אויף אַזוי ווייט ברוגז, אַז זיי פאַרלאָזן דעמאָנסטראַטיוו דאָס צימער און קומען שוין נישט צוריק, סיידן אין אַ פערטל שעה אַרום מיט אַ בוקעט בלומען.

— ער איז קאָלאָסאַל, נייַן? — פרעגט ביליצער דעם שכן זיינעם לעבן דער טיר, אָבער די אויסשפּרוך זיינע איז נאָך נישט אַזוי...

— איי בעג יו פּאַרדן, סער! — ענטפערט דער שכן, דער הערצאָג פון קענט וואָס איז געקומען מיט זיין פרוי באַגריסן דעם אַקטיאָר. ביליצער שטעלט זיך תיכף

פאַר און פרעגט, צי ס׳וואָלט מעגלעך געווען איינצואָרדנען אַ באַגעגעניש מיט דער מלכה, צי עפּעס ענלעכס.

דערווייל גייט זיך די וועלט איר גאַנג. אַ טעלעפאָן פון דער אַמבאַסאַדע: אַ דעלעגאַציע פון 14 כנסת-דעפּוטאַטן קומט דעם אַכטן אויגוסט. טוט דאָס נייטיקע, דאָס הייסט פלעצער אין סאַמע מיט. אַביגדור בויט דעם שותפות-געדאַנק אויף אַ נייעם יסוד: ער 45 פּראָצענט, טאָפּאָל 55 פּראָצענט, אָבער קודם מוז מען אָפּגעבן די איניציאַטיווע.

די פּאַטאַ-אַפּאַראַטן צעבליצן זיך, בשעת טאָפּאָל קומט אַרויס פונעם באָדצימער אין אַ כאַלאַט, און דער עולם שטורעמט צו אים מיט פּראָגראַמען, אויף וועלכע ער דאַרף זיך אונטערחתמענען. טאָפּאָל צייכנט זיין פּאָרטרעט לעבן יעדער חתימה — אַזאַ טבע ביי אים — און פלייסט זיך צו שמייכלען. דער לאָנדאָנער בירגערמייסטער שמועסט אָפּ מיט פּרוי וועקסלער, ער זאָל זיך טרעפן מיט טאָפּאָלן דאָנערשטיק און גייט אַוועק אַ דערשלאָגענער. דער הערצאָג פון קענט זוכט די ברילן זיינע אויפן דיל. די טוריסטן-כאַליאַסטרע אָרגאַניזירט זיך צום אונטערברויט מיט טאָפּאָלן, לויטן פּלאַן. מען ווייסט שוין אין דער גאַנצער בריטישער אימפּעריע, אַז נאָך יעדער „פידלער"-אויפפירונג עסט מען אויף טאָפּאָלס חשבון אין איינעם פון די בעסטע רעסטאָראַנען פון לאָנדאָן. דאָס איז אַ שיינער יידישער מנהג. די טאַקסי-שאָפערן ווייסן אויך דערפון, שטעלן זיך אַוועק לעבן דער הינטערשטער טיר און שרייען: „טאָפּאָל-טורס! טאָפּאָל-טורס!".

די ישׂראלים-געסט באַזעצן זיך אין ניין טאַקסיס און באַפעלן: פאָרן הינטער אים!

דער קאַראַוואַן רירט פונעם אָרט אין דער ריכטונג צו די טייערע רעסטאָראַנען. טאָפּאָל, בראש פון דער פאַנצער-קאָלאָנע, ציט אַרויס דאָס בייטעלע בעת דער נסיעה און טוט אַ קוק, צי ער פאַרמאָגט דאָרט גענוג מזומן פאַר 36 פּערזאָן, איינשליסלעך די פיר לאָנדאָנער פאַרבייגייערס, וואָס האָבן זיך אַריינגעגנבעט אין דער גרופּע.

טאָפּאָל ווייזט אויס צו זיין היפּשלעך מיד, דער רוח ווייסט פאַר וואָס!

— דער דערפאָלג האָט אים אַ שפּאַר געטאָן צום קאָפּ — שושקעט ביליצער בעת דער נסיעה אין נחמהס און אין איר שוועסטערס אויערן אַריין. ס׳איז שוין נישט יענער פּשוטער און צוגעלאָזטער טאָפּאָל, ניין, גאָר אַן אַנדערער מענטש, ליידער!



# ווי אַזוי איז נאַפּאָלעאָן באַזיגט געוואָרן

בשעת די זון איז אויפגעגאַנגען איבערן שלאַכטפעלד, האָט דער קייסער שוין לאַנג געהויערט אין סאַלאָן פונעם פּאַלאַץ איבער די מאַפּעס. די געטרייע מאַרשאַלן אַרום אים האָבן זיך איינגעהילט אין שווייגעניש: דער גרעסטער קאָמאַנ־דיר פון דער וועלט האָט זיך געקליבן אויסצומייסטרעווען פּלענער פאַרן גורלדיקן פאַרמעסט מיט די מלכים פון אייראָפּע.

די הונדערט טעג גלות אויפן אינדזל עלבאַ האָבן נישט משפּיע געווען אויפן קייסערס האָפּערדיקן אויסזען. בלויז די האָר זענען ביי אים אַ ביסל שיטערער געוואָרן און האָבן זיך געזילבערט אַרום די שלייפן. פון וויטנס האָבן זיך געהערט איינציקע שאָסן פון האַרמאַטן. די רעגימענטער, אונטערן באַפעל פונעם פּרייסישן מאַרשאַל בליכער, האָבן גענומען מאַרשירן אויף צפון, צו די פעלדער פון וואַטערלאָ...

דער מאָרגנווינט האָט געהוידעט די זיידענע פאָרהאַנגען, די וועלט האָט פאַר־האַלטן דעם אָטעם.

— נאַפּאָלעאָן, קום עסן!

ביי דער טיר האָט זיך באַוויזן יאָזעפאַ, דעם קייסערס דריט ווייב, אַ פרוי אַ יפת־תואר און אַן איבערגעגעבענע ביז גאָר. די האָר זענען ביי איר צונויפגענומען אונטער אַ הייבל, אין דער האַנט האַלט זי אַ שטויב־שמאַטקע. דער קייסער האָט מיט איר חתונה געהאַט אויפן אינדזל עלבאַ. מען זאָגט, אַז זי שטאַמט פון אַ בכבו־דיקער, ייִדישער משפּחה, אַן אַלט־איינגעזעסענע אויפן אינדזל.

— דאָס עסן ווערט אייז־קאַלט — האָט די קייסערינע אַ זאָג געטאָן — קום עסן, נאַפּאָלעאָן! די גוטע ברידער דיינע וועלן נישט אַנטלויפן. יעדן טאָג דאָס אייגענע — האָט יאָזעפאַ קלאָר געמאַכט דעם ענין פאַר די מאַרשאַלן און פאַר איין וועגס צונויפגענומען צעוואָרפענע שטובזאַכן — איך פרעג אים: „נאַפּאָלעאָן, דו ווילסט עסן, צי נישט? אָבער, למען השם, זאָג מיר!״ און אַז דער מאָלצייט איז שוין צוגע־גרייט, געפינט ער כסדר עפּעס אַ טועכץ פאַר זיך, און איך שטיי און וואַרט גאַנצע שעהען. איך קאָן דאָך נישט כסדר אויפוואַרעמען דאָס עסן. דאָס דינסטמיידל איז אומגעריכט אַוועק און האָט מיך איבערגעלאָזן איינע אַליין מיטן קינד. נאַפּאָלעאָן, קום עסן!

— אַ רגע! — האָט דער אָדלער געמורמלט און אָנגעצייכנט אויף די מאַפּעס די אַקסן פון דער אַרמיי־גרופּירונג — בלויז איין רגעלע!

די שאָסן האָבן זיך שוין שטאַרקער געהערט פון יענער זייט בערג. מאַרשאַל ניי האָט געקוקט אויפן זייגער, אַ ביסל פאַרדאַגהט: דעם הערצאָג וועלינגטאָנס אַרטילעריע איז שוין אַריין אין שיס־דיסטאַנס...

— איך פאַל ממש פון די פיס — האָט זיך יאָזעפאַ געקלאָגט — דו לאָזט דיינע מלבושים צעוואָרפענע אין צימער, און איך באַוויין נישט עפעס אַנדערש צו טאָן, ווי אַריינצוהענגען די זאַכן צוריק אין די שאַפעס. און נעם אַרויס די הענט פון צווישן די פאַלעס פונעם רעקל! איך האָב דיר שוין טויזנט מאָל געזאָגט, אַז דו ציסט אויס דעם שטאָף און ער לאָזט זיך נישט מער אויספרעסן. דער מאַן מיינער פאַרמאָגט פירעכצער, אַז מען קאָן דערפון משוגע ווערן. קום עסן, נאַפּאָלעאָן!

— אָט קום איך! — האָט דער קייסער געענטפערט און זיך געווענדט צו די שטאַבס־אָפיצירן מיט אַן אָנגעצויגן אויסזען — בליכער און וועלינגטאָן פּלייסן זיך מיט אַלע כוחות צונויפצוגיסן די אַרמייען זייערע — האָט ער אַנאַליזירט דעם סטראַטעגישן מצב — און אַצינד מוזן מיר אומבאַדינגט אַריינהאַקן אַ קלין צווישן זיי.

— דאָס עסן איז שוין אין גאַנצן קאַלט.

— מיר וועלן אָנגרייפן אין אַ שעה אַרום.

דעם אַדיוטאַנטס שווערע טריט האָבן זיך געלאָזט הערן פון דרויסן. דער גענע־ראַל קאַמבראָן איז געשפרונגען אַרויפצו איבער די מערמלטרעפּ.

— ניין, ניין! — האָט אים יאָזעפאַ פאַרהאַלטן ביי דער טיר — זייט מוחל און ציט אַראָפּ די שטיוול! איך וויל נישט, אַז איר זאָלט מיר אַריינשלעפּן זאַמד אין דער דירה.

דער גענעראַל קאַמבראָן האָט אַראָפּגעצויגן די שטיוול און איז פאַרבליבן אין די הוילע זאָקן, ווי אַלע מאַרשאַלן אין צימער.

— נעכיי וואָלט איך געהאַט אַ דינסטמיידל, איז מילא — האָט יאָזעפאַ געגעבן צו פאַרשטיין — אָבער זי האָט מיך אייערנעכטן פאַרלאָזט. איך האָב שוין פריער געזאָגט נאַפּאָלעאָנען, אַז דאָס פּנים אירס געפעלט מיר עפּעס נישט, אָבער ביי אים איז אַלץ בילכער ווי די היים. אַצינד בין איך געבליבן גראָד סוף וואָך אָן אַ דינסט־מיידל, און צוליב דער דאָזיקער שלאַכט האָב איך אַפילו נישט קיין צייט צו זוכן אַ נייע. אויב איר וועט הערן וועגן אַ לייטיש מיידל, וואָס קאָן קאָכן און איז גרייט צו ניאַנטשען אַ קינד, טוט מיר אַ טובה און לאָזט מיך וויסן. אָבער אַ קאָרסיקאַנישע זאָל עס, ווי ווייט מעגלעך, נישט זיין. זיי פּלאַפּלען צו פיל...

— איר זענט גערעכט, מאַיעסטעט! — האָט דער גענעראַל קאַמבראָן סאַלוטירט און דערלאַנגט אַן אייליקן בריוו דעם קייסער. נאַפּאָלעאָן האָט אַ קוק געטאָן אויף די שורות און בלייך געוואָרן.

— מיינע הערן — האָט ער געמורמלט — פּושע, וועמען כ׳האָב נאָמינירט פאַר פּאָליציי־מיניסטער, איז איבערגעלאָפן צום שונא. וואָס טוט מען?

— קום עסן! — האָט יאָזעפאַ פאַרגעלייגט — אויפן טיש איז שוין אַלץ קאַלט.

די קייסערינע איז אַוועק אין קיך נאָך אַ מאָל אָנוואַרעמען דאָס עסן. נאַפּאָלעאָן האָט אַרויסגעלאָזט די לעצטע באַפעלן:

— ד אָ וועט זיך אַנטשיידן דער גורל פון דער וועלט! — האָט ער מיט שווונג אָנגעוויזן אויף דער מאַפּע — אויב דאָס דינסטמיידל וועט אָנגרייפן פון דרום־מזרח, וועלן מיר זיך איבערגרופּירן אויף די פלאַנקען.

— נאַפּאָלעאָן — האָט זיך געהערט פון דער קיך — ווילסט אַ שיטער איי

אָדער אַ פּיינקוכן ?
— אַלץ איינס.
— אַ פּיינקוכן ?
— יאָ.
— טאָ, זאָג זשע !
דער אָדלער האָט אַרויפגעצויגן אויף די פּיס די הויכע שטיוול און אָנגעטאָן דעם ברייטן, דרייעקיקן הוט. אויפן פּנים האָט זיך ביי אים אָפּגעשפּיגלט אַ שטאַ־לענער ווילן צו זיגן אין דער פעלקערשלאַכט.
— מיינע הערן, פאַר פראַנקרייך !
— פאַר פראַנקרייך ! — האָבן די מאַרשאַלן געדונערט מיט געצויגענע שווערדן
— פאַרן קייסער !
— נאַפּאָלעאָן ! — האָט יאָזעפאַ אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ אירן — דאָס קינד רופט דיך.
— מאַיעסטעט — האָט דער מאַרשאַל מוראַ געשעפּטשעט — דער שׂונא שטייט פאַרן טויער !
— א י ך וועל דעם גאַנצן טאָג בלייבן מיטן וויינענדיקן קינד, און נישט א י ר, מיין הער ! — האָט יאָזעפאַ דערווידערט — נישקשה, נאַפּאָלעאָן מעג געבן אַ קוש דעם זון, איידער ער גייט אַוועק.
— ווו איז דער קרוינפּרינץ ?
— ער מאַכט פּיפּי.
דער קייסער איז אַוועקגעלאָפן אין צווייטן צימער.
— איך האָב נישט קיין רוימערקע — האָט יאָזעפאַ מסביר געווען — ווי קאָן איך עס איינע אַליין זיך אַן עצה געבן מיט דריי שטאָק ? כ׳האָב שוין טויזנט מאָל געבעטן, מען זאָל נישט צעשיטן קיין אַש אויף די טעפּעכער. איך האָב נישט מער ווי צוויי הענט...
נאַפּאָלעאָן האָט געשפּרייזט מיט לאַנגע טריט דורכן סאַלאָן צו דער טיר.
— וואָס זאָל איך זאָגן, אַז מען וועט דיך זוכן ?
— אַז איך בין ביי דער שלאַכט פון וואַטערלאָ.
— ווען קומסטו צוריק ?
— כ׳ווייס נישט.
— כ׳מוז דאָך עפּעס זאָגן, אַז מען זוכט דיך, יאָ צי ניין ? איך האָף, אַז דו וועסט עסן מיטאָג אין דער היים.
— אויב ס׳וועט זיך מיר איינגעבן.
— וואָס ווילסטו עסן ?
— וואָס ס׳איז פאַראַן.
— געפילט קרויט ?
— יאָ.
— טאָ, זאָג זשע !
דער קייסער איז אַרויסגעגאַנגען.

— דו האָסט נישט פֿאַרענדיקט דעם פֿרישטיק! — האָט יאָזעפֿאַ צו אים אַרויס־געשריגן דורכן פֿענצטער — זוך פֿאַר מיר אַ דינסטמיידל און פֿאַרשפּעטיק זיך נישט!

דעם קייסערס איידעלע געשטאַלט איז אַלץ קלענער געוואָרן אויף דער שמאָלער סטעזשקע, וואָס ציט זיך צו די פֿעלדער פֿון וואַטערלאָ.

יאָזעפֿאַ האָט זיך אָנגעבויגן און גענומען אָפּרייניקן דעם דיל פֿונעם זאַמד, וואָס מען האָט אַריינגעשלעפּט. זי איז געוועזן אַליין, אָן אַ רוימערקע.

אַ ריח פֿון שיספּולווער האָט זיך אַריינגעריסן פֿון דרויסן, פֿון אַלע זייטן האָבן געבליצט און געקנאַקט האַרמאַטן. גראָד אין יענע מינוטן האָבן בליכערס און וועלינגטאָנס אַרמייען זיך פֿאַראייניקט. די צוויי זייגערס, וואָס זענען אַוועק — לויט די געשיכטע־ביכער — אַליין צו דער שלאַכט און האָבן געלאָזט זייערע איבער־געגעבענע וויבער ערגעץ ווייט אין הינטערלאַנד...



# נייעס פונעם ערשטן קוואַל

כ׳ווייס אַליין נישט פאַר וואָס, אָבער אַ טבע אַזאַ איז פון תמיד ביי מיר: דווקא אין די פרימאָרגן־שעהען, בעת דער גאַנצער ישוב איילט זיך אויפצושטיין כדי וואָס גיכער צוצוטרעטן צום אויפבוי פון דער מדינה און איר פאַרפעסטיקונג — דווקא דעמאָלט בין איך פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף. קאָנט איר זיך שוין אויסמאָלן ווי איך האָב זיך געפילט, ווען עמעצער האָט געהאַמערט אָן דער טיר פון אונדזער דירה אַרום האַלב זיבן, ווען דער מאָרגנשטערן שיינט נאָך ערגעץ העט אויבן. מיט פאַרקלעפּטע אויגן האָב איך געטאַפּט דעם וועג ביז צו דער טיר און האָב זי געעפנט און דאָן רייסט זיך אַריין ווי אַ וויכער מר ראַזנדופט, נאָך אין דער העלפט פיזשאַמע־דיק און פון די אויגן זיינע שמייכלט דער פרילינג.

— שלום — מאַכט מר ראַזנדופט — איר האָט שוין געהערט?

— ניין — האָב איך געענטפערט מיט פאַרמאַכטע אויגן — אָבער איך וויל שלאָפן.

כ׳האָב זיך אויסגעדרייט און אַ לאָז געטאָן צום בעט, אָבער ראַזנדופט האָט מיך אָנגעכאַפּט פאַרן נאַכטהעמד.

— מענטש! — האָט ער אויסגערופן — היינט ביי נאַכט האָט מען אויפגעריסן דעם בנין פון דער הסתדרות אויף דער אַרלאָזאָראָוו־גאַס. אַזאַ אומגליק!

— טאָקע שווידערלעך. אַ שאָד וואָס איך האָב אַזאַ שטאַרקן שלאָף און נישט געהערט דעם אויפרייס.

— איך האָב אויך נישט געהערט — רופט זיך אָן מר ראַזנדופט — אָבער קאָנשטעטער איז שיִער נישט טויב געוואָרן. ער איז תיכף געלאָפן צו מיר, אַרום פינף אַ זייגער, און דערנאָך איז ער אַוועק צו די הייזער נומער 1, 2, 3, און איך האָב אויף זיך גענומען די אויפקלער־אַרבעט אין די הייזער נומער 4, 5, 6, כדי צו פאַר־היטן אַ בהלה. קאָנשטעטער דערציילט, אַז נאָך איצט שווימען רויך־וואָלקנס איבער די חורבות, און אַז פאַרסמאַליעטע באַלקנס שטאַרצן אַרויס פון די קופּעס אַש.

איך בין געוואָרן אויפגעטרייסלט פון קאָנשטעטערס ידיעה, אָבער אַנקוקנדיק מיין שכן האָב איך דערזען ווי זיין פּנים צעגיסט זיך ממש פון שׂמחה, און דאָס האָט מיך שוין פאַרדראָסן. אמת, איך בין גאָר ווייט פון צו זיין פאַרקאָכט אין דער הסתד־רות, מחמת די מנהיגים אירע דרשנען בטבע דריי צי פיר שעה, און צום סוף פאַרבלייבט נישט ביי אייך אין זכרון קיין איינציק וואָרט — אָבער צו זיין מלא־גדולה איבערן חורבן פון דער „קרעמל״־פעסטונג, ד אָ ס נישט.

— הערט, ראַזנדופט! — האָב איך זיך אָנגערופן צום בשורה־אָנזאָגער —

וואָס שמעלצט איר זיך פון נחת ? וואָסער גליק האָט אייך געטראָפן, אַז דער הסתדרות־בנין איז חרוב געוואָרן ?

— איך האָב באַזוכט אַלע דירות פון די געבייען 4 און 5, אָבער קיינער האָט מיך נישט גענומען אויפן צימבל ווי איר — האָט דער באַליידיקטער שכן געזאָגט — איך פריי זיך בכלל נישט, אָבער איך בין פשוט נישט גלייכגילטיק. אַליין בין איך אויך אַ חבר אין דער הסתדרות, אָבער גלייבט מיר, אַז ס׳שאַט נישט, אויב מען דערמאָנט אונדז, אַז ס׳איז נאָך פאַראַנען אַ נישט־אָרגאַניזירטער כוח אין דער מדינה. פאַרשטייט זיך, אַז ס׳איז אַ גרויס רחמנות אויפן דאָזיקן קאָלאָסאַלן בנין, אַזאַ קאַטאַסטראָפע !

דערווייל האָב איך פולקאָם זיך אויסגעטשוכעט, געעפנט די לאָדנס און אַ קוק געטאָן אויפן דרויסן. אַ מחיהדיקער פרימאָרגן האָט מיר אַנטקעגנגעשיינט, פון דער ים־זייט האָט זיך געטראָגן אַ לינד ווינטל, און פון דער ווייטנס איז אויפן אָרט זיינעם געשטאַנען דער הסתדרות־בנין ווי תמיד. אַ צייטונגס־פאַרטיילער איז אין מיטן גאַס געפאָרן אויף אַ ראָווער.

— האָט קיין פאַראיבל נישט, וואָס איך שלאָג אייך איבער — האָב איך געזאָגט צו מר ראָזנדופט — דער אויפרייס פונעם הסתדרות־בנין איז דערווייל עפּעס, וואָס וועט זיך אפשר ווען ס׳איז טרעפן. קוקט, אָט שטייט דאָך דער בנין שטאָל און אייזן !

מר ראָזנדופט האָט געשוויגן, געשלונגען די סלינע און זיך נישט גערירט.

— דער הסתדרות־בנין שטייט שטאָל און אייזן ! — האָב איך שוין אויף אַ העכער קול אויסגערופן — איר הערט, צי נישט ?

— איך הער. וואָסי ? צי בין איך דען טויב ?

— טוט זשע, זייט מוחל, אַ קוק דורכן פענצטער !

— איך וועל נישט קוקן, מען דאַרף נישט.

— פאַר וואָס עפּעס דאַרף מען נישט ?

— ווייל היינטיקע נאַכט האָט מען אויפגעריסן דעם הסתדרות־בנין. אַזאַ בראָך !

— יאָ, אָבער איר קאָנט דאָך מיט די אייגענע אויגן אייערע זען...

— הערט, אַדוני ! אפשר וואָלט איר שוין אַנטשוויגן געוואָרן ? — האָט מר ראָזנדופט זיך צעלאָזט — ווייזט אויס, אַז איר, די חברה לינקע, זענט עס טאַקע אַזוינע פאַנאַטיקער, אַז ס׳ווערט אַזש לעכערלעך. צי זענט איר דען נישט תופס, אַז כ׳האָב געקראָגן די ידיעה פונעם ערשטן קוואַל ?

איך האָב פאַרביסן די ליפּן און דערפילט אַ לייכטן קאָפּשווינדל. מר ראָזנדופט האָט אויף מיר געקוקט מיט כעס, אָבער באַלד האָט זיך ביי אים דער צאָרן פאַרביטן אויף רחמנות.

— באַרויִקט זיך, אַדוני — האָט ער מיר געקלאַפּט איבער דער פּלייצע — דער בנין איז חרוב ונחרב געוואָרן. פאַרסמאַליעטע באַלקנס שטאַרצן אַרויס.

די געבליטן האָבן מיר אַ זעץ געטאָן צום מות.

— וואָס טויגן די וויכוחים — האָב איך געשריגן — אַז איר דאַרפט בלויז אַ קוק טאָן דורכן פענצטער און זיך אַליין איבערצייגן...

— נישט נייטיק זיך איבערצייגן. קאָנשטעטער האָט עס מיר דערציילט, און

דאָס איז פאַר מיר געגוג.

— צו אַלדי שוואַרצע יאָר! און אַז קאָנשטעטער האָט דערציילט, טאָ איז וואָס?

— אַ רגע! — איז ראָזנדופט אונטערגעשפּרונגען — הייסט עס, אַז ווערליק אייך איז קאָנשטעטער אַ ליגנער?! גוט, איך וועל עס אים צו וויסן געבן. ער וועט שוין זיין שטעטל אַליין באַשטיין...

— ווער איז ער עס? — האָב איך שוין פאַרלוירן די שליטה איבער דער צונג — ווער איז ער עס, דער דאָזיקער קאָנשטעטער, צו אַלדי שוואַרצע יאָר?

— טוט נאָר אַ קוק, כ׳בעט אייך! ער קען אים אַפּילו נישט, און רופט אים שקרן. זייער שיין!

איך האָב זיך צעכליפּעט. מר ראָזנדופט האָט מיר געגלעט די האָר מיט פאַר־שטענדעניש.

— זייט נישט קיין קינד — האָט ער געזאָגט — איך ברענג אייך די ידיעה פונעם ערשטן קוואַל.

— אָבער דאָרט קאָנט איר דאָך זען...

— איך בין אין שטאַנד אייך צו ברענגען באַגלייבטע עדות, וואָס האָבן געזען מיט די אייגענע אויגן קאָנשטעטערן בשעת ער האָט מיר דערציילט, אַז פונעם גאַנצן ריזיקן בנין זענען פאַרבליבן נישט מער ווי עטלעכע שטיינער.

— אָבער דורכן פענצטער זעט מען דאָך...

— דער ראַדיאָ האָט שוין אויך דערפון מודיע געווען, אויב ס׳איז אייך ניחא צו וויסן.

— וועלכער ראַדיאָ?

— קאָנשטעטערס ראַדיאָ. אַ נייע כלי מיט ניין לאָמפּן. פיליפּס.

אַ קורצע ווײַלע בין איך אַריינגעפאַלן אין אַ ספק, צי איז נישט מר ראָזנדופט פאַרט גערעכט. דאָס אויג קאָן זיך טועה זיין, אָבער קאָנשטעטער איז דאָך פאַרט קאָנשטעטער, יאָ, צי ניין? דעמאָלט האָב איך זיך אַ וואָרף געטאָן אויף מר ראָזנדופט און אים געשלעפּט בגעוואַלט צום פענצטער.

— קוקט!

— מען דאַרף נישט קוקן — האָט מר ראָזנדופט געאויקעט און פעסט פאַר־קוועטשט די אויגן — אויב קוקן, קאָן איך עס טאָן פון מיין דירה, אָבער איך וועל פון דאָרט אויך נישט קוקן. קאָנשטעטער האָט מיר בפירוש געזאָגט, אַז דער בראָך...

איך האָב גענומען פייקלען אויפן שאַרבן זיינעם אין טאַקט, און דערביי האָב איך זיך באַמיט אויפצורייסן ביי אים די ווִעס מיט צוויי פינגער.

— צו אַלדי שוואַרצע יאָר! — האָב איך געברומט — קוקט אַרויס! דער בנין שטייט אויפן אָרט, צי ער שטייט נישט? וואָס זעט איר דאָרט? גיט לשון!

— איך בין קורצזיכטיק.

— טאָ קוקט זשע קורץ! — האָב איך דערלאַנגט אַ דריגע — אויפגעריסן, צי נישט אויפגעריסן?

— איצט שטייט ער.

— וואָס באַטייט עס א י צ ט?

— ביי נאַכט האָט מען אים אויפגעריסן, און ביז אין דער פרי האָט מען אים צוריק אויפגעבויט. איר שפּילט זיך מיט די אויסווורפן פון „סולל־בונה״? אַז עס גייט זיי אין זייער בנין, קאָנען זיי גיך בויען.

מר ראָזנדופט האָט מיך אָפּגעשאָטן מיט פעטע קללות און איז אַוועק. איך האָב אַראָפּגעלאָזן די לאָדנס און בין אַריין אין בעט. ס׳האָט זיך מיר געחלומט, אַז ביים אויספּרוּוון אַ ניי געווער איז די גאַנצע וועלט חרוב געוואָרן און געבליבן איז נישט מער ווי דער הסתדרות־בנין. בעצם לייגט עס זיך שטאַרק אויפן שׂכל. איך וועל עס דערציילן קאָנשטעטערן...



# מאַכט אַ וואַרע!

דער דאָזיקער אויפּטרייסלענדיקער מענטשלעכער דאָקומענט איז פאַרצייכנט געוואָרן אין יענעם סוף־סעפּטעמבערדיקן פרימאָרגן, בשעת דער אינזשעניר גליק איז נאָר וואָס אַרויס פון דער היים זיינער, אַ טיף פאַרזונקענער אין מחשבות בנוגע דער גורלדיקער דאגה, וואָס האָט דעמאָלט פאַרכאַפּט דעם גאַנצן ישוב: דער מאַנגל פון צעמענט וואָס האַלט אין וואַקסן ווי אויף הייוון. צוליב אָ־די ווייטיקלעכע רעיונות, האָט דער אינזשעניר נישט אַכטונג געטאָן געגנוג און איז אַריינגעפאַלן אין אַ קאַנאַל, וואָס די שטאָטישע קאַנאַליזאַציע־פאַרוואַלטונג האָט אויסגעגראָבן מיט אַ יאָר צוריק גראָד פאַר זיין הויז. דעם אינזשענירס לינקער פוס איז געוואָרן צעבראָכן איבערן קנעכל אויף צוויי ערטער.

מען האָט דעם אינזשעניר גליק אַריבערגעפירט אין שפּיטאָל, און די דאָקטוירים האָבן אים געהיילט ווי ס׳געהער צו זיין. אין דער צווייטער העלפט פון אָקטאָבער האָט מען אים אַהיימגעשיקט. ער האָט שוין באַוויזן אַליין צו גיין, הגם אָנגעשפּאַרט אויף אַ קוליע. דער קראַנקער פוס איז ביי אים געווען אַרומגעוויקלט מיט אַ גראָבן גיפּס־באַנדאַזש. בשעת ער האָט אָפּגעקרענקט אין שפּיטאָל, זענען זיך פאַרלאָפן כל המינים געשעענישן אין אונדזער געגנט, און חוץ דעם האָבן שטאָטישע בולדאָזערס צוגעדעקט דעם אָפענעם קאַנאַליזאַציע־קאַנאַל פאַרן הויז זיינעם. אלא וואָס, הערט אַ מעשה: ווי נאָר דער אינזשעניר גליק האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער הינטער־שטער באַנק אין טאַקסי, וואָס מ׳האָט באַשטעלט, כדי אים אַהיימצופירן, דרייט זיך צו אים אויס דער שאָפער און טוט אַ פרעג:

— אויבן צי אונטן?

— אין קנעכל — ענטפערט גליק — אויף צוויי ערטער.

— נישט דאָס האָב איך געמיינט — מאַכט דער שאָפער — אויף די גולן־הויכן צי אויפן דרום־פראָנט?

דער אינזשעניר גליק האָט געשוויגן. לכתחילה האָט ער דווקא יאָ בדעה געהאַט אויפצוקלערן, אַז ער איז גאָר פאַרוווּנדיקט געוואָרן אין דער פּערלמוטער־גאַס אין צפון פון תל־אביב, און די ווערטער זענען ביי אים שוין געלעגן אויפן שפּיץ צונג. אָבער אין דער מינוט האָט אים פאַרכאַפּט יענער אינעווייניקסטער דערווידער, וואָס אַ מענטש דערפילט, בעת עמעצער קריכט אים אַריין מיט די שטיוול אין די גע־דערעם. און דערפאַר האָט ער געענטפערט דעם שאָפער:

— נישט כדאי וועגן דעם צו רעדן.

דער שאָפער איז מיט דרך־ארץ אַנטשוויגן געוואָרן, און ערשט לעבן הויז האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— אויף אַזעלכע מענטשן ווי איר, טייערער, האַלט זיך די מדינה.

דער שאָפער האָט עקשנותדיק זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען באַצאָלט. אַדרבה, ער האָט גאָר צוגעפירט דעם אינזשעניר ביז צו דער טיר און אים געהאָלפן אויפהייבן דעם פאַרבאַנדאַזשירטן פוס טריט ביי טריט ווי אַ געניטער קראַנקן־ברודער. אָט אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דעם אינזשעניר גליקס גיפּס־פעסטיוואַל.

ווי נאָר ער האָט זיך באַוויזן אין אַ רעסטאָראַן, צי אין אַ קראָם, האָבן די באַלעבאַטים און דער פּערסאָנאַל ממש געטאַנצט אַרום אים, כדי אַרויסצווייזן כאָטש אין דער מינדעסטער מאָל דעם דאַנק פאַר יענע, וואָס האָבן אַלץ מקריב געווען לטובת הכלל. גליק האָט זיך געמוזט צופּאַסן צום געדאַנק, אַז פאַר די מיינסטע בירגער איז עס פּשוט אַ בזיון צו נעמען פון אים באַצאָלט פאַר עפּעס וואָס. פון דעסטוועגן איז דעם אינזשעניר טייל מאָל אָנגעקומען שווער זיך אַן עצה צו געבן מיט די פּרטים, וואָס האָבן אַ שייכות מיט דער פאַרוווּנדיקונג, מחמת בטבע איז ער אַ לייטישער מענטש, וואָס האָט פיינט ליגן. אויב עמעצער האָט אים געפרעגט: „זענען עס געווען די סיריער, צי די מצרים?", פלעג ער מאַכן אַ שווייג און בלויז אומעטיק שמייכלען, ווי איינער רעדט: „לאָמיר בעסער רעדן פון פריילעכערע ענינים, חברה. פאַראַן זאַכן, וואָס ס'איז גלייכער צו פאַרגעסן". אויב אַ נודניק האָט אָבער בשום־אופן נישט געוואָלט זיך אָפּטשעפּען, האָט גליק געעפנט דאָס מויל און אַ זאָג געטאָן: „ס'איז שווער צו דערציילן אויף איין פוס..."

אין אַ גוטער שעה האָט ער געפּטרט די קוליע און ס'האָט זיך אים שוין איינגע־געבן צו היפּן אין גאַס אויפן רעכטן פוס מיט דער הילף פון אַ שטעקן. דאַקעגן דער גיפּס איז פאַרבליבן אויפן פלאַץ און האָט געבלענדט מיט אַ לויטערער ווייסקייט.

ביז גאָר רירנדיק איז געווען דער קבלת־פּנים, וואָס דער עולם האָט אים צוגעטיילט ספּאָנטאַן ביי אַ קאָנצערט פון דער פילהאַרמאָניע, בעת גליק און דער פוס זיינער האָבן זיך באַוויזן אין היכל־התרבות. דער אינזשעניר האָט זיך געהאַט אַ ביסל פאַרשפּעטיקט, און ס'איז אים נישט לייכט אָנגעקומען זיך אַדורכצושטופּן צווישן די רייען. ווען די צושויערס האָבן אים דערזען, האָט יעדער שנעל זיך אויפגעהויבן פונעם בענקל, און אים באַגלייט מיט אַפּלאָדיסמענטן, ביז ער האָט דערגרייכט זיין פלאַץ. דער אינזשעניר גליק האָט זיך פאַררויטלט אין אָנבליק פון דער דאָזיקער נאַציאָנאַלער יידישער אחדות. ערשט נאָכן קאָנצערט, ווען ער האָט אויסגעקליבן צווישן פּובליקום דעם בר־מזל, וואָס וועט זוכה זיין אים אָפּצופירן אַהיים, האָט דער אינזשעניר דערזען, אַז עמעצער האָט אָנגעשריבן אויפן גיפּס זיינעם אין דער פינצטערניש בעת דער פאָרשטעלונג: „אַ הייסער דאַנק פונעם פאָלק!".

ווען ס'האָט שוין געהאַלטן אַזוי ווייט, האָט דער עבר זיך גענומען אַ ביסל פאַרנעפּלען ביים אינזשעניר אין מוח. בשעת אַריק לביא האָט אים אַנטפּלעקט אין זאַל פון אַ האָטעל און האָט לכבוד אים געזונגען דריי פראָנטלידער, זענען ביים אינזשעניר גליק פייכט געוואָרן די אויגן און ער האָט געשעפּטשעט צו זיך אַליין:

— ס'איז כדאי געווען! איך וואָלט גרייט געווען צום צווייטן מאָל...

דאָס איז שוין געווען אַן אוממעגלעכע זאַך, מחמת אין צווישן האָט מען דעם קאַנאַל פאַרן הויז זיינעם שוין געהאַט צוגעדעקט, ווי ס׳איז פריִער דערמאָנט געוואָרן. אָבער דאָס פאַרמינערט נישט אויף קיין האָר די עמאָציאָנעלע זייט פון דער געשעעניש.

די מערהייט פון דעם אינזשענירס טאָגטעגלעכע פּראָבלעמען זענען געלייזט געוואָרן אין זכות פונעם גיפּס. אַ שטייגער, דער ענין פון צושטעלן אייער אַן איבעררייס, וואָס האָט זיך איינגעאָרדנט אויפן שענסטן אופן, אַ דאַנק אַן אומבאַ־קאַנטער אַלטיטשקער. יעדן דינסטיק פלעגט זי אַ קלונג טאָן ביי דער טיר פונעם אינזשענירס דירה און אים דערלאַנגען אַ היפּשן קויש און דערביי געמורמלט מיט אַ פאַרשטיקטער שטים:

— גאָטס ברכה אויף דיין קאָפּ, יונגער מאַן!

און דאַן איז זי אַוועק. אָבער איין מאָל, דווקא פאַריקע וואָך, האָט די זקנה זיך אָפּגעשטעלט אַ רגע אויפן שוועל און זיך דערוועגט צו פרעגן:

— ווו ביסטו עס פאַרוווּנדיקט געוואָרן, טייער קינד?

— ביים קאַנאַל.

דערמיט האָט זיך געענדיקט זיין אינערלעכער געראַנגל וואָס שייך זיין מצב. דער גיפּס האָט אַריינגעטראָגן אַ נייעם אינהאַלט אינעם לעבן פון אינזשעניר גליק און האָט באַרייכערט מיט אַ מאַסע אָפּענע אָפּציעס, ביז דער מענטש האָט באַשלאָסן צו טראָגן דעם גיפּס נאָך דריי חדשים, און אפשר גאָר שטענדיק, אָדער לכל הפחות — ביז וואַנען ס׳וועט ווערן שלום, אָדער ביז ביידע דאַטעס צוזאַמען...



# פֿאַרטאַטשיע, מיין ליבע

ביים מזרח־ברעג פֿונעם מיטללענדישן ים־בעקן, ערגעץ ווו אַרום דעם קינאָ מוגראַבי, איז פֿאַראַן אַ קליינינקע, אָבער פֿאַרט גרויסע רעפּובליק, וואָס רופֿט זיך אייבערפֿאַרטאַטשיע. דער קלימאַט פֿון אַ־דעם מדינהלע איז זייער סובטראָפּיש. די פֿייכטיקייט און די שטייערן זענען דאָרט אויסערגעוויינלעך הויכע, און צוליב דעם האָט זיך געשאַפֿן אין יענעם קאַנט אַ נייער סאָרט בירגער מיט אַ בולטן גאַליציאַניש־אָריענטאַלישן וועלטבאַנעם — דער באַקאַנטער שבט פֿון פֿאַרטאַטשיאַנער.

דעם פֿאַרטאַטשיאַנער פֿון אַ גאַנץ יאָר דערקענט איר כהרף־עין אָן דער גע־ווינהייט, אַז האַלב פֿיר מוז ער זיין אין חיפֿה, אָבער ער פֿאַרשפּעטיקט זיך בטבע. דאָס מיינט, נישט ער פֿאַרשפּעטיקט זיך, נאָר ער קומט גאָר בכלל נישט. אויב איר ווילט אים דווקא געפֿינען, דאַרפֿט איר זוכן אויף ערטער ווו ס'הענגט אַ שילדל: אַריינגאַנג שטרענג פֿאַרבאָטן! קומט ערגעץ ווו אַריין אַ פֿאַרטאַטשיאַנער, וועט ער באַטאַפּן אַלץ וואָס די הענט זיינע דערגרייכן, כדי צו דערגיין צי ס'איז טאַקע עכט. דערזעט ער אַ סענדוויטש, טוט ער אַ ביים אַריין. דערזעט ער אויף דער וואַנט אַ קאָנטאַקט, וועט ער אַ דריי טאָן. ער האָט ליב צו נישטערן אין קעשענע, אין שופֿלאָדן, אין דער נאָז. דער נאַציאָנאַלער סימן פֿון אַ בירגער פֿון אייבער־פֿאַרטאַטשיע איז אַ פֿלאַש צופּוסנס. אומעטום אין דער וועלט ווו מענטשן זיצן — אין אַ קאָנצערטזאַל צי אין אַ קינאָ — אויב איר וועט דאָרטן דערהערן, ווי אַ פֿלאַש קייקלט זיך אויפֿן דיל — טאָ זייט וויסן, אַז דאָרט זיצט אַ פֿאַרטאַטשיאַנער.

און נאָך אַ צוגאָבלעכער נאַציאָנאַלער דערקען־סימן: די שליסלען. ביים פֿאַר־טאַטשיאַנער אין קעשענע געפֿינען זיך בדרך־כלל 21 שליסלען, אַ טוץ פֿון זיי זענען פֿאַריתומטע אָן טאַטעס. קומט דער פֿאַרטאַטשיאַנער אַהיים צו וועטשערע, וועט ער אָוונט־איין אָוונט־אויס אויספּרוּוון אַכט שליסלען, ביז וואַנען ער וועט זיך אָנשטויסן אויפֿן פּאַסיקן, אָבער אים אַרט עס נישט, מחמת ער איז דאָך אַ פֿאַרטאַטשיאַנער פֿאַראַן ביי אים אויך אָן אַנדער ברירה: פֿאַרלירן דאָס גאַנצע בינטל שליסלען. ער איז אַ מאדים אויף פֿאַרלירן. איינער אַ געהיים־אַגענט פֿון אַ וואַזשנעם פֿאַרטאַטש־יאַנישן אַמט איז אַנומלט אָנגעקומען קיין סטאַמבול מיט סודותדיקע מלוכה־פּאַפּירן און ווי נאָר ער האָט געעפֿנט די דיפּלאָמאַטישע טעקע זיינע, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז ס'איז גאָר זעלמאָס, זיין ווייבס, קאָסמעטישער טאַש. דער פֿאַרטאַטשיאַנער שערלאָק־האָלמס האָט זיך פֿאַרענטפֿערט, אַז מען האָט אים באַפֿוילן צו פֿירן קאָסמע־טיק קיין סטאַמבול, און האָט פֿאַרענדיקט מיט אַ: „טאָ, איז וואָס!”. ער האָט באַקומען אַ פֿאַרוואָרף און אַנטשעדיקונג. אַצינד איז ער אַן אַסעקוראַציע־אַגענט.

כאַראַקטעריסטיש ביז גאָר איז דעם דורכשניטלעכן פּאַרטאַטשיאַנערס שׂנאה צו כּל־המינים געברויך־אינסטרוקציעס. אויב אויפן וועגטל פון אַ קאַסטן איז אָנגעשריבן: „די דאָזיקע זייט דאַרף בלייבן אויבן", וועט ער דעם קאַסטן לייגן דווקא קאַפּויער. אויב עס לייענט זיך מיט רויטע אותיות אַ וואָרענונג: „גיט אַכטונג! צעברעכלעך!", וועט ער דעם חפץ אַ שליידער טאָן אין דער הייך, זיך פאַרשטאָפּן די אויערן מיט די פינגער און אַוועקשפּרייגען אין אַ זייט. איז אָנגעשריבן: „האַלטן אין אַ טרוקענעם און קילן פּלאַץ!" וועט ער אויף צו־להכעיס דאָס אַוועקלייגן אויפן עלעקטרישן הייצקעסל אין באָדצימער. ס'וועט אָבער נישט שאַטן, ווייל דער קעסל איז סיי ווי קאַליע. נאָך מיט צוויי חדשים צוריק האָט ער גערופן שטוקסן, אָבער דער אינסטאַלאַטאָר איז נישט געקומען. מילא, האָט ער דעם קעסל איבערגעפאַרבט

דער אמתדיקער פּאַרטאַטשיאַנער האָט זייער ליב פרישע פאַרב. אויב עפּעס ווערט שמוציק, פאַרבט ער עס איבער; אויב פאַרזשאַווערט — אַ צווייטע שיכט דאַרף מען אַ חפץ פאַרריכטן דורך עלעקטרישער שווייסונג, וועט ער זיך באַנוצן מיט ביוראָ־קליי. אַנשטאָט שרייפלעך, באַנוצט ער סקאָטש־טייפּ. אויב שוין אַמאָל יאָ שרייפלעך, איז ער יוצא מיט איינעם צי מיט צוויי. נישקשה, ס'וועט שוין האַלטן!

דער פּאַרטאַטשיאַנער עסט טומלדיק, גייט טומלדיק, רעדט טומלדיק, און ער באַקלאָגט זיך אויפן טומל. אַז דער ראַדיאָ ביי אים הייבט אָן צו פייפן, רופט ער דעם טעכניקער אין אַ יאָר אַרום. זאָגט דער טעכניקער: „פּרוווט אויפהייבן דעם ראַדיאָ אויף איין זייט!", ער הייבט אויף — הערט אויף די פייפעריי. ער לייגט אַוועק אַ פּודעלע שוועבעלעך אונטער דער לינקער זייט. ס'נעמט ווידער פייפן, פאַרבייט ער דאָס פּודעלע, אָדער ער פּאַטשט דאָס קעסטל ביי דער זייט און אויבן מיט דער דלאָניע. בכלל האָט דער פּאַרטאַטשיאַנער אַ טבע פון קלאַפּן, אויב עפּעס ווערט קאַליע. באַזונדערס האָט ער ליב צו שלאָגן אַ פּאַטעפאָן. אויב דער פּאַטעפאָן בלייבט אָן עקשן, וואַרט ער איבער אַ טאָג־צוויי און דערלאַנגט אים פון ס'ניי אין דער זייט. דעמאָלט האָט שוין די כּלי קיין ברירה נישט. פאָרט אַ סטערעאָ!

אין גרויסע מאַשינען קאָפּעט ער. שוין אַ קיימא־לן פון אַ טוץ יאָרן, זינט די צענטראַל־הייצונג ביי אים נעמט אַרבעטן ערשט נאָך דעם ווי ער איז דעם טערמאָסטאַט מכבד מיט אַ דריגע. יעדן פרימאָרגן גייט דער פּאַרטאַטשיאַנער אַראָפּ אין קעלער און קאָפּעט, ביז ער צעטראַסקעט אין איינעם אַ טאָג דעם קראַן. דעמאָלט קלינגט ער צו שטוקסן, אָבער דער אינסטאַלאַטאָר קומט נישט, וואָרעם ער איז געפאָרן האַלב פיר קיין חיפה. נו, גיט זיך דער פּאַרטאַטשיאַנער אַן עצה: ער קויפט זעקס נאַפּטאויוונס אַנשטאָט דער צענטראַל־הייצונג. צוויי פון די זעקס אַרבעטן. פּאַרטאַטשיאַנער פּראָדוקציע!

די פּאַרטאַטשיאַנער פּראָדוקטן זענען אָנגעפּיקעוועט מיט זייטיקע עלעמענטן. אין ברויט געפינט איר מעשענע קנעפּלעך, אין די מילך־זעקלעך — פּאָמויעס, אין דער פּיטע — אַ דזשוק, אין דער קאָנסערוון־פּושקע — אַ זייגערל. דאָס פּאַר־טאַטשיאַנישע פאָלק איז אַן עם־הספר, און דערפאַר איז לייכט צו דערקענען יעדעס פּאַרטאַטשיאַנישע בוך, לויט די ווייסע פעדעם, וואָס זענען צוגעקלעפּט מיט הייסער פּאַפּ אויפן איינבונד, און אויך לויט די פינגערדרוקן פונעם אַרבעטער־קלאַס אויפן

ראַנד פון די זייטלעך. אויב אַ פּאַרטאַטשיאַנישער וואַסערקראַן רינט נישט, איז די סיבה אַ פּשוטע: מען האָט אָפּגעשטעלט דאָס וואַסער. אויך די עלעקטריע שטעלט מען אָפּ טאָג־איין טאָג־אויס. סאַראַ חידוש, אַז מען האָט אין דער סטאַנציע איינגע־שטעלט פאַרקערט די טורבינעס! איצט פאַרבט מען זיי. יאָסקע.

דער אמתער פּאַרטאַטשיאַנער גלייבט אין אַ גלגול־נשמות פון חפצים. מיט אַ נעגל־פּוצער ציט ער צונויף שרייפלעך, מיט אַ בלייפעדער רייניקט ער די נעגל מיט אָפּגעברענטע שוועבעלעך שרייבט ער. ער פאַרצייכנט טעלעפאָן־נומערן אויף אַ צעריסענעם פּאַפּיראָסן־שאַכטל, כדי ער זאָל זיי לייכטער פאַרלירן.

אויב דער פּאַרטאַטשיאַנער איז דענערווירט, טעלעפאָנירט ער. דאָס וואָרט „פּ אַ ר נ ו מ ע ן!" באַרויִקט אים. אויב ס'איז אָבער נישט פאַרנומען, לייגט ער צוריק דאָס טרייבל און ווייסט, אַז ס'איז געווען אַ טעות. אַז די דענערווירטקייט ווערט שטאַרקער, נעמט ער אַ הלוואה אויף היפּאָטעק און פאָרט אַוועק. דער שטאָלצער פּאַרטאַטשיאַנער האָט האָלד פרייהייט, ווייסן סטייק, קויפן אויף ראַטעס, דער עיקרשט מיקסערס.

ער האָט ליב היגיענע, ריינקייט. ווייסן קעז פאַרפּאַקט ער נאָר אין צייטונגען דער עסטעטישער חוש איז ביי אים אַנטוויקלט: ער שטעלט אַוועק אַן עלעקטרישן סלופּ פאַר יעדן הויפּט־אַריינגאַנג. טאָוולען מיט אינסטרוקציעס. אָפט רייסט ער אויף דעם ברוק אויפן שאָסיי. קאַבעלס, רערן. פון נייגער.

דאָס פּאַרטאַטשיאַנישע לשון פאַרמאָגט אַ רייכן אוצר מיט אויסדרוקן. „ס'וועט זיין גוט", מיינט אַן אומגליק; „פאַרלאָז זיך אויף מיר!", מיינט אַ נעכטיקער טאָג; „תיכף", הייסט אין צוויי שעה אַרום; „אַ טאָג־צוויי", מיינט אַ יאָר; „נאָך די יום־טובים", מיינט קיין מאָל נישט.

אויב אַ פּאַרטאַטשיאַנער וויל אייך אָפּזאָגן, זאָגט ער: „טוט מיר אַ קלינג!"

„איז וואָס!" מיינט טאַקע איז וואָס, צי אַ בוידעם.

אין דער מלחמה איז ער כמעט תמיד דער זיגער. דער פּאַרטאַטשיאַנער פאַר־קירעווועט דעם טאַנק זיינעם בכיוון אין אַ פאַרקערטער ריכטונג, כדי צו כאַפּן אַ דרעמל, צעברעכט פאַר איין וועגס דעם שונא די ביינער און קערט זיך אום אַ זיגער ער לאָזט זיך אַוועק צום פראָנט מיט אַ קאָלאָנע לאַסטאויטאָס, פירט אַלץ מיט זיך: אַ האַרמאַט, אַמוניציע, אַ קאָנסערוון־אויפמאַכער — אַלץ, אַ חוץ אַ שליסל אויף איבערבייטן רעדער. טרעפט זיך אונטערוועגס אַ דעפעקט, פאַרהאַקט ער זיך אין סאַמע מיט פונעם פראָנט. טרעפט זיך אָבער גאָרנישט, באַזיגט ער דעם שונא.

אַחוץ מיליטערישער זיכערקייט אינטערעסירט אים גאָרנישט, סיידן דער פוטבאָל־קלוב „מכבי־יפו" און אַביגדורס בר־מצוה. ער האָט אויך ליב פּיקניקס, קעז, פּאַפּירן. אויב די פּאַרטאַטשיאַנישע רעפּובליק וועט אין גיכן איינגעמען די לבנה, וועט מען אויף איר געפינען אַן אַמעריקאַנישע פאָן, אַ סאָוויעטישן האַמער און סערפּ, אַ ספּאָרטצייטונג מיט אַ האַלבער מאַרגאַרינע און 138 ליידיקע פלעשער. שוועפּס.

ער איז בעצם אַ גאָר ווױלער בחור, דער פּאַרטאַטשיאַנער פון אַ גאַנץ יאָר.

ער וואָלט גערן פֿאַרברענגט דעם גאַנצן טאָגביים ים און זיך אָפּגעסמאַליעט אין אַ ליגשטול, ווען דער שטול זאָל נישט זיין צעבראָכן. דאָס פּיסל האָט ער דווקא יאָ פֿאַרקלעפּט מיט פּלאַסטעלין, אָבער ס'האָט נישט געכאַפּט. נו, וועט מען מוזן דעם ליגשטול אָפּפֿאַרבן. נישט געקוקט דערויף, איז אַלץ אין אָרדענונג. באמת, מען קאָן לעבן לויטן פֿאַרטאַטשיאַנער שטייגער. ס'איז בלויז אַ פֿראַגע פֿון געוווינהייט.



**אפרים קישון** ווערט באַטראַכט פאַר דעם נאַציאָנאַלן הומאָריסט פון ישׂראל; זיינע ביכער, פיעסן און פילמען האָבן אים באַרימט געמאַכט אין דער גאַנצער וועלט און אים פאַרוואַנדלט אין אַן ערשטראַנגיקן פאָרשטייער פונעם קינסטלערישן רענעסאַנס אין ישׂראל. ער געהער צו די פּאָפּולערסטע איצט־לעבעדיקע סאַטיריקער אין דער וועלט.

די פיעסן פון אפרים קישון, ווי די רומפולע „הכתובה" און „הו הו יוליה", ווי אויך זיינע פילם־קאָמעדיעס „סלח שבתי" (1965) און „השוטר אזולאי" (1972) — אויסגעצייכנטע דורך אַמעריקאַנישע אַקאַדעמיע־פרייזן און פראָדוצירטע און רעזשיסירטע דורך אים אַליין — האָבן דערגרייכט די גרעסטע פּאָפּולערקייט אין ישׂראל און זיי זענען געוואָרן אויפגעפירט, אויף דער בינע און אין טעלעוויזיע, אין אַ סך וויכטיקע טעאַטער־צענטערס אין אויסלאַנד.

זינט 1952 פאַרעפנטלעכט אפרים קישון זיינע סאַטירישע פעליע־טאָנען אין דער גרעסטער ישׂראלדיקער טאָגצייטונג „מעריב". ער האָט אָנגעשריבן אַרום דרייסיק ביכער, סאַטירעס, ראָמאַנען און פיעסן אויף העברעיִש. זיינע לעצט־דערשינענע ביכער אין ענגליש: „דער לוויתן מיט אַ ים־קראַנקייט", „אַנטשולדיקט, וואָס מיר האָבן געזיגט" און „דער חכם שלמה", זענען פאַקטיש איבערגעזעצט געוואָרן אויף אַלע מערבדיקע שפּראַכן און האָבן באַקומען באַגייסטערטע רעצענזיעס.

אפרים קישון האָט באַקומען דעם ישׂראלדיקן הערצל־פרייז, דעם זשאַבאָטינסקי־פרייז, דעם נאָרדוי־פרייז פאַר ליטעראַטור און אויך דעם סאָקאָלאָוו־פרייז פאַר באַדייטנדיקע זשורנאַליסטישע דערגרייכונגען.

אפרים קישון איז געבוירן אין בודאַפּעשט אין יאָר 1924. נאָכן פאַרענדיקן די מיטלשול האָט ער שטודירט קונסט־געשיכטע אויפן בו־דאַפּעשטער אוניווערסיטעט. נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה און נאָכן ניצול ווערן פון די דייטשע און רוסישע לאַגערן איז ער עולה קיין ישׂראל, ווו ער פילט זיך ענדגילטיק ביי זיך אין דער היים.